ספר

# קהל חסידים

עם

# סיפורי אנשי שם

---

אין דיזע ספר ווערט דערציילט זייער פיל וואנדערליכע מעשיות מרבותינו הקדושים חסידי עליון . צדיקי יסודי עולם דהיינו פון הקדוש רבי ישראל בעש"ט מטעזיבוז זכר צדיק לברכה אויך פון זיינע תלמידים אויך פון אנדערע גרויסע צדיקים. זייא ווערין אלע אויס גירעכינט (מעבר לדף):

מיר האבין מוסיף גיוועזן ד׳ א מעשה פון דעם הרב רמ״א אין דיא מעשה פון דעם מהרש״א ז״ע :

נאך האבין מיר אצינד מוסיף גיוועזן אלע מעשיות פון דיא תנאים ואמוראים וואס געפינט זיך אין דר גמרא אין מדרשים ז״ע :

---

# לעמבערג

בדפוס של הר״ר דוד באלאבאן ז״ל
בשנת תרע״א לפ״ק

---

 Khal Chasidim

Lemberg
Druck und Verlag von
DAVID BALABAN 1910

# שמות הצדיקים המובא בספר הזה

הרב הקדוש רבינו דוב בער המגיד ממעזריטש בנו הרב הק׳ ר׳ אברהם המלאך. הרה״ק ר׳ יעקב יוסף הכהן בעל התולדות הרה״ק מוה׳ יצחק מדרהאבימש. בנו הרה״ק רבי יחיאל מיכל מזלאטשיב. בניו הקדושים מוהר״ר יוסף מיאנפלו ומו״ה בנימין וואלף מזבאריז. הרה״ק רב פינחס מקארי״ץ. הרה״ק ר׳ גרשון קוטווער. הרה״ק ר׳ ליב שרהס. הרה״ק ר׳ נחמן מהארידענקי הרה״ק ר׳ נחמן קאסאוו ער הרה״ק רבי וואלף קוצעס. הרה״ק רבי דוד פורקעס. הרה״ק ר׳ מנחם נחום. מטשערנאביל. הרה״ק רבי דוד מסוקולאייב. הרה״ק רבי יחיאל מרגליות אבד״ק הוראדני. הרה״ק רבי דוד מ״ם דק״ק קאלאמיי. הרה״ק מהו׳ אריה ליב (נקרא בשם שפאלער זיידע). הרה״ק רבי מרדכי מנשחיז. הרה״ק רבי מנחם מענדיל מוויטעפסק. האחים הקדושים רבי ברוך ממעזיבוז. ורבי משה חיים אפרים נכדי הבעש״ט הקדוש ז״ל. הרה״ק רבי שניאור זלמן הרב מלאדי. תלמידו הרה״ק ר׳ אהרן הלוי מסטראשעלע. האחים הקדושים רבי אלימלך מליזענסק רבי משולם זישע מהנופאלי. הרה״ק רבי מאיר הלוי הורוויץ מטיקטין. בנו הרה״ק ר׳ צבי הירש מטשארטקוב. בניו הקדושים נשיאי הלוים רב שמעלקי ורב פנחס בעל הפלאה. הרה״ק רבי לוי יצחק מבארדיטשוב. הרה״ק רבי אהרן מקארלין. הרה״ק רבי שלמה מקארלין. הרה״ק רבי ליב המוכיח מפולנאי. הרה״ק רבי ישראל מפאליצקער. הרה״ק מוהר״ר הירש ליב מאליק. הרה״ק רבי עזריאל מקאזון. הרה״ק מוהר״ר חיים יוסף דוד אזולאי. הרה״ק רבי משה ליב מסאסעווער. הרה״ק רבי ישראל מ״ם דק״ק קאזעניץ. הרה״ק רבי יעקב יצחק הלוי מלובלין. הרה״ק ר׳ אברהם יהושע העשיל מאפטא הרה״ק מוהר״ר אורי מסטרעליסק הרב הקדוש רבי ישראל מריזין ומסאדעגערי. הרה״ק מוהר״ר צבי הירש מזידוטשוב. הרה״ק מוה׳ גדליה מזעליחאב: זי״ע ועכי״א:

מיר האבען מוסיף גיוועזן ד א מעשה פון דעם הרב רמ״א אין די מעשה פון דעם מהרש״א זי״ע:

דיא חכמים זכרונם לברכה זאגון אונ מדרש רבה (במדבר פ׳ כא) כשם שהקב״ה מתעסק בשבחן של צדיקים לפרסמן בעולם וכו׳ פנחס פרסמו לשבח וכו׳ עליה נאמר זכר צדיק לברכה. דס אוז אזו ווי הקב״ה אוז עוסק מפורסם צו זיין דם שבח פון דו צדיקים דם הייסט בקאנט צו מכון פר דו גנצו וועלט אז אלו זלן וויסן דם שבח אונ דו מעשים פון צדיקים אזו ווי מור גפינן אז דו תורה הקדושה הט מאריך גוועען אונ דו ספורים פון אונזרו היילוגע אבות. דו נסים ווס מוט זיי אוז גשעהן אונ דו נסים ונפלאות ווס זיי הבן בוויזן אזו ווי משה רבינו ע״ה אונ יהושע. אזו אויך דו נביאים. ווס נאך זיי זענן גוועען אליהו אונ אלישע ווי זיי הבן מחיה מתים גוועען אונ האבן איין גהלטן רעגון. אונ האבן גגעבן רעגון אונ פון ביטר וואסר האבן זיי גמכט זים דם וסר. אונ פון אביסל אייל הא טלישע פול גמכט פול פעסר מוט דם בום אייל. אונ פון אביסל מעהל מוט אביסל בום אייל הט איין אשה מוט אירע קינדר גלעבט אגנץ לאנגו צייט אונ נאך זייער פול ניסים. אונ גאט ב״ה וויל הבן אז מען זאל דם מפרסם זיין אוף דר וועלט כדי אלו מענשן זלן זעהן ווס פר אכח גאט ב״ה הט גגעבן צו דו צדיקים אז זיי זלן קענן משנה הטבע זיין דם הייסט צו פר ענדרן דו נאטור אונ דם פיהרונג פון דר וולט. אזו ווי דר זוהר הקדוש פרעגט אוף דם פסוק ווס ירמיה הנביא הט גזגט (כי בכל חכמי הגוים ובכל מלכותם מאין כמוך) דם אוז טייטש אז צווישן אלו חכמים פון דוא פעלקר אונ צווישן אלו זייערו מלכים איז נוט דא דיין גלייכן פרגט דר זוהר הקדוש ווס זגט עפום דר פסוק אז צווישן דו חכמים פון דו אומות אוז נושט דא זיין גלייכן אבר צווישן דו חכמים פון דו ישראל איז יוא דא זיין גלייכן ענפרט דר זוהר יוא. אז צווישן דו חכמי ישראל אוז יוא פר הגדן זיין גלייכן אזו ווי גאט ב״ה גוט רעגן אזו גפינן מור אז גאט ב״ה הט גגעבן דם כח צו דוא צדיקים אז זיי זאלון אוך קענין געבן רעגון. אזו ווי גאט ב״ה אוז מחיה מתים. אזו קענן צדיקים אוך מחיה זיין אזו ווי גאט ב״ה קען משנה הטבע זיין אזו קענון דו צדיקים אוך משנה הטבע זיין אזו ווי מור גפינן ביי דו נביאים אונ כמה תנאים ואמוראים אונ גרוסו צדיקים ווס זיי האבן גוויזון גרוסו מופתים ניסים ונפלאות וויל גאט ב״ה הט זיי גגבן דם כח אז זיי זלן דם אוך קענון טון אבר אנדרו חכמים קענון דם נוט טון וויל זיי הט ער דם כח נוט גגעבן דאדורך זאגט דר פסוק רעכט אז נאר צווישן אלו חכמים פון אנדרו אומות אוז נוט זיין גלייכן אזו אוז אויך אמצוה מפרסם צו זיין דו מעשים פון דו צדיקים פון יעדין דור. אז מען זאל זעהן דו גרוסו השגחה פון הקב״ה אוף אלו אונ נאך מעהר אוף דו צדיקים דו ווס בהעפטון זוך אן אום אין זיינו מדות אונ גייען אונ זיינו וועגן. גוט ער זיי איבר פון זיין כח אז זיי זלן קענן טון פון דו אייגונו פעולות נסים ונפלאות אזוווי ער כביכול אליין. אונ זלכו צדיקים ווס זענון זוכה דר צו זענן ביי אום טייערר ווי דו הימל אונ ערד אונ דו גנצו וועלט אזו ווי מור הבן גלערינט אונ גמרא כתובות (דרש בר קפרא גדול מעשי צדיקים ממעשי שמים וארץ) דם אוז טייטש דר תנא בר קפרא הט גדרשות אז דו מעשים פון צדיקים אוז גרעסור פון דו בשפנוש פון הימל אונ ערד אונ דר תנא שמואל בר נחמני זגט אוף דם דם ווס דר פסוק שרייבט (צדיק מושל ביראת אלהים) דם אוז טייטש אז דר צדיק גוועלטיגט מוט דו פרכט פון גאט ב״ה דם הייסט אז גאט ב״ה הט גגעבן דו צדיקים דם כח אז וון גאט ב״ה אוז גוזר אגזירה רעה אוף דר וועלט הט ער גגעבן כח צו דו צדיקים אז זיי קענן דם מבטל זיין אוך ווס דר צדיק זגט קען מקוים ווערן אזו ווי דר פסוק זגט ותגזר אומר ויקם לך דם אוז טייטש אז אלץ ווס

דער צַדיק זָאגְט אוּנ אוּז גוזר אוּז גָאט ב״ה מְקַיֵים אוֹךְ שְׁטֵייט אוּנ פָּסוּק אוֹף דוּ צַדִיקִים יִתֶּן לְךָ כִּלְבָבֶךָ וְכָל עֲצָתְךָ יְמַלֵא דָס הֵייסְט אַז גָאט ב״ה גוּט דֶם צַדִיק וָוס זַיין הַרְץ פַּר לַנְגְט אוּנ אַלוּ זַיינוּ עֵצוֹת וָוס דֶר צַדִיק גוּט גָאט ב״ה מְמַלֵא זַיין אַזוֹ זֶעהְן מִיר דָאךְ דֶר פוּן אַז דֶעם כֹּחַ צוּא טוּן נִסִים וְנִפְלָאוֹת וָוס זֶענוּן חוּץ לְדֶרֶךְ הַטֶבַע הָט גָאט ב״ה גֶגֶעבּוּן צוּ זַיינוּ צדיקים דוּ וָוס לֶערְנוּן זַיין תּוֹרָה אוּנ זֶענוּן מְקַיֵים זַיינוּ מִצְוֹת אוּנ גֵייעֶן אוּנ זַיינוּ וֶועגְן אַזוֹ וְוי מוּר זֶעהְן פַּר צַייטוּן בַּיי זַיינוּ הֵיילִיגוּ נְבִיאִים אוּנ דֶער נָאךְ בַּיי דוּא תַּנָאִים וְאֲמוֹרָאִים וְוי מוּר גֶפִינֶען אוּנ גְמָרָא וּמְדְרָשִׁים כַּמָה מַעֲשִׂיוֹת נִסִים וְנִפְלָאוֹת פוּן זֵיי אוּנ דֶר נָאךְ דוּא גְאוֹנִים דוּ צַדִיקִים וָוס עֶס זֶענוּן גְוֶוען אוּנ דוּ שְׁפֶּעטִירוּ דוֹרוֹת הָבֶּן אוֹךְ גְטוּן וְוי פוּל וְוינֶדֶרְלִיכוּ זַכֶן וְוי מוּר גֶפִינֶן אוּנ כַּמָה סְפָרִים וְוינֶדֶרְלִיכוּ מַעֲשִׂיוֹת פוּן כַּמָה צַדִיקִים כִּמְעַט אוּנ אַלוּ דוֹרוֹת אַזוֹ וְוי מִיר גֶפִינֶן אוּנ סֵפֶר שְׁאֵרִית יִשְׂרָאֵל אוּנ אִין סֵפֶר שַׁלְשֶׁלֶת הַקַבָּלָה אֵיין מַעֲשֶׂה פוּן דֶעם רמב״ן דֶר רמב״ן זִכְרוֹנוֹ לִבְרָכָה אוּז אַמָאל גְגַאנְגוּן אוּנ אַיוּמָא דְפַגְרָא דָס הֵייסְט אַזוֹ אַטָאג וָוס תַּלְמִידֵי חֲכָמִים רִיאוּן זוּךְ אָפּ אַבִּיסֶל פוּן זֵייעֶר לֶערְנוּן אוּנ גֵייעֶן זוּךְ אַבִּיסֶל שְׁפַּצִירֶן מוּט דוּ תַּלְמִידִים אַזוֹ וְוי רֹאשׁ חוֹדֶשׁ שְׁלֹשָׁה יְמֵי הַגְבָּלָה אוּנ דֶר גְלַייכוּן אוּז דֶר רמב״ן ז״ל אוּנ אַזוֹ אַטָאג אוֹךְ אַבִּיסֶל גְגַאנְגֶן מוּט דוּא תַּלְמִידִים צוּם יַם זֶעהְן וְוי מֶען וֶועט אַנַייאוּ שׁוּף אַגְרוֹסוּ אַרָאפּ לָאזוּן אוּנ יַם הָט עֶר גֶזֶעהְן וְוי עֶס הָבֶּן אַרוּם דֶעם גְאַרְבֵּייט מֶער וְוי צְוֶוויי הוּנֶדֶרְט מֶענְטְשׁוּן אוּנ הָאבֶּן נוּט גְקֶענְט דוּא שׁוּף וָוס אוּז אַזוֹ גְרוֹס וְוי דָס גְרֶעסְטוּ הוֹיז אַרַיין לָאזוּן אוּנ יַם אוֹיךְ זֶענוּן דֶר בַּיי גְוֶוען זֵייעֶר פוּל מֶענְשׁוּן דָס צוּ זֶעהְן וְוי דֶר רמב״ן הָט צוּא גֶזֶעהְן אַז עֶס אַרְבֵּייטֶן דָר בַּיי אַזוֹ פוּל מֶענְשֶׁן אוּנ קֶענוּן נוּט דוּ שׁוּף רִירֶן פוּן דֶם אוֹרְט אוּנ טְרַכְטֶן עֵצוֹת אוּנ תַּחְבּוּלוֹת וְוי אַזוֹ דוּ שׁוּף אַרַיין צוּ לָאזֶן דֶר בַּיי וַואר אוֹךְ דֶר מֶלֶךְ פוּן דֶרְט הָט דֶר רמב״ן ז״ל גְזָאגְט צוּ זַיינוּ תַּלְמִידִים שְׁטִילֶר הֵייט דֶר בַּיי אַרְבֵּייטֶן אַזוֹ פוּל מֶענְשׁוּן אוּנ קֶענוּן נוּט דוּ שׁוּף אַרָאפּ לָזוּן אוּנ יַם וֶוען אוֹךְ זָל וָועלוּן קֶען אוֹךְ מוּט אֵיין וָוְרט אַרָאפּ לָזוּן דוּ שׁוּף אוּנ יַם הָט דָס אֵיינֶר גְהֶערְט וְוי עֶר הָט דָס אַזוֹ גְזָאגְט אוּז יֶענֶר גְגַנְגֶען צוּם מֶלֶךְ אוּנ הָט גְזָאגְט אַז דֶר רמב״ן הָט אַזוֹ גְזָאגְט הָט דָר קֶענוּג גְשׁוּקְט רוּפֶן צוּ זוּךְ דֶם רמב״ן אוּנ הָט אוּם גְפְרֶעגְט אוֹב עֶר הָט אַזוֹ גְזָאגְט דֶר רמב״ן אָבֶּער הָט דָס נוּט גְקָנְט לֵייקֶענוּן וַוייל עֶר הָט בַּיי זוּךְ גְוִויסְט עֶר הָט דָס בֶּאֱמֶת גְזָאגְט מִן הַסְתָּם הָבֶּן דָס מַאנְכוּ מֶענְשֶׁן גְהֶערְט וְוי עֶר הָט דָס אַזוֹ גְזָאגְט אוּנ אַז עֶר וֶועט יֶעצְט זָגוּן פַּר דֶם קֶענוּג אַז עֶר הָט נוּט אַזוֹ גְזָאגְט וֶועלוּן אוּם דוּ מֶענְשֶׁן וָוס זֵיי הָבֶּן דָס גְהֶערְט זָאגוּן אוּנ דוּ אוֹגֶן אַז זֵיי הָבֶּן פוּן אוּם דָס גְהֶרְט וֶועט עֶר דָאךְ בְּלַייבֶּן אַלִיגֶנֶר הָט עֶר נוּט גְוָואלְט לֵייקֶנֶן עֶר זָאל וְוידֶר זָאגוּן אַז יוֹא וֶועט עֶר דָאךְ דָם מוּזֶן וַוייזֶן עֶר הָט אָבֶּר נוּט גְוָולְט אַז מֶען זָאל פוּן אוּם וִויסֶן מֶען זָאל אוּם דֶר פַּר קַיין כָּבוֹד נוּט אָן טוּן וָורוּם דוּ צַדִיקִים אַנְטְלוֹפוּן פוּן כָּבוֹד אַזוֹ אוּז בַּיי אוּם גְבְּלִיבֶּן עֶר זָאל זָגְוִיוֹא אַז עֶר הָט אַזוֹ גְזָאגְט אוּנ אַז דֶר מֶלֶךְ וֶועט זָגוּן צוּ אוּם נוּא וַוייז אוּנ זַיי מְקַיֵים דַיינוּ רֵייד וֶועט עֶר זָגוּן עֶר קֶענְדָם אַנְדֶערְשׁ נוּט בַּוַוייזֶן סַיידֶן עֶר זָאל זַיין אוֹף דֶם יַם אוּנ אַקְלֵיין שִׁיפֶל כֵּ״י עֶר זָל קֶענוּן בַּלְד דֶר נָאךְ אַנְטְלוֹפֶן אוּנ אַזוֹ הָט עֶר. אוֹךְ גְטוּן הָט עֶר זוּךְ אַרַיין גְזֶעצְט אוּנ אַקְלֵיין שִׁיפֶל מוּט אַגוֹי אַשׁוּפֶר אוּנ עֶר הָט גְזָאגְט אַשֶׁם אוּז דוּ גְרוֹסוּ שׁוּף תֵּיכֶף וּמִיַד אַרַיין גְפְלוֹגֶן אָן מוּה אוּנ וְוידֶר הָט עֶר גְזָאגְט אַשֶׁם פוּנְקְפִיצַת הַדֶרֶךְ אוּז עֶר מוּט דֶם קְלֵיינֶם שׁוּפֶל מוּט דֶם אָפּ גְלָפֶן אוּנ אַהַלְבּוּ שָׁעָה וְויפוּל הוּנֶדְרְט מַייל נָאר אוּנ אֵיין אַנְדֶרוּ מְדִינָה אוּנ וְוי זֵיי זֶענוּן גְקוּמֶן צוּם בָּרְט דָם הֵייסְט יַבָּשָׁה זֶענוּן זֵיי אַרוּם גְגַאנְגוּן פוּן דֶם:

# הקדמה

קליינום שוטל הט דר גוי דר שופר דער קענט אז זיי זענון גאר אונ איין אגדרו מדינה וואס מען רעט איין אנדער לשון זאגט דר שיפור צום רמב"ן ז"ל ווי זענון מיר דא אונ דער וועלט ווי אזו וועל איך קענין צו רוק קומין צו מיין היים ווי אזו קען מען פרון אזו אגרוסין ים אונ דר צי נאך אזו אווייטון וועג אין אזו אקליינום שופול הט דר רמב"ן גזגט צו דם שופיר האב קיין מורא ניט • איך וועל דוך צורוק שטעלין אונ איין האלבו שעה וועסטו זיין צורוק אין דיין היים • הט ער אום אוף גשרובין אוף אשטוקל פאפיר אשם אונ הט דם גגעבין דם שופור אז ער זאל דם אן קלעבין אן דם שופול וועט עס גאנץ רוהיג גיין אוף דם גרוסון ים אונ אין אקליינו האלבי שעה וועט ער זיין צו רוק אין זיין היים אונ זיין שטאט . נאר אז ער וועט קימון פרונט פון זיין שטאט זאל ער אפ רייסין דם קוויטול אונ ארייין ווארפין אין ים דר שופיר הט זוך ארייין גזעצט אונ שופיל אונ הט דם צעטלו אן גקלעפט אונ דם שופול . דם שופיל הט זוך גרוקט זייער שנעל אוף דם ים אין דר שופיר איז גזעסון גאנץ רוהיג אונ זוכור . ווייל ער הט גוויסט אז די רייד פון רמב"ן איז רוכטיג ביז וואנון ער איז אנשלאפון גוורון זוצנדיג אוף דעם שופול אונ דם שיפול איז גקימין צו דעם בארט אין זו איז ארום אוף דר יבשה אין דער אייגינור שטאט פון וואנון ער איז גיוועזון איז דם שופיל גגנגון אוף דר יבשה אזו ווי אוף דעם ים ווייל דר שופיר הט גשלאפין אונ הט נוט אפ גריסון דם קוויטול מוט דעם שם זענון זייער פיל מענשין צו זאמון גלאפין זעהן ווי אשופיל רוקט זוך אוף די ערד ווי אפייל פין בוגון אונ אמענש זוצט דרינון אונ שלאפט . פון גרוסרעש פון די מענשין הט זיך דער שופיר אוף גחאפט הט ער זוך דר מאנט הט ער גשווינד אפ גריסון דם קוויטול • איז דם שיפיל גבלובין שטיין אוף דעם ארט ווי זיא איז דאמולם געווען אין מוטון גאס . הט מען גשטעלט אוף דעם ארט אטורים צו אנדענקונג אונ מיהט אוף דעם טורים אוף גשרובון די גאנצו מעשה . זעהון מיר דאך פון דעם אז דער כח איז פון די צדיקים נושט אוועק גינומון געווארין אונ אלו דורות אזו זענון געווען ווי פול צדיקים וואס הבון געוויזון גרוסו מופתים אוך אונ די שפעטורו דורות פין רמב"ן ז"ל אזו ווי דר מהר"ל מפראג הט גמאכט אגולם אמענש פון ליים ווייל ער הט גוויסט אז די גוים פון דארט האבין זוך גמאכט אבונט אלי יודון אום צו שעכטון אונ איין נאכט איז ער דר פון אליין גיווער געווארון אונ קיינר הט דר פון ניט גוויסט הט ער קיינום ניט געוואלט זאגין דר פון כדי זיי זאלון זוך ניט מצער זיין אונ נוט שרעקון ער הט גמכט אמענש פון ליים אונ הט אים גגעבין איין אייזון אונ דר האנד אונ הט אים גשוקט אקעגון די בונטאווניקם וואס האבון זוך צו זאמין גזמולט אוף אפלאץ אונ פין דרטין זאלון זיי כפלון די יודון אונ זיי אום שעכטון הט דר גולם אליין פול פין זיי אום גהרגות פול הט ער אונ ווסיר דר טרענקט וואס ער הט דיא ברוק איין גברכון ווי זיי זענין גשטנון אוף אום אין ווייל דאס איז געווען אים פרייטג צוונאכטם הט דר מהר"ל ז"ל מורא גהט ער זאל ניט חרוב מאכין די וועלט איבער שבת הט ער אום אפ גריסון דם שם וואס ער הט אים אן גקלעפט אונ הט דעם גולם בהלטון . אונ דר עולם הט אונ שול גווארט מוט דעם דאווינין אוף דעם מהר"ל דען ער איז געווען רב אונ פראג • אונ אז מען הט געזעהן אז דער מהר"ל איז ניט דא אונ מען הט ניט גוויסט ווי ער איז . אונ מען הט געזעהן אז עס איז שון שפעט הט מען דער ווייל מקבל שבת געווען . אונ מיט דם מעריב דאווינון הט מען גווארט . אונ דר נאך אז דר מהר"ל איז גיקומין . הט ער גהייסין נאך אמל זאגין (מזמור שיר ליום השבת)

# הקדמה

אִין צוּ לוֹיבּ הָט עֶר אַצִינְד מְקַבֵּל שַׁבָּת גְוֶועֶן . דֶר נָאךְ הָט עֶר זַיי דֶר צֵיילְט דוּ גַנְצִי מַעֲשֶׂה פוּן דֶענְסְטְמָל אָן לְזִכָּרוֹן הַנֵּס זָאגְט מֶען דָארְט אוּנ פְּרַאג צְוַייא מָאל מִזְמוֹר שִׁיר לְיוֹם הַשַּׁבָּת אַלוּ פְּרַייטוּג צוּ נַאכְט בּוּז הַיינְט. זֶעהְן מוּר דָאךְ אַז דוּ צַדִיקִים פוּן שְׁפֶּעטוּרוּ דוֹרוֹת הָבּוּן דָם אוּךְ גֶקֶענְט אַזוּ ווִי מוּר זֶעהְן אוּנ סֵפֶר שִׁבְחֵי האריז״ל שְׁבָחֵי ר׳ חַיִּים וִויטַאל ז״ל וְסֵפֶר שְׁבָחֵי בַּעַל שֵׁם טוֹב וָוס זֵייא הָאבּוּן אוּךְ פוּל נִסִּים וְנִפְלָאוֹת אוּנ גְרוֹסוּ מוֹפְתִים גְוִויזוּן אוּנ נִסְתָּרוֹת מְגַלֶּה גְוֶועֶן אַזוּ אוּךְ זֶענוּן גְוֶועֶן נָאךְ שְׁפֶּעטוּר זַייעֶרוּ תַּלְמִידִים אוּנ נָאךְ אַנְדֶערוּ צַדִיקִים וַחֲסִידִים וָוס זַיי הָאבּוּן גְוִויזוּן נִסִּים וְנִפְלָאוֹת אוּנ גְרוֹסוּ מוֹפְתִים. דַאדוּרְךְ הָאבּ אוּךְ צוּ זַאמוּן גוּנוּמוּן דוּ סְפָרִים אוּנ דוּ מַעֲשִׂיּוֹת וָוס אוּךְ הָאבּ גְהֶערְט פוּן בַּגְלֵייבְּטוּ מֶענְשׁוּן וָואס זַיי הָבּוּן אַלַיין גְזֶעהוּן אוּנ גְהֶערְט פוּן צַדִיקִים וָואס וַוארוּן נוּשְׁט לַאנְג פַר אוּנְזֶרוּ צַייטוּן. אוּנ אוּךְ הָאבּ דָאס גְדְרוּקְט אוּף עִבְרִי טַייטְשׁ כְּדֵי אַלוּ זָאלוּן דָאס קָאנוּן לֵיינוּן אוּנ פַר שְׁטֵיין גְרוֹס אוּנ קְלֵיין. מַאנוּן אוּנ וַוייבּוּר. יוּנְג אוּנ אַלְט זָאלוּן קֶענוּן זֶעהוּן דוּ גְרוֹסוּ מַעֲלָה פוּן דוּ צַדִיקִים וָוס צַדִיקִים קֶענוּן טוּן אוּף דֶער וֶועלְט. זָאלְכוּ נִסִּים וְנִפְלָאוֹת וָואס זֶענוּן פוּל טַייעֶר ווִיא גֶעלְד. אוּנ ווִיא שְׁטַארְק אוּז דֶער כֹּחַ פוּן זַייעֶרוּ תְּפִלּוֹת. אַז מוּט דֶעם קֶענוּן זֵייא פַר רוּכְטוּן אַלוּ פְּעוּלוֹת. זַייעֶרוּ רֵייד וֶוערוּן גְהֶערְט בָּעוֹלָמוֹת עֶלְיוֹנִים. אוּנ זַייעֶרוּ בְּרָכוֹת וֶוערוּן מְקוּיָּם בָּעוֹלָמוֹת תַּחְתּוֹנִים. מֶען דַארְף זוּךְ שְׁטַארְקוּן מוּט אַלוּ קְרֶעפְטוּן אָן זֵייא זוּךְ שְׁטֶענְדוּג צוּ בַּהֶעפְטוּן. פוּן זַיי צוּ לֶערְנוּן זַייעֶרוּ מִדּוֹת. זַייעֶר פְרוּמְקֵייט אוּנ זַייעֶר חֲסִידוּת. פַר זֵייא צוּ הָאבּוּן מוֹרָא. אוּנ צוּ לֶערְנוּן זַייעֶר תּוֹרָה. בִּזְכוּת אֱמוּנַת צַדִיקִים וַחֲכָמִים. וֶועלוּן מוּר גְהָאלְפוּן וֶוערוּן מִמְּרוֹמִים. אוּנ בִּזְכוּת דוּ צַדִיקִים וְחַכְמֵי תּוֹרָתֵינוּ. וֶועט קוּמוּן מָשִׁיחַ צִדְקֵנוּ בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ :

---

# קהל חסידים

דָא וֶועט דֶר צֵיילְט וֶוערְן דָם גְבוּרוּן פוּן הָרַב הַקָּדוֹשׁ ר׳ יִשְׂרָאֵל בַּעַל שֵׁם טוֹב פוּן מֶעזִיבּוּז זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ אָמֵן :

אִישׁ אֶחָד הָיָה וּשְׁמוֹ הָרַב ר׳ אֱלִיעֶזֶר עֶר אִיז גְוֶועֶן אֵיין רַב ר׳ אֱלִיעֶזֶר עֶר הָט גֶוואוֹנְט אוּנ וָואלְחֵיי זֶענוּן גְקוּמוּן טָאטֶרוּן אוּנ הָבֶּן גְחַאפְּט הָרַב ר׳ אֱלִיעֶזֶר אוּנ דֶר שִׁבְיָה אוּנ זַיין וַוייבּ אִיז אַנְטְלָאפֶּן גְוָורֶן אִין אוּם הָבֶּן זַיי אַוֶועק גְפוּרְט אִין אֵיין וַוייטוּ מְדִינָה ווִי קֵיין יְהוּדִים זֶענֶן נוּט דָא אוּנ הָבּוּן אוּם פַר קוּפְט צוּ אֵיין שַׂר הָט עֶר נוֹשֵׂא חֵן גְוֶועֶן בַּיי דֶם שַׂר מַחֲמַת עֶר הָט אוּם עֶרִינְסְט גֶדִינְט דֶר שַׂר הָט אוּם גֶמַכְט שַׁפּוּן אוּבֶּר גָאר זַיין הָבּ אוּנ דֶר רַב הָט גְבֶּטוּן דֶם שַׂר עֶר זָל אוּסלָזוּן רוּאֶן אוּם שַׁבָּת הָט עֶר אוּם צוּ לִיבּ גֶטוּן אֵיין מָאל הָט דֶר רַב גְוָולְט אַנְטְלוּפוּן אוּז מֶען אוּם גֶקוּמֶן צוּ חָלוֹם אַז עֶר דַארְף נָאךְ זַיין אֵיין

סיפורי אנשי שם

מעשה אונ דוּא גְמָרָא פְּסָחִים שְׁטֵייט ר׳ חֲנִינָא בֶּן דוֹסָא גֵייט אֵיין מָאל אוּיף דֶעם וֶועג בַּגֶעגִינְט אוּם אֵיין שֵׁידוֹת זָאגְט זוּא צוּא אוּם מַיין לִיבֶּר מַאן וֶוען מֶען ווָאלְט אוּנ הוּמֶל נוּט אוּים גְרוּפֶן זַייט גְוָוארוּנְט אָן מַיין זוּן ר׳ חֲנִינָא אוּנ זַיין תּוֹרָה אַזוּ וָואלְט אוּךְ דִיךְ מֵמִית גְוֶועֶן . עֶנְפֶּרְט ר׳ חֲנִינָא וַוייל אוּךְ בִּין אַזוּ חָשׁוּב אוּנ הוּמֶל אַזוּ בִּין אוּךְ אוּיף דוּר גוֹזֵר דָם דוּא זָאלְסְט מֶער קֵיין מַאכְט נוּט הָאבֶּן קֵיין מֶענְשׁ צוּא שַׁאדוּן . אַזוּ גוּט אוּם דוּא שֵׁידוֹת פוּל גוּטֶע וֶוערְטֶר דָאס זוּא דוּא צְוַויי טֶעג אוּנ דוּא וָואךְ רְשׁוּת הָאבֶּן זָאל דָם זֶענוּן מִיטְוָואךְ בַּיי נַכְט אוּנ עֶרֶב שַׁבָּת בַּיי נַכְט:

צייט אִין דֶר מְדִינָה. עֶס הָט זוּךְ גִטְרָאפֶן
אַז דֶר שַׂר הָט גִדַרְפְט הָבּוּן איין טוֹבָה
פוּן דֶעם יוֹעֵץ וָוס עֶר אִיז בַּיי דֶעם שֵׁנִי
לְמֶלֶךְ הָט דֶר שַׂר גִגֶעבֶּן דֶם רַב פַר איין
מַתָּנָה צוּ דֶם יוֹעֵץ אוּנ הָט אוּם גִזָאגְט אַז
עֶר אִיז אַחְדוּשׁ דֶר רַב הָט בַּיי דֶעם יוֹעֵץ
נוֹשֵׂא חֵן גִוֶועֶן עֶר הָט אוּם אָפּ גִגֶעבֶּן איין
בַּזוּנְדֶר חֶדֶר צוּ ווֹאנֶן אוּנ הָט אוּם נִיט
גִגֶעבֶּן קיין שוּם אַרְבֶּט נָר דֶר יוֹעֵץ פְּלֶעגְט
קוּמֶן פוּן דֶעם מֶלֶךְ פְּלֶגְט דֶער רַב אוּם
אַקְעגֶן טְרָאגֶן אַבֶּעקוּן וַואסוֹר אָפּ צוּ
וַואשׁוּן דִי פִּיס אַזוֹ וִוי דֶער מִנְהָג אִיז פוּן
אַלוּ שְׂרָרוֹת אוּנ דֶר רַב הָט צייט גִהַט
צוּ דִינֶן גָאט. אַמָל הָט דֶר מֶלֶךְ בַּדַארְפְט
צוּ גֵיין אִין איין מִלְחָמָה אַריין הָט עֶר
גֶשִׁיקְט נָךְ דֶם יוֹעֵץ עֶר זָאל אוּם רָאטוּן
אוּנ מֶען הָט בַּדַרְפְט גְרוֹס חָכְמָה צוּ דֶר
מִלְחָמָה הָט דֶר יוֹעֵץ נִיט גֶוִויסְט וָוס צוּ
עֶנְפֶערֶן אִיז דֶר מֶלֶךְ בְּרוֹגֶז גִוָורוּן אוּנ דֶער
יוֹעֵץ אִיז אַהֵיים גִגַנְגוּן מִיט גְרוֹס צָרוּן אִיז
דֶר רַב אוּם אַקְגוּן גִגַנְגֶן מִיט דֶעם בֶּעקוּן
וַואסֶר הָט עֶר זִיךְ נִיט גִוָואלְט וַואשׁוּן
הָט אוּם דֶער רַב גִפְרֶעגְט וָוס בּוּסְטוּ אַזוֹ
טְרוֹרִג אָבֶּר דֶר עֶנְפֶרְט אוּם נוּט הָט אוּם
דֶר רַב נָאךְ אַמָל גִפְרֶעגְט הָט עֶר אוּם
דֶר צֵיילְט דִי גַאנְצוּ מַעֲשֶׂה זָאגְט דֶר רַב
אִיךְ וֶועל צוּ גָאט בֶּעטֶן וֶועט עֶר מִיר מוֹדִיעַ
זַיין דִי עֵצָה הָט מֶען דֶם רַב מוֹדִיעַ גִוֶוען
מִן הַשָּׁמַיִם הָט עֶר דֶר צֵיילְט דֶם יוֹעֵץ אִיז
דֶר יוֹעֵץ גִגַנְגוּן צוּם מֶלֶךְ מִיט שִׂמְחָה אוּנ
הָט אוּם גִזָאגְט וִוי אַזוֹ עֶר זָאל פִירֶן דִי
מִלְחָמָה. אִיז דֶר מֶלֶךְ זַייעֶר פְרֵיילֶךְ גִוָורֶן
נָאר עֶר הָט גִזָגְט דֶר שֵׂכֶל אִיז נוּט פוּן
אַמֶענְשׁ נָאר דוּ מוּסְט זַיין אַמְכַשֵּׁף הָט
דֶר יוֹעֵץ דֶר צֵיילְט דֶעם מֶלֶךְ אַז דֶער
גְקוּפְטֶר קְנֶעכְט הָט אוּם דִי עֵצָה גִגֶעבּוּן
אִיז דֶר רַב חָשׁוּב גִוָוארֶן בַּיי דֶעם מֶלֶךְ
אוּנ עֶר הָט אוּם גִמַכְט פַר איין עֶלְצְטוּן.
אַמָאל הָט דֶר מֶלֶךְ גִהַלְטוּן מִלְחָמָה אוּף
דֶם יַם אִיז עֶר גְקוּמֶן צוּ אַפֶּעסְטוּנְג הָט דֶר
מֶלֶךְ גִזָאגְט עֶס אִיז שׁוֹן נִיט פְּרִיָּה לֵאמֹר
אִיבֶּר גֶעבְטִינְגֶן מָארְגֶן פְרִיא וֶועלֶן מִיר
דָאס לַאנְד איין גֶעמוּן דֶר רַב אִיז אוּךְ
גִוֶוען אוּנ דֶר מִלְחָמָה הָט מֶען דֶעם רַב
מוֹדִיעַ גִוֶוען מִן הַשָּׁמַיִם אַז דֶם פֶּעסְטוּנְג
אִיז שְׁוֶוער איין צוּ גֶעמֶן. אוּנ דֶר פְּרִי הָט
עֶר גִזָגְט דֶם מֶלֶךְ מֶען זָאל שִׁיקֶן אַשִׁיפֶל
מִיט חַיָּיבֵי מִיתָה הָט מֶען אַזוֹ גִטוּן. וִוי דִי
שִׁיף אִיז גְקוּמֶן נוּט וַוייט פוּן דֶעם פֶּסְטוּנְג
אִיז זִי צוּ שְׁלָגֶן גִוָורֶן. וִוי דֶר מֶלֶךְ הָט דֶם
גִזֶעהֶן הָט עֶר גִפְרֶעגְט וִוי אַזוֹ דֶען זָאל
אִיךְ טוּן הָט דֶר רַב אוּם גִזָגְט וִויא מֶען הָט
אוּם מוֹדִיעַ גִוֶוען מִן הַשָּׁמַיִם אוּנ הָט איין
גְנוּמֶן דֶם פֶּעסְטוּנְג. וִוי דֶר מֶלֶךְ הָט דָאס



מעשׂה דֶער גוּטֶר אַבַּיֵי גֵייט אַמָאל אוֹיף דֶעם וֶועג בַּגֶעגִינְט אוּם איין שֵׁידוֹת זָאגְט זוּא צוּ אוּם וֶוען מֶען וָואלְט נוּט אוּנ הוּמֶל אוֹיס גְרוּפֶן זַייט גִוָוארוּנְט אָן אַבַּיֵי אוּנ אָן זַיין תּוֹרָה אַזוֹ וָואלְט אוּךְ דִיךְ מֵמִית גִוֶוען. עֶנְפֶערְט אַבַּיֵי וַוייל אוּךְ בִּין יוֹא אַזוֹ חָשׁוּב אוּנ הוּמֶל אַזוֹ בִּין אוּךְ אוּף דִיר גוֹזֵר דֶם דוּא זָאלְסְט פוּן אַצוּנְד אָן נוּט הָאבֶּן קֵיין רְשׁוּת אוֹיף דֶעם עוֹלָם דוּא מֶענְשׁוּן צוּ בַּשֶׁעדִיגֶן:

מעשׂה רַבָּא בַּר רַב שֵׁילָא גֵייט אַמָאל אוֹיף דֶעם וֶועג בַּגֶעגִינְט אוּם אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא פְרֶעגְט עֶר אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא לִיבֶּר רֶבִּי זָאג מִיר וָוס טוּט הקבּ״ה אוּנ דֶר צֵייט. זָאגְט אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא עֶר לֶערִינְט אַלוּ הֲלָכוֹת וָוס דִי רַבָּנִים גְלֶערִינְט הָאבֶּן. איין קֵייסֶער דֶער הֵייסְט אַנְטִינִינוּס דֶער לֶערִינְט אַלוּ טָאג בַּייא רֶבִּי תּוֹרָה אוּנ גְרוֹסֶע סוֹדוֹת עֶר הָט אַהֵייל פוּן זַיין הוֹיז בּוּז צוּ רַבִּים הוֹיז דֶם קֵינֶער זָאל נוּט גְוָואר וֶוערוּן דָאס עֶר תּוֹרָה לֶערִינְט. אַלוּ טָאג הָט דֶער קֵייסֶער דֶעם רֶבִּי אוּף גְוַוארְט אַלְס איין מְשָׁרֵת עֶר הָט אוּם עֶסוּן אוּנ טְרוּנְקִין גִבְּרַאכְט אוּיךְ וֶוען רַבִּי הָט גִוָולְט שְׁלָאפוּן גֵיין אַזוֹ בִּיקְט זוּךְ דֶער קֵייסֶער פַר אוּם אוּנ רֶבִּי מוּז אוּף אוּם שְׁטֵייגֶן דָר

גֶעזֶהְן אַז דֶער רַב אִיז אַגֶעטְלִיכֶר מַאן אוּז עֶר נָאךְ מֶער חָשׁוּב גֶוָורֶן נָךְ דֶם אִיז דֶר שֵׁנִי לַמֶּלֶךְ גְשְׁטָרְבֶּן הָט דֶר מֶלֶךְ גְמַכְט דֶם רַב ר׳ אֱלִיעֶזֶר פַּר אַשֵׁנִי לַמֶּלֶךְ אוּנ הָט אִים גְגֶעבְּן דוּ טָאכְטֶר פוּן דֶעם שֵׁנִי לַמֶּלֶךְ פַּר אַוַוייבּ אָבֶּר דֶר רַב הָט זוּ אֲפִילוּ נִיט אָן גֶערִירְט אַמָּל אוּז עֶר גֶעזֶעסֶן מִיט זַיין וַוייבּ בַּיי דֶם טִישׁ הָאט זוּא אוּם גְפְרֶעגְט וָוס בַּטַייט דָם וָוס דוּ בִּיסְט פוּן מִיר אַזוֹ פוּנְוַוייטוּנְם הָט עֶר אוּר גֶעעֶנְפֶּרְט שְׁוֶור מִיר אַז דוּ וֶוסְט פַּר קֵיינֶם נִיט דַרְכְטֶן וֶועל אוּךְ דִיר זָגוּן דֶם אֱמֶת . הָט זִיא גִשְׁוָוירֶן הָט עֶר אוּר דֶר צֵיילְט אַז עֶר אוּז אַיְהוּדִי הֶט זוּ אוּם אַוֶועק גֶשִׁיקְט שְׁטִילֶערְהֵייט אוּנ הָט אוּם מִיט גְגֶעבְּן אַסַאךְ גֶעלְד נָאר אִין מִיטֶן וֶועג הָט מֶן אוּם בַּגְזֵלָת נָאךְ דֶם אִיז גְקוּמֶן אֵלִיָּהוּ ז״ל אוּנ הָט אוּם גֶזָגְט אַז אִין דֶעם זְכוּת וֶועסְטוּ זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבְּן אַזוּן וָוס עֶר וֶועט לַייכְטֶן אוּף דֶר וֶועלְט אוּנ דֶר רַב מִיט זַיין וַוייבּ זֶענֶן אַלְט גְוֶועזְן צוּ הוּנְדֶערְט יָאר אוּנ בַּאלְד אוּז דֶער רַב גְקוּמֶן צוּ זַיין וַוייבּ אוּנ זוּ הָט צוּ מַזָל גְהַט אַזוּן אוּנ דֶער זוּן אִיז גְוֶועזְן הָרַב הַקָּדוֹשׁ ר׳ יִשְׂרָאֵל בעש״ט זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ :

אַז דֶר רַב ר׳ אֱלִיעֶזֶר דֶר פָּאטֶר פוּן דֶעם בעש״ט אִיז נִפְטַר גְוָורֶן פַּר דֶעם טוּט הָט עֶר גְנוּמֶן זַיין זוּן אוּף דֶר הַאנְד אוּנ הָט גֶזָגְט צוּ אוּם חָמְשׁוּ אוּךְ בּוּן דִיךְ נוּט זוֹכֶה מְגַדֵל צוּ זַיין אָבֶּר דוּ זָלְסְט גֶדֶענְקוּן אַז גָאט וֶועט זַיין מוּט דִיר. דוּ זָלְסְט דוּךְ פַּר קֵיין שׁוּם זַאךְ נִיט שְׁרֶעקוּן אוּנ הָרַב אוּז נִפְטַר גְוָוארֶן הָאבְּן דוּ שְׁטָאט לַייט אוּם גֶדִינְגוּן אַמְלַמֵּד צוּ לֶערְנֶן מוּט אוּם נָאר עֶר פְלֶעגְט אַנְטְלוֹפְן אוּנ וַואלְד אַרַיין הָט מֶען שׁוֹנְאוּף אוּם נִיט מַשְׁגִיחַ גְוֶועזְן דֶר נָאךְ אוּז עֶר גְוָוארֶן אַבֶּעלְפֶר אוּנ פְלֶעגְט פִירֶן דִי קוּנְדֶער אוּנ שׁוּל אַרַיין מִיט גְרוֹס גְזַנְג אוּנ פְלֶעגְט מוּט דוּ קִינְדֶער זָגוּן אָמֵן יְהֵא שְׁמֵיהּ רַבָּא מוּט גְזַנְג דָם קוֹל פְלֶעגְט גֵיין בּוּז אוּנְטֶערְן הוּמֶל גָאט ב״ה הָאט גְהַאט נַחַת גְלַייךְ ווִי דוּ לְוִים פְלֶעגְן זִינְגֶן אִין בהמ״ק דֶעם שִׁיר. עֶס אוּז גְוֶועזְן אֵיין עֵת רָצוֹן אוּנ דֶעם הוּמֶל. הָט דֶר שָׂטָן אוּף גְשְׁטֶעלְט אַמְכַשֵּׁף זָאל אוּם מְבַטֵּל זַיין פוּן גָטְם דִינְסְט הָט עֶר זוּךְ פַּר שְׁטֶעלְט פַאר אַחַיָּה וָואס הֵייסְט וָואלְקוּלַאק אוּנ בְּשַׁעַת עֶר פְלֶעגְט גֵיין מוּט דוּ קוּנְדֶר אִין שׁוּל אַרַיין פְלֶעגְט דֶר וָואלְקוּלַאק אוּבֶּר שְׁרֶעקְן דוּ קוּנְדֶר בִּיז אַטֵייל קוּנְדֶער זֶענוּן קְרַאנְק גְוָורֶן פַאר פַּחַד הָאבְּן דוּ בַּעֲלֵי בָתִּים נוּט גְוָואלְט לָזוּן דוּ קוּנְדֶר גֵיין אִין שׁוּל אַרַיין הָט עֶר זוּךְ דֶר מַנְט אַז זַיין פָּטֶר הָט אוּם אָן גְזָגְט עֶר זָאל פַּר קֵיינוּם קֵיין מוֹרָא נוּט הָאבְּן אוּז עֶר גְגַנְגֶן צוּ דוּ בַּעֲלֵי בָתִּים אוּנ הָט זֵיי אַיינְגְרֶעט אַז זֵיי זָלוּן נוּט מוֹרָא הָאבְּן הָאבּוּן זֵייא אוּם גְגֶעבּוּן דוּ קוּנְדֶר אוּנ זַיינוּ הֶענְד. ווִי עֶר הָט גְפוּרְט דִי קוּנְדֶר אוּז אָן גְקוּמֶן דֶר וָואלְקוּלַאק הָט עֶר גְנוּמֶן זַיין שְׁטֶעקוּן אוּנ הָט אוּם גֶהַרְגוּת אוּנ דֶר פְּרִי הָט מֶען גֶפִינוּן דֶעם מְכַשֵּׁף לִיגוּן טוּט דֶר נָאךְ אוּז עֶר גְוָוארוּן אַשׁוֹמֵר אוּנ ביהמ״ד אוּנ זַיין סֵדֶר אִיז גְוֶועזְן בְּשַׁעַת דֶער עוֹלָם הָאט גְלֶערוּנְט פְלֶעגְט עֶר שְׁלָאפְן אוּנ בְּשַׁעַת זֵיי פְלֶעגוּן שְׁלָאפְן פְלֶעגְט עֶר לֶערְנוּן. דֶר עוֹלָם הָאט גְמֵיינְט אַז עֶר שְׁלָאפְט אַלְץ :



עֶר אוּנ דֶעם בֶּעט קוּמֶען קֶען . אֵיין מָאל זָאגְט רֶבִּי מַיין גֶנֶעדִיגֶר קֵייזֶר דָאס אוּז קֶענֶגוּן אַייעֶר כָּבוֹד דָאס אוּךְ זָאל אוּיף אַייךְ טְרֶעטֶען. זָאגְט דֶער קֵייזֶר לִיבֶּר רַבִּי אוּךְ וָואלְט מוּר גְוִוינְשֶׁען אַייעֶר פוּס בְּעֶנְקֶלוּ צוּ זַיין לְעוֹלָם הַבָּא דֶר נָאךְ פְרֶעגְט דֶער קֵייזֶר לִיבֶּר רַבִּי זָאגְט מוּר וֶועל אוּךְ הָאבֶּן עוֹלָם הַבָּא זָאגְט עֶר יָא :

מעשה אֵיינֶר הָט גְהֵייסֶן בִּנְיָמִין הַצַּדִּיק דֶער אוּז אֵיין גַבַּאי צְדָקָה גְוֶועזְן. אֵיין מָאל קוּמְט אֵיין אִשָּׁה צוּ אוּם אוּנ זָאגְט אוּךְ הָאבּ גְרוֹס הוּנְגֶער שְׁפַּייז מוּךְ . זָאגְט דֶער גַבַּאי צְדָקָה אוּךְ שְׁוֶוער דוּר אַז אַצִיְנְד אוּז קֵיין גֶעלְד נוּט דָא זָאגְט דוּ אִשָּׁה

אִיךְ הָאבּ דוּ מַעֲשֶׂה גְהֶערְט מֵהָרַב הַקָּדוֹשׁ רַבֵּינוּ שִׁמְשׁוֹן הָרַב דק״ק רַאשְׁקִיב:

עֶס אִיז גְוֶועֶן אַבַּעשׁ״ט עֶר הָט גְהֵייסְן ר׳ אָדָם עֶר הָאט גְפוּנְן אוּנ אֵיין הֵייל כְּתָבִים פוּן סוֹדוֹת הַתּוֹרָה. עֶר אִיז גְוֶועֶן אֵיין עָנִי אוּנ הָט גְוואוֹנְט אוּנ אֵיין שְׁטוּבּוּל עֶר מִיט זַיין וַוייבּ זֶענֶען גְגַאנְגֶען צוּרִיסְן אוּנ נַאקוּט. אַמָאל הָט זַיין וַוייבּ צוּ אִים גְזָאגְט אוּנ וָוס וֶועל אוּךְ גֵיין אוּנ שׁוּל אַרַיין הָט עֶר גְזָאגְט זָאלְסְט גֵיין אוּנ קַאמוּר אַרַיין וֶועסְטוּ דוּר נֶעמֶען וָוס פַר אַמַלְבּוּשׁ דוּ ווילְסְט נָר אַז דוּ וֶועסְט אַהֵיים קוּמֶען זָאלְסְטוּ צוּרוּק לֵייגְן הָאט זוּ אַזוֹ גְטוּן יֶעדוּן טָאג פְלֶעגְט זוּ גֵיין אוּנ שׁוּל אַרַיין אוּנ אַנְאנְדֶר מַלְבּוּשׁ אִיז דֶם עוֹלָם אַווּנְדֶר גְוֶועְן וִוּ קוּמְט צוּא אַקַבְּצֶן אֶזעלְכוּ מַלְבּוּשִׁים הָט מֶען גְפְרֶעגְט זַיין וַוייבּ הָט זוּ אִים גְזָאגְט דֶעם סוֹד. דוּ זַאךְ אִיז אָן גְקוּמֶען צוּם קֵייסֶר הָט עֶר חוֹקֵר גְוֶועְן אַז דָם אִיז אֶמֶת אִיז ר׳ אָדָם זֵייֶער חָשׁוּב גְוָוארוּן פוּן דֶעסְט וֶועגְן אִיז עֶר פָארְט גְוֶועְן אֵיין עָנִי. בַּיי דֶם קֵייסֶר אִיז גְוֶועְן אֵיין שַׂר עֶר הָט פַיינְט גְהַט יְהוּדִים הָאט אִים פַר דְרָאסְן אַיְהוּדִי זָל חָשׁוּב זַיין דֶר וַוייל הָט ר׳ אָדָם גְזָאגְט צוּם קֵייסֶר אוּךְ וִויל פַר דוּר מַכִּין אַסְעוּדָה אִיז דֶר שַׂר נָאךְ מֶער בְּרוֹגֶז גְוָוארוּן אָבּוּר דֶר קֵייסֶר הָט גְזָאגְט עֶר וֶועט גֵיין אוֹיף דֶער סְעוּדָה וִוי עֶס אִיז גְקוּמֶען דוּ צַייט פוּן דֶר סְעוּדָה אִיז דֶר קֵייסֶר גְפָארוּן מִיט כָּל שָׂרֵי מְלוּכָה אוֹיף דֶר סְעוּדָה אוּנ דֶעם שׂוֹנֵא הָט עֶר אוּךְ מִיט גְנוּמֶען עֶר הָאט אַלֵיין אָן גְרֶעט דֶעם מֶלֶךְ עֶר זָאל זוּךְ אוּם קֶערוּן אוּנ הָט גְזָאגְט וֶועסְט זֶעהוּן אַז מוּר וֶועלוּן מְבוּיָשׁ וֶוערוּן וִוי קָאן דָם זַיין אַזוֹ אֵיין עָנִי זָאל מַאכוּן אַסְעוּדָה פַר אַקֵייסֶר מִיט כָּל שָׂרֵי מְלוּכָה אָבּוּר דֶר קֵייסֶר הָאט אִים נִיט גְוָואלְט פָאלְגְן:

בְּקִיצוּר עֶס אִיז גְקוּמֶען נָאנְט פוּן דֶר שְׁטָאט הָאט דֶר קֵייסֶר אַרַיין גְשִׁיקְט שְׁלוּחִים זֶעהְן אוּבּ עֶס אִיז דָא חֲדָרִים פוּן זַיינוּט וֶועגוּן אוּנ פוּן זַיינוּ לַייט וֶועגוּן אוּנ אוּבּ מֶען רֶעכְט זוּךְ פוּן זַיינוּט וֶועגוּן. דוּ שְׁלוּחִים קוּמֶען צוּרוּק אוּנ זָגוּן מֶען זֶעהְט נִיט קֵיין חֶדֶר נִיט קֵיין סְעוּדָה עֶס אִיז מֶער נִיט דָא נָאר אַקְלֵיין שְׁטוּבּוּל. אָבֶּר דֶר קֵייסֶר פָארְט וַוייטֶר עֶר טְרַכְט זוּךְ מִן הַסְּתָם וֶועט עֶר וַוייזוּן גְרוֹסוּ ווּנְדֶר. דוּ מַעֲשֶׂה אִיז אַזוֹ גְוֶועְן אוּנ אַמְדִינָה הָט אַמֶלֶךְ גְמַאכְט אַסְעוּדָה פַר דֶעם אַנְדֶרוּן מֶלֶךְ אוּנ הָאט גְבּוּאוּט פַּאלוּצוּן צְוַויי יָאר אוּנ הָט אָן גְגְרֵייט עֶסוּן אוּנ קַרְדָענְצוּן זוּלְבֶּערְנוּ אוּנ מְשָׁרְתִים אוּנ אַז עֶס אִיז גְקוּמֶען דוּ צַייט וָוס ר׳ אָדָם הָט אָפּ גְשְׁטֶעלְט מִיטוּן קֵייסֶר אִיז אוּם גוּרוּסוּן גְוָוארוּן דוּ פַּאלוּצוּן מִיט דוּ מְשָׁרְתִים מִיט דוּ קְרֶדֶענְצוּן אוּנ זֶענֶען גְקוּמֶען צוּ ר׳ אָדָם. וִויא דֶר קֵייסֶר אִיז גְקוּמֶען אוּנ שְׁטָאט אַרַיין הָט עֶר גְזֶעהְן אַגְרוֹסוּן פַּאלוּץ מִיט אַלְדוּנְג אוּנ אִיז אַרַיין גְפָארוּן אוּנ דֶעם שְׁלָאס אוּנ דוּ קְנֶעכְט הָבּוּן זֵיי צוּ גְנוּמֶען אוּנ הָאבּוּן זֵיי בַּדוּנְט מִיט גְרוֹס כָּבוֹד אוּנ ר׳ אָדָם בַּעשׁ״ט אִיז אַרוּם גְגַאנְגֶען אוּנ הָט גְזָאגְט עֶסְט אוּנ טְרוּנְקְט נָאר קֵיינוּר זָאל נִיט רוּרוּן פוּן הַאנוּט אוּנ דֶר נָאךְ הָאט ר׳ אָדָם גְזָאגְט לָאז אוּטְלוּכֶר אַרַיין טוּן זַיין הַאנְד אוּנ דֶר קֶעשׁוּנוּ אַרַיין וֶועט עֶר אַרוּם נֶעמֶען וָוס זַיין הַארְץ גְלוּסְט. הָט דֶר קֵייסֶר אַזוֹ גְטוּן אוּנ הָט אַרוּם גְנוּמֶען וָוס עֶר הָט גְוָואלְט אוּנ אַלוּ הֶערוּן הָאבּוּן אַזוֹ גְטוּן אוּנ הָבּוּן אַרוּם גְנוּמֶען וָוס זֵיי הָבּוּן גְוָואלְט. וִויא דֶר שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל הָט אַרַיין גְלֵייגְט זַיין הַנְד אוּנ קֶעשׁוּנוּ אַרַיין הָט עֶר אַרוּם גְנוּמְן צוֹאָה אוּנ הָט זֵייעֶר גְשְׁטוּנְקוּן וָוס נִיט



לִיבֶּר רֶבִּי אַז דוּא וֶועסְט מוּר נִיט גֶעבּוּן מוּז אוּךְ מִיט מַיינוּ זִיבֶּן קוּנְדֶר פַר הוּנְגֶר שְׁטַארְבּוּן אַזוֹ נֶעמְט עֶר פוּן זַיין גֶעלְד אוּנ גִיט אוּר צְדָקָה דֶר נָאךְ אִיז דֶר גַבַּאי

צוּ דֶר לַיידוּן. הָט מֶען אוּם אַרוּם גוָארְפוּן הָט עֶר גִבֶּעטוּן דוּ הֶערוּן זַייא זָאלוּן בֶּעטוּן דֶעם בעש״ט אַז דוּ הַאנְד זָאל נוּט שְׁטוּנְקוּן. הָאט ר׳ אָדָם גֶעעֶנְפוּרְט לָאז עֶר אוּף זוּךְ נֶעמוּן עֶר זָאל קֵיין שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל זַיין וֶועט דוּ הַאנְד נוּט שְׁטוּנְקוּן הָט עֶר אוּף זוּךְ גִנוּמוּן הָאט ר׳ אָדָם גִהֵייסוּן אַיְהוּדִי מַשְׁתִּין זַיין אוּף זַיין הַאנְד הָט זוּ אוּף גִהֶערְט צוּ שְׁטוּנְקוּן. אֵייֶדר זַיי זֶענוּן אַוֶועק גִגַנְגוּן הָט דֶר קֵייסֶר בֶּהַאלְטוּן צְוֵייא גָאלְדוּנוּ בֶּעכוּרְם דֶר נָאךְ אוּז אָן גִקוּמוּן צֵייטוּנְג אַז אַקֵייסֶר הָט גִמַאכְט אַסְעוּדָה פַּר דֶעם אַנְדֶרוּן קֵייסוּר אוּנ הָט גִבוֹאוּט אַפַּאלוּץ מוּט גְרוּסוּ חִידוּשִׁים צְוֵויי יָאר פְּלוּצוּנְג אוּז דֶר פַּאלוּץ אוּם גרוּסוּן גוָארוּן מוּט דֶר גַאנְצוּר סְעוּדָה אוּנ אִין עֶטְלוּכוּ טֶעג אוּז דֶר פַּאלוּץ צוּרוּק גִקוּמוּן מוּט אַלֵימוּן נָאר צְוֵויי בֶּעכוּרְם פֶּעלוּן הָאט דֶער קֵייסֶר גִשְׁרוּבוּן בַּייא מוּר אוּז דָא אַיְהוּדִי וָוס עֶר הָאט דָם גִטוּן אַסִימָן דוּ צְוֵייא בֶּעכוּרְם זֶענוּן בַּיי מוּר:

ר׳ אָדָם בעש״ט הָט גִהַט אַזוּן הָט עֶר אוּם צַוָואָה גִלָאזְט פַּר זַיין טוֹיט אוּךְ לָאז דוּר אוּבוּר זַייֶער טַייֶערוּ כְּתָבִים דוּ בּוּסְט נוּט רָאוּי צוּ זַייא זָאלְסְטוּ נָאךְ פְּרֶעגוּן נָאךְ דֶר שְׁטָאט אַקוּפּ דָארְט וֶועסְטוּ טְרֶעפוּן אֵיינוּם יִשְׂרָאֵל וָוס עֶר אוּז אַלְט פֶּעְרְצוּג יָאר אוּם זָאלְסְטוּ מוֹסֵר זַיין דוּ כְּתָבִים. אוּנ אוּב דוּ וֶועסְט זוֹכֶה זַיין וֶועט עֶר לֶערְנוּן מוּט דוּר עֶס אוּז גִוֶועין נָאךְ דֶר פְּטִירָה פוּן ר׳ אָדָם אוּז דֶר זוּן גִפָארוּן צוּ דֶר שְׁטָאט אַקוּפּ אוּנ אוּז אַיין גִשְׁטַאנוּן בַּיי דֶם פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ הָט אוּם גִפְרֶעגְט דֶר בַּעַל הַבַּיִת וָוס טוּט אוּר דָא זָגְט עֶר מַיין פָּטוּר הָט מוּר צַוָואָה גִלָזְט אוּךְ זָאל נֶעמוּן אַוַוייבּ פוּן דֶר שְׁטָאט הָט מֶען אוּם אָן גִהוֹבוּן רֶעדוּן שִׁדּוּכִים הָט עֶר גִנוּמוּן אַוַוייבּ בַּיי אֵיין עוֹשֶׁר אַטָכְטֶר נָאךְ דֶר חַתוּנָה הָט עֶר אָן גִהוֹבוּן זוּכוּן דֶעם יִשְׂרָאֵל. אַמָאל הָט עֶר גִזֶעהוּן דֶם שׁוֹמֵר פוּן דֶם בֵּית הַמֶּדְרָשׁ הָט עֶר אָן גִהוֹבוּן קוּקוּן אוּף אוּם מוּט שֵׂכֶל הָט זוּךְ אוּם גִדַכְט אַז דָם אוּז יִשְׂרָאֵל הָט עֶר גִבֶּעטוּן זַיין שְׁוֶוער עֶר זָאל אוּם מַאכוּן אַמְחִיצָה אוּנ בֵּית הַמֶּדְרָשׁ עֶר זָל בַּזוּנְדֶר לֶערְנוּן הָט דֶר שְׁוֶוער אַזוּ גוּטוּן אוּנ הָט גִדוּנְגוּן דֶם יִשְׂרָאֵל עֶר זָל זַיין אֵיידוּם בַּדוּנוּן וִוי דֶר זוּן פוּן ר׳ אָדָם אוּז אַנְשְׁלָפוּן גְוָורוּן אוּז ר׳ יִשְׂרָאֵל אוּף גִשְׁטַאנוּן אוּנ הָט עוֹסֵק גִוֶועין אוּנ תּוֹרָה וּתְפִלָּה וִוי זַיין סֵדֶר פְּלֶעגְט זַיין וִויא ר׳ יִשְׂרָאֵל אוּז אַנְשְׁלָפוּן גְוָוארוּן הָט ר׳ אָדָמְס זוּן גִנוּמוּן אַקוּנְטְרֵס פוּן זַיינוּ כְּתָבִים אוּנ הָט גִלֵייגְט לֶעבּוּן ר׳ יִשְׂרָאֵל. וִויא ר׳ יִשְׂרָאֵל אוּז אוּף גִשְׁטַאנוּן אוּנ הָט דֶר זֶעהוּן דֶעם קוּנְטְרֵס אוּז עֶר דֶר צוּטֶערְט גְוָוארוּן אוּנ הָאט אוּם בַּהַאלְטוּן. דֶעם אַנְדֶרוּן טָאג הָאט עֶר וִוידֶר אוּנְטֶער גְוָוארְפוּן אֵיין קוּנְטְרֵס הָט עֶר אוּם וִוידֶר בַּהַלְטוּן הָאט

עֶר



צְדָקָה קְרַאנְק גְוָוארוּן אוּנ אוּז גִשְׁטָארְבּוּן אַזוּ זָאגוּן דוּ מַלְאָכִים צוּ הקב״ה רבש״ע דוּ הָאסְט אוּנ דַיין תּוֹרָה אָן גִשְׁרִיבֶּן וֶוער עֶס אוּז אֵיינוּם מַצִּיל פוּן דֶעם טוֹיט אוּז גִגְלֶעכוּן גְלַייךְ עֶר הָט דוּ גַאנְצוּ וֶועלְט בַּיים לֶעבּוּן דֶר הַאלְטוּן. אוּנ בִּנְיָמִין הַצַּדִּיק הָט דוּ פְרוֹי מוּט אִירוּ זִיבֶּן קִינְדֶר בַּיים לֶעבּוּן דֶער הַלְטוּן וָורוּם זָאל עֶר אַזוּ יוּנְג שְׁטַרְבּוּן. אַזוּ בַּלְד אוּז בִּנְיָמִין הַצַּדִּיק וִוידֶר גִזוּנְד גְוָוארוּן אוּנ הָט נָאךְ גִלֶעבְּט צְוֵויי אוּנ צְוָואנְצִיג יָאר אוּנ הָט פוּל צְדָקָה גִגֶעבּוּן:

מַעֲשֶׂה אַמָאל גֵייעֶן דוּ בַּעַל מְלָאכוֹת פוּן רַב נַחְמָן אוּנ פֶעלְד אַרַיין גְרָאבּוּן אַזוּ הֶערוּן זֵיי וִוי אַמֶענְטְשׁ רוּפְט פוּן דֶער עֶרְד. אַזוּ גֵייעֶן זֵיי צוּ זַייעֶר הֶערוּן רַב נַחְמָן אוּנ זָאגוּן אַז אַמֶענְשׁ רוּפְט אוּים דֶער עֶרְד. אַזוּ גֵייט רב נחמן אַהִין זֶעהֶן

ער שוין גוויסט אז דס איז דר ישראל וס זיין פאטור הט אים גזגט הט ער צו גריפונר' ישראל אונ הט אים גזגט זלסט וויסין אז מיין פטור הט מיר אובור גלזט כתבים אז איך זאל דיר מוסר זיין נאר באופן אז דו זלסט מוט מיר לערנון הט ר' ישראל געגפרט יוא נאר קיינור זאל ניט וויסון נייארט איך זאל ביי דור זיין אמשרת ווי פריר דר נאך הט ר' אדמס זון גבטון זיין שווער ער זאל אום מבינאחדר חוץ דער שטאט כדי ער זאל זיין אפ גשייד פון מנשון הט ער אזו גטין ווי דר עולם האט דער זעהן ווי בן ר' אדם איז מקרב דם ר' ישראל הבון זיי גזגט דם איז אגרוסיר זכות וואס בן הרב איז אהער גקימון הבון זיי גגבין צו ר' ישראל אווייב אובור זו איז געך גשטרבין זנון זיי גזסון חוץ דר שטאט אונ הבון גלערונט גמרא אונ פוסקים אונ הלבות אונ קבלה :

אמל הט בן הרב גבטון דם ר' ישראל אז ער זאל ארפ ברענגון דם שר התורה ער זאל מוט זיי לערנון הט ר' ישראל אום מדחה גוועז ער הט אים גזגט עס איז אסכנה טמור וועלין מור זוך טועה זיין אונ זיין בוונה דר נאך הט ער אום זייער גבעטון האבון זיי גפאסט משבת לשבת אונ הבון זוך מטהר גוועז אונ במוצאי שבת הבון זיי מכוון גוועז הט דר ר' ישראל אגשריי גטון אוי ווי מור הבון זוך טועה גווענדר שר של אש קומט ארפ ער וועט פר ברענגון דו שטאט אונ פייאר לוף גוף אז דו שטאט לייט זאלין זוך אום רומון איז ער גלפון אונ הט זיי גזגט אוז ער גוורון אונ שטאט איין (איש מופת) ווארום ווען נוט ער וואלטון זיי נוט גוועז ארום גראטוועט אפילו אקליינו זאך אונ אין אצייט ארוסהאט בן הרב ווידר גבעטון דעם ר' ישראל ער זאל ארפ ברענגון דם שר של תורה אזו לאנג בוז ער הט ווידור גטון כוונות הט דר בעש"ט גזגט זלסט וויסון אז עס איז נגזר גוורין מיתה אוף אונז נאר דוא תקנה איז אז מור זאלון אגנצו נאכט נוט שלפון האבון זיי אזו גטון נאהונט צו טאג איז בן הרב אנשלפון גווארון אונ איז תיכף גשטרבין איז דר בעש"ט גלפון אונ האט גשרוגון בן הרב האלושט מען הט אום אובור נוט

גקענט דר מינטורון

דר נאך איז דר בש"ט פון דורטון אוועק גפארון אונ איז גיקומון לעבין בראד אונ איז דורטין גוורון אמלמד אונ איז זייער חשוב גוורין פלעגט מען פר אוסכל המשפטים ברענגון אונ קייניר איז נוט ברוגז גוועז חטשו וועמון ער הט מחייב גוועז מהמת מוט זיין חכמה הט ער אום צו פר שטיין גגעבון (ויהי) אונ בראד איז גוועז הרב ר' גרשון קיטוור אראש ב"ד אונ זיין פטור הרב ר' אברהם הט גהאט אמשפט מוט איין מענשון ווי דר בעש"ט איז גוועז הט ער גרעד מוטן בעל דין מכח אדין תורה זאגט ער צו אום דא איז פר הנדן אמלמד אמופלג. לאמור גייז צו אום לאדין. אונ אז ער וועט אייך נוט גפעלון וועלון מור פארין קיין בראד. זענון זיי גגאנגון צו אום. ווי זיי זענון גקומון. הט דער בעש"ט גזעהון ברוח הקודש אז זיין טאכטיר דארף זיין זיין ווייב האט דער בעש"ט פר אום אשרפין פשט גזאגט אונ רמב"ם איז אים זייעור גפעלין אונ איז זייער חשוב גוורון נאך דם האבון זיי זוך גלאדון פר אום איז אים זייער גפעלון אונ האט אום זייער ליב

גהאט



וס דם בטייט. ווי ער קומט אהון אזו פרעגט ער דעם טוטון מענש ווער בוסטו ענפרט דער מענטש אוים דר ערד אוך בון ר' אחא בר יאשיה דר ווא ר אגרוסר למדן וויא מען אום אפט אונ דוא גמרא גפינט. זאגט רב נחמן צוא אום מוך

גְהַט דֶר נָאךְ אוּז עֶר גְוָואר גְוָורוּן אַז עֶר אוּז אֵיין אַלְמָן אוּנ הָרַב ר׳ אַבְרָהָם הָט גְהַאט אַטָאכְטֶר אַגְרוּשָׁה אוּז עֶר גְקוּמֶן צוּ אוּם אוּנ זָאגְט טָאמֶער וֶועט אִיר גֶעמוּן מַיין טָאכְטֶר עֶנְפֶּרְט אוּם דֶר בעש״ט עֶס אוּז רֶכְט נָאר אַז קֵיינֶר זָאל נִיט וִויסוּן וָורוּם כַּמָה גְגִידִים וִוילוּן מִיט מִיר טוּן אוּנ זֵייא הָאבּוּן מִיר טוֹבוֹת גֶטוּן דְרוּם קָאן אִיךְ נוּט מֵעיז זַיין צוּא טוּן עֶפּוּנְטְלוּךְ אַנְגֶדרוּן שִׁידוּךְ לָאמֶער שְׁרֵייבּוּן תְּנָאִים בְּסֵתֶר נָאר בִּתְנַאי אוּר זָאלְט אוּף מוּר מֶער נִיט שְׁרֵייבֶּן אִין דִי תְּנָאִים נָאר שְׁמִי יִשְׂרָאֵל בֶּן אֱלִיעֶזֶר נוּט קֵיין לַמְדָן אוּנ קֵיין שׁוּם דַיָין הָט עֶר אוּם גְפָאלְגְט אוּנ הָבֶּן בְּסֵתֶר תְּנָאִים גְשְׁרִבֶּן הָרַב ר׳ אַבְרָהָם אִיז אַוֶועק גְפָּרֶן אוּנ אִיז שְׁלַף גְוָורֶן אִין וֶועג אוּנ אוּז נִפְטַר גְוָוארֶן הָט מֶען מוֹדִיעַ גְוֶוען לְהָרַב ר׳ גֵרְשׁוֹן זַיין זוּן אוּז עֶר גְקוּמֶן מַסְפִּיד זַיין אוּנ הָט גֶפוּנְן צְוִישֶׁן דוּ כְּתָבִים פוּן זַיין פָּטֶר דוּ תְּנָאִים אִיז אוּם דֶר ווִידֶר גְוֶוען אַז עֶר זָאל אַזוֹ אַשִׁידוּךְ טוּן מִיט אַזֶעלְכֶן וָוס אִיז נִיט קֵיין בַּר תּוֹרָה גַם עֶר וֵוייסְט נוּט פוּן וָוס פַר אַמִשְׁפָּחָה הָט עֶר דֶער צֵיילְט זַיין שְׁוֶועסְטֶער הָט זוּ גְזָאגְט בְּוַדְאַי וָוס אוּנְזֶער פָאטֶר הָט גֶטוּן אוּז רֶעכְט אוּנ אַצַייט הָט דֶר בעש״ט גְזָאגְט צוּ דוּ בַּעֲלֵי בַּתִּים אוּךְ דַרְךְ אַוֶועק פָארֶן הָבּוּן דוּ בַּעֲלֵי בַּתִּים אוּם גְבֶּטֶן עֶר זָאל וַוייטֶר לֶערְנֶען מוּט דוּ קוּנְדֶר הָט עֶר נוּט גְוָולְט אוּנ אִיז אַוֶועק גְפָארֶן ווִי עֶר אוּז גְקוּמֶן נָאוּנְט פוּן דֶער שְׁטָאט הָט עֶר זוּךְ אָן גִיטוּן אִין אַקוּרְץ פֶּעלְצֶל אוּנ אַבְּרֵייטוּן גַארְטֶל. אוּנ אוּז גְקוּמֶן צוּ הָרַב ר׳ גֵרְשׁוֹן אוּנ שְׁטֵייט בַּיי דֶר טִיר אוּנ ר׳ גֵרְשׁוֹן זִיצְט אוּף אַמִשְׁפָּט הָט עֶר גְמֵיינְט עֶר אִיז אֵיין עָנִי אוּנ גוּט אוּם אַפְּרוּטָה זָגְט ר׳ יִשְׂרָאֵל אוּךְ דַארְף מִיט אַייךְ רֵיידוּן אַסוֹד אוּנ אִיז גְגַאנְגֶן אִין אַחֶדר אוּנ הָט אוּם גְוִויזֶן דוּ תְּנָאִים אוּנ זָגְט גִיבּ מִיר מַיין וַוייבּ אִיז עֶר גְוָוארֶן דֶר שְׁרָאקוּן אוּנ טְרַכְט וָוס הָט דֶר פָּטֶר גְטוּן. אוּנ הָט גְרוּפֶן זַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנ הָט אוּר דֶער צֵיילְט הָט זוּ גֶעְנְפֶּרְט וָוס אוּנְזֶער פָאטֶר הָט גֶטוּן אִיז בְּוַדְאַי רֶעכְט טָאמֶר וֶועט פוּן אוּם אַרוֹס קוּמֶן גוּטֶע קוּנְדֶר אוּנ הָאבֶּן אָפּ גְשְׁטֶלְט דֶם זְמַן פוּן דֶר חֲתוּנָה אַז עֶס אוּז גְקוּמֶן פַאר דֶר חוּפָּה זָגְט דֶר בעש״ט אִיךְ וֶועל מִיט אוּר אַלֵיין רֵיידֶן פְרִיר אוּנ הָט מִיט אִיר גְרֶעט בְּסֵתֶר אוּנ הָט זוּ בַּשְׁוּוֶרֶן זוּ זָאל נִיט אוּם זָגוּן וֶוער עֶר אִיז חָטְשׁוּ זוּ וֶועט לַיידֶען דַחֲקוּת אָבֶּר עֶס וֶועט נוּט זַיין אוּף אֵייבִּיג וַיְהִי נָאךְ דֶר חֲתוּנָה הָט הָרַב ר׳ גֵרְשׁוֹן גְוָואלְט לֶערְנוּן מוּט דֶעם בעש״ט טָאמֶר וֶועט עֶר אוּם אַבִּיסוּל אוּם לֶערְנֶען דִבְרֵי תּוֹרָה אָבֶּר עֶר הָט זִיךְ גְמַכְט אַז עֶר קָאן גָאר נִיט מְקַבֵּל זַיין הָט ר׳ גֵרְשׁוֹן גְזָגְט צוּ זַיין שְׁוֶועסְטֶער דוּ זֶעהְסְט דָאךְ עֶס אוּז מִיר אַגְרוֹסֶע חֶרְפָּה פוּן דַיין מַאן. אוּבּ דוּ ווִילְסְט דִיךְ גֶעטִין אוּז בְּוַדְאַי רֶעכְט אוּיבּ

נִיט



ווִיגֶדְרְט דָם דוּא קֶענְסְט נָאךְ רֶעדוּן אוּים דוּא עֶרְד. עֶס שְׁטֵייט דָאךְ אוּנ פָּסוּק אַז דוּא צַדִיקִים מוּזוּן אוּיךְ צוּא עֶרְד וֶוערוּן זָאגְט ר׳ אַחָא עֶס שְׁטֵייט גְשְׁרִיבּוּן אַז דִיא לַייט וָוס הָאבֶּן קִנְאָה וְשִׂנְאָה וֶוערוּן ווִידֶר צוּא עֶרְד אָבֶּר אוּךְ הָאבּ אַלוּ מַיינוּ טֶעג קֵיין קִנְאָה וְשִׂנְאָה נוּט גְהַט דְרוּם בּוּן אוּךְ נוּט פַר פוּלְט גְוָוארוּן. אַזוֹ גֵייט רַב נַחְמָן צוּ אוּם אוּנ ווִיל זֶעהְן וָוס מוּט אוּם טוּט זוּךְ אַזוֹ זֶעהְט עֶר ווִי רַב אַחָא אוּז אַזוֹ פְרִישׁ ווִי אַלֶעבֶּדִיגֶר מֶענְטְשׁ אַזוֹ זָאגְט עֶר צוּא אוּם אַז דוּ בּוּסְט יוֹא אַזוֹ פְרוּשׁ ווִי אַלֶעבֶּדִיגֶר מֶענְשׁ אַזוֹ קוּם מוּט מוּר אַהֵיים נָאךְ וָוס לוּגְסְטוּ אוּנ דֶר פוּנְצְטֶרוּ עֶרְד. אַזוֹ זָאגְט רַב אַחָא בַּר. יֹאשִׁיָה צוּא אוּם עֶס שֵׁיינְט מוּר דָם דוּא דֶעם פָּסוּק נוּט פַר שְׁטֵייסְט דֶען עֶס שְׁטֵייט גְשְׁרִיבּוּן וֶוען תְּחִיַת הַמֵּתִים וֶועט זַיין וֶועט הקב״ה רְשׁוּת

ניט וועל איך קופין אפערד אונ' דוא זאלסט מיט אום אוועק פארון ווארום איך קען נוט אוים שטיין די חרפה הט זו מסכים גוועזן זו איז מיט אום גפארון ביז גבערג דארטין הט ער זיך קובע מקום גוועזן ער פלעגט זוצין צווישן די גרוסע בערג אונ איר פרנסה איז גוועזן זיא פלעגט עטליכי מאל אין דער וואך קומון צו אום מיט דעם פערד אין וואגין אונ פלעגט איר אן גרבון אוועגעלע ליים אונ זו איז גפארן אין שטאט פר קופון אונ דר בעש"ט איז תמיד גזעסון אליין צווישן די בערג אונ הט גפאסט תמיד גרוסע הפסקות אונ דאס איז זיין עסון גוועזן נאך דוא תעניתים הט ער אוים גגראבון אין דער ערד אגריבל אונ הט אריין גטון מעהל מוט וואסר אונ האט גבאקון אוף דר זון. דם אורט וויא דער בעש"ט איז גזעסן זענון גוועזן גאנץ הוכו בערג צווישן איין בארג צום אנדרן איז זייער טיפע טאלון גוועזן. אמאל איז ער גגאנגן אוף אברג זייער פר טראכט אונ איז גגאנגן ביז דעם עק בארג אונ דוא גזלנים זענון גשטאנון אויף דעם בארג אקעגון. וויא זיי הבון גזעהון ער גייט צום עק בארג הבון זיי גזגט ער וועט בוודאי צו שיט ווערן ער איז גקומן צום עק ברג איז דר אנדרר ברג צו גקומן אונ ער איז גלייך גגאנגן אונ דר נאך הבון זיי זיך ווידר צו טיילט אונ אז ער איז צוריק גגנגון איז ווידר צו זאמן גקומן די בערג אזו איז גוועזן עטליכו מאל אזו זענון דיא גזלנים צו אום גקומן אונ הבון אום דר צײלט די מעשה וום הט זיך גטרפון מוט די בערג אונ הבון אום גזגט דו בוסט אגעטליכר מאן דרום בעטן מיר דיך אז דו זאלסט מתפלל זיין פאר אונז אז מור זלון מצליח זיין הט ער זיי גענפרט אז איר וועט מור שווערון אז איר זאלט נוט טון אידהודי קיין בייז נוט גזלון וועל איך אזו טון הבון זיי גשווארן פון דענסמאל אן ווען זיי הבון גהאט צווישון זיך טענות פלעגן זיי צו אום קומן אונ ער פלעגט צווישן זיי מאבון רעכט אמל זענן גקומון צו אום צוויי גזלנים זיך לאדן איז איינם ניט גפעלון זיין פסק הט ער גשפורט אז דר בעש"ט איז אנשלאפון גווארן איז ער גקומן אום הרגנון ווי ער הט אוף גהובן זיין האק אובר דם קאפ הט מען אום אן גחפט ער ווייסט נוט ווער אונ מען הט אום צו שלאגן דורך ווינדן אונ היילן ביז ער הט שון נוט גקענט רעדון ווי דער בעש"ט הט זיך אוף גחפט זעהט ער ווי איינר ליגט צו בלוטיגט פרעגט ער אום ווער הט דיר דם גטון הט ער קיין כח נוט גהאט צו ענפרן הט אום דר בעש"ט לאזט ליגון אונ דר פריא איז דער גזלן אליין גקומן אונ הט אום דר צײלט די מעשה אמל זענון די גזלנים גקומן צום בעש"ט אונ הבון אום גזגט אז דו ווילסט וועלן מור דיך פורון קיין ארץ ישראל מור ווייסון אקורצן וועג דורך היילון הט ער מסכים גוועזן צו גיין מיט זיי זענון זייא גגאנגון אונ זענון גקומן אוף איין אורט ווס איז גוועזן זייער אטיפר טאל פון בלטו אונ מיטן וועג אונ אברעט איז גלעגן פון איין זייט צו דר אנדרי זייט אונ זיי זענן פריר גגנגון הט ער אוך גוואלט נאך גיין הט ער זיך אום גקערט ווארום ער זאל דורטן גוועזן גיין וואלט אום גוועזן אסכנה אזאל איז דר בעש"ט גגאנגון זייער פר טראכט דריי טאג אונ דריי נעכט אונ הט





געבון אלו טוטו אום דעם קבר ארום צו גיין אבר אצינד זוב איך קיין רשות נוט דרום קאן איך מוט דור נוט אהיים גיין. פון דער מעשה קאן מען ארום זעהון ווס פר אגרוסו זאך דם איז ווער קיין קנאה ושנאה הט אויף זיין חבר דר ווערט נוט פר פולט אונ קבר אונ בלייבט אזו פרוש ווי אלעבדיגר מענש:

ניט געוויסט ווי ער איז דער נאך האט ער זיך דער מאנט ווי ער איז ווייט פון זיין אורט איז אום איין תמיה געווען עס מוז עפעס באטייטען מוט אמאל איז געקומען צו אום אפראש אגאנץ גרויסע כמעט ער האט נוט דער קאנט ווס פאר אבריה דס איז האט ער זו געפרעגט וועה בוסטו האט זו געענפערט איין תלמיד חכם איז מגולגל געווארון אונ מור שון פוניף הונדערט יאר חטשו הרב ר׳ יצחק לוריא זלה״ה האט דך מתקן נשמות געווען נאר מחמת זיינע גרויסע עבירות האט מען אום פאר טריבון ווייט פון לייט האט אום דער בעש״ט געפרעגט ווס ער האט געטון האט ער געזאגט דס ערשטע מאל האט ער מזלזל געווען אונ האט זוך נוט רעכט געוואשון האט דער שטן מקטרג געווען האט מען אום געענפערט אז דו ערשטע עבירה זאל שטיין אונ אוב דו וועסט אום ווייטער אן רעדון אויף איין עבירה וועט מען דם אוך רעכנון. אונ אוב ער וועט זוך דער מאנון אן גאט אונ וועט בשטיין בייא דער פרוב אונ וועט נוט טון וועט ער זיין נקי פון דער ערשטע עבירה. אוך האט מען אום געפרובט מוט נאך איין עבירה איז ער נכשל געווארען. אונ איין עבירה ברענגט צו דער אנדרע עבירה בוז ער האט כמעט עובר געווען אויף גאר דער תורה איז דער פסק געווען אובון אז מען זאל מיך ניט מקבל בתשובה זיין. אונ פון דעסט וועגון איך זאל מוך געווען נייטון תשובה צו טון וואלט מען מוך פארט מקבל געווען אובער דער שטן האט מוך געמאכט פאר אשיכור. האב אוך שון ניט אונ קאפ געהאט תשובה צו טון אונ ווייל דער גורם פון כל העבירות איז געווען דיא ערשטע עבירה איז דוא הענד וואשון דרום אז איך בין געשטארבען בין איך מגולגל געווארון אין אפראש ווס זו איז אונ וואסר. אונ ער זאל זיין אויף אזו אאורט ווי קיין לייט גיין נוט ווארום ווי איוד איז מאכט ער אמל אברכה אדער ער איז מתפלל אדער ער האט אמחשבה טובה קאן ער דורך דעם עפים מתקן זיין צו דער נשמה. אונ הרב בעש״ט האט אום מתקן געווען אונ דו פראש איז געפייגערט אונ זיין נשמה האט ער ארויף געבראכט:

ויהי אז עס איז געווארון זובון יאר איז ער געפרון מיט זיין ווייב קיין בראד צום שוואגער הרב ר׳ גרשון. האט ער געפרעגט זיין שוועסטער ווי זענט איר געווען. האט זו אום געענפערט מיר זענן געווען אין פול שטלן אונ גרויסע צרות האבון מיר געהאט האט ער גרוס רחמנות געהאט אויף דו שוועסטער אונ האט זיי געגעבון אדירה נוט ווייט פון אום. אונ האט גענומען דם בעש״ט פאר אמשרת צו זוך אמאל איז הרב ר׳ גרשון געפרון אונ האט דם בעש״ט גענומן פאר איין אן טרייבער איז הרב ר׳ גרשון אנשלאפון געווארן אונ דער בעש״ט אובר מחשבתו הטהורה איז דו פערד אונ וואגן אריין אונ אזומפ ווס איז ניט מגליך געווען ארום האט ער אויף געוועקט ר׳ גרשון. ווי ר׳ גרשון האט דער זעהון טרכט ער זוך זל איך אום שיקן אין דארף נאך מענשון אפשר וועט ער מוך נך אוועק ווארפון איך וועל בעסר אליין גיין ווי ר׳ גרשון איז צוריק געפרון מיט פערד אונ מענשון האט ער בגעגונט דם בע״ש פרון פרעגט ער אום ווער האט דיך ארויס געשלעפט האט ער געענפערט אוך האב אגוטן קלאפ געטון דו פערד זענון זיי ארום געגנגון האט ר׳ גרשון געזאגט אפילו צו דם שרות קומט ער אוך ניט צו ניץ צו קיין שום זאך בעולם טוג ער ניט:

נאך דעם האט זוך הרב ר׳ גרשון מיישב געווען אונ האט זיי געדונגען אדארף דער פון מפרנס צו זיין. אונ דארטון האט ער זייער קונה

סיפורי אנשי שם

מעשה איינער האט געהייסון רבא אונ דער אנדרער האט געהייסון רב חסדא זייא זענון ביידע גרויסע צדיקים געווען אז זייא האבן תפלה געטאן איז תיכף רעגון געקומן

שְׁלֵימוּת גְוֶועֶן הָט עֶר גְבוּאֶט אַשְׁטִיבִּיל אוּנ וַואלְד. אוּנ אִיז גֶזֶעסְן טָאג אוּנ נַכְט בַּתּוֹרָה וּתְפִלָּה נָר מִשַּׁ׳ת לְשַׁבָּת פְלֶעגְט עֶר אַרוּם גֵיין. אוּנ הָאט גְהַאט וַוייסֵי קְלֵיידוּר אוֹיף שַׁבָּת אוּנ אַמֶרְחָץ וּמָקוֹם טְבִילָה אוּנ דָם וַוייבּ הָט עוֹסֵק גְוֶועֶן אוּנ דֶר פַּרְנָסָה. אוּנ השי״ת הָט אוּר גֶגֶעבּוּן פַּרְנָסָה. זוּ פְלֶגְט צוּ נֶעמוּן אוֹרְחִים בְּכָבוֹד גָדוֹל אוּנ הָט גֶגֶעבּוּן עֶסוּן. אוּנ זַיין סֵדֶר אִיז גְוֶועֶן עֶר פְלֶעגְט קוּמֶן אוּנ שְׁטָאט אַרַיין אוֹיף רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אֱלוּל אוּנ אִיז גֶזֶעסוּן אוּבֶּר גַאנְץ יָמִים טוֹבִים:

אַמָאל אוּם חוֹל הַמּוֹעֵד סוּכּוֹת הָט גֶזֶעהְן הָרַב ר׳ גֵרְשׁוֹן אַז עֶר לֵייגְט נוּט קֵיין תְּפִילִין. וָוארוּם זַיין סֵדֶר פוּן דֶם בעש״ט אִיז גְוֶועֶן צוּ שְׁטֵיין דַוְקָא אוּנ מִזְרָח וַונְט חָטְשׁוּ עֶר אִיז נָאךְ נוּט חָשׁוּב גְוֶועֶן. אוּבֶּר דֶם הָט עֶר אוּם גְהַלְטֶן פַר אַמְשִׁיגֶנוּם אוּנ ר׳ גֵרְשׁוֹן אִיז אוּךְ גְשְׁטַנוּן אוּנ מִזְרָח וַונְט הָאט עֶר גֶזֶעהְן וִוי עֶר לֵייגְט נוּט קֵיין תְּפִילִין הָט אוּם ר׳ גֵרְשׁוֹן גְפְרֶעגְט פַר וָוס לֵייגְסְטוּ קֵיין תְּפִילִין הָט עֶר אוּם גֶעעֶנְטְפֶרְט אוּךְ הָבּ גֶזֶעהְן אוּנ טַייטְשׁ סְפָרִים וֶוער עֶס לֵייגְט תְּפִילִין אוּנ חוה״מ אִיז חַיָּב מִיתָה. אִיז ר׳ גֵרְשׁוֹן זֵייעֶר בְּרוֹגֶז גְוָורוּן אוּנ הָט אוּם גְנוּמֶן אוּנ הָט אוּם אַרַיין גְפוּרְט לְהָרַב אב״ד אוּנ הָט אוּם גְבֶּעטוּן אַז עֶר זָאל אוּם זָגוּן מוּסָר עֶר זָל זוּךְ אַזוּ נוּט פוּרוּן חָטְשׁוּ מֶען הָט אוּם גְהַלְטוּן פַר אֵיין יְרֵא חֵטְא נָאר וַוייל מֶען הָט אוּם גְהַלְטוּן פַר אֵיין גְרוֹסוּן עַם הָאָרֶץ הָט עֶר גְזָגְט אֵיין עַם הָאָרֶץ קֶען נוּט זַיין אֵיין יְרֵא חֵטְא וּבִפְרָט עֶר פוּרְט זִיךְ וִוידֶר לַייט אוּנ פַּסְקוּת זוּךְ אַלֵיין אוּנ דֶר רַב אִיז גְוֶועֶן אַגְרוֹסֶר צַדִּיק וִוי זֵיי זֶענוּן אַרַיין גְקוּמֶן צוּם רָב אוּנ שְׁטוּבּ אַרַיין הָט ר׳ גֵרְשׁוֹן גְקוּשְׁט דוּ מְזוּזָה אוּנ דֶר בעש״ט הָט אַרוּף גְלֵייגְט דוּ הַנְד אוּף דֶר מְזוּזָה אוּנ זוּ הָט נוּט גְקוּשְׁט. אִיז ר׳ גֵרְשׁוֹן אוֹיף דֶעם אוּךְ בְּרוֹגֶז גְוָורוּן. אוּנ זֵיי זֶענְן גְקוּמֶז פַר דֶם רַב הָט דֶר בעש״ט פַר אוּם גְלָזְט וַוייזְן אַבִּיסֶל וָוס עֶר אִיז הָט דֶר רַב אַבְּלוּק גֶגֶעבּוּן אוּף דֶם בעש״ט. אוּנ הָט דֶר זֶעהְן אוּף אוּם אַגְרוֹם לוּכְט הָט זוּךְ דֶר רַב אוּף גְחַפְּט פַר אוּם אוּנ דֶר נָאךְ הָט דֶר בעש״ט וִוידֶר גְמַכְט וִויסֶן פַר דֶם רָב וָוס בַּיי אוּם טוּט זוּךְ הָט זִיךְ דֶר רַב וִוידֶר אוּף גְחַפְּט. אַזוּ הָט עֶר גְטוּן עֶטְלוּכוּ מָאל. אַמָל הָט זוּךְ גְוִויזוּן אַז עֶר אִיז אֵיין הֵיילוּגֶר מֶענְשׁ. אַמָל הָט זִיךְ אוּם גְוִויזֶן אַז עֶר אִיז אֵיין פְּרָאסְטַק הָט ר׳ גֵרְשׁוֹן אָן גְהוֹבּוּן צוּ קְלָגוּן אוּף דֶם בעש״ט פַר דֶם רַב מְכַחַ דוּ תְּפִילִין וּמְזוּזָה וָוס עֶר הָט נוּט גְלֵייגְט קֵיין תְּפִילִין אוּנ חוה״מ. אוּנ וָוס עֶר הָט נוּט גְקוּשְׁט דוּ מְזוּזָה אוּנ דֶר רָב הָט זוּךְ מַשְׁמִיט גְוֶועֶן פוּנ׳ר גֵרְשׁוֹן. אוּנ הָט גָאר נוּט גֶעעֶנְפֶרְט אוּנ הָט גְנוּמֶן דֶם בעש״ט אוּנ אֵיין חֶדֶר. אוּנ זָגְט אוּךְ בּוּן אוּף דוּר גוֹזֵר אַז דוּ זָלְסְט מִיר זָגוּן דֶם אֱמֶת וָוס מוּט דוּר טוּט זוּךְ דֶר בעש״ט הָט זֵייעֶר מוֹרָא גְהַט פַר אוּם ווָרוּם עֶר אִיז גְוֶועֶן אַגְרוֹסֶר צַדִּיק אוּנ הָט אוּם גְמוּזְט זָגוּן דֶם אֱמֶת אָבֶּר דֶר בעש״ט הָט וִוידֶר גוֹזֵר גְוֶועֶן אוּף דֶם רָב אַז עֶר זָאל פַר קֵיינוּם נוּט אוּם זָאגְן. דֶר נָאךְ אִיז דֶר רַב אַרַיין גֶקוּמֶן צוּ ר׳ גֵרְשׁוֹן אוּנ זָגְט אוּךְ הָבּ אוּךְ אַזוּ גְטוּן וִוי אוּר הָט מִיךְ גְבֶּעטוּן. אוּךְ פַר שְׁטֵיי חָטְשׁוּ עֶר אִיז אַפְּרָסְטַק וֶוט עֶר פְּרָט נוּט אַרוּם גֵיין חוּץ לְשִׁיטָה. לָאז מֶען אוּם לָאזוּן פִירֶן וִוי עֶר פוּרְט זוּךְ. עֶר מֵיינְט נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטְס עֶר טוּט אַלְץ מוּט זַיין עֶרוּנְצֵקֵייט. אוּנ דֶר נָאךְ אִיז גְגַאנְגֶן דֶר רָב

סיפורי אנשי שם

הָט אִ׳יעֶר גְהַאט גְרוֹס גְלוּק אוּנ דֶער אַנֶדֶרֶר הָט גְהַט גְרוֹס אוּמְגְלוּק. רַב חִסְדָּא הָט גְלֶעבְּט זֶעבְּצוּג יָאר דֶער קֶעגוּן הָט רָבָא נוּט מֶער גְלֶעבְּט נָאר פֶערְצוּג יָאר. רַב חִסְדָּא הָט דֶער לֶעבְּט זֶעבְצוּג חֲתוּנוֹת בַּיי זַיינוּ קִינְדֶר אוּנ אֵיינִיקְלוּךְ אוּנ

צוּ דֶער מְזוּזָה זֶעהְן א״ב זוּ אוּז כָּשֵׁר. וַוייל דֶער בעש״ט הָט נוּט גְוָולְט קִשֶׁען הָאט עֶר גוּפִינֶען אַז דוּא מְזוּזָה אוּז פָּסוּל:
אֵיינֶער פוּן ר׳ גֵרְשׁוֹנְס תַּלְמִידִים אוּז גְפָארֶן צוּ ר׳ גרשון דֶ״ם בעש״ט זַיין שְׁוָואגֶער אוּז עֶר דוּרְךְ גְפָרוּן וִוי דֶער בעש״ט אוּז גֶזֶעסוּן הָט מֶען אוּם צוּא גְנוּמֶען מוּט גְרוֹס כָּבוֹד. דָם אוּז גְוֶוען אוּנ יוֹם ג׳ אַז זֵיי הָאבֶּן אָפּ גְגֶעסוּן רוּפְט זוּךְ אָן דֶער אוֹרֵחַ ר׳ גֵרְשׁוֹנְס תַּלְמִיד. יִשְׂרָאֵל גְרֵייט מוּר אָן דוּ פֶּערְד אוּךְ ווִיל תֵּיכֶף פָּארוּן אוּז עֶר גַגַנְגֶן אוּנ הָט גְנוּמֶען דוּ פֶּרְד אוּנ הָט אוּם אַלֵיין אַיין גְשְׁפַּנְט דוּ פֶּערְד זָאגְט דֶער בעש״ט צוּ אוּם וָוס וָולְט גְוֶוען אַז אוּר זָלְט דָא שַׁבָּת הַלְטֶן הֵייבְּט אָן דֶער תַּלְמִיד זֵייעֶר צוּ לַכוּן אוּנ אוּז אַוֶועק גְפָרֶן וִוי עֶר אוּז אַוֶועק גְפָרֶן אַהַלְבּוּ מַייל הָט זוּךְ אוּם צוּ בְּרָאכוּן אַיין זַאךְ אוּז עֶר ווִידֶער צוּ רוּק גְקוּמֶען נוּט מַיין עֶס הָט זוּךְ אוּם גְפוּרְט בְּיוֹם ג׳ מִיטְוָוךְ אוּנ דָאנֶערְשְׁטוּג וָוס נוּט צוּ דֶער שְׁרַייבּוּן אוּז עֶר אַלֶץ צוּ רוּק גְקוּמֶען וְגַם בְּיוֹם ו׳ הָט עֶר גְוָולְט אַוֶועק פָּארוּן הָט זִיךְ אוּם גְטְרָפֶען סִבּוֹת כּוּז עֶר הָט גְמוּזְט בְּלַייבּוּן שַׁבָּת בַּיים בעש״ט הָט עֶר זוּךְ זֵייעֶר מְצַעַר גְוֶוען וָואס עֶר בְּלַייבְּט דָא שַׁבָּת עֶר הָט זוּךְ גְטְרַכְט וָוס הַלְט אוּךְ דָא שַׁבָּת בַּיי אַזוֹ אַגְרָבּוּן רַאנְדַר אַפְּרָסְטַק אַדָרְפְּס מַאן דֶר וַוייל זֶעהְט עֶר וִוי דֶם וַוייבּ פוּן דֶם בעש״ט מַכְט צְוֶועלוּף חַלוֹת אוּף שַׁבָּת הָט עֶר זוּךְ זֵייעֶר פַר ווִינְדֶרְט אוּנ פְרֶעגְט דָם וַוייבּ וָוס טוּג דוּר צְוֶועלְף חַלוֹת עֶנְפֶרְט זוּ חָטְשׁוּ מַיין מַאן אוּז אַיין (עַם הָאָרֶץ) עֶר אוּז פָּרְט אַיין אָדָם כָּשֵׁר אוּךְ הָבּ גְזֶעהְן בַּיי מַיין בְּרוּדֶער מַכְט מֶען צְוֶועלוּף חַלוֹת מַאךְ אוּךְ אוּךְ י״ב חַלוֹת פְרֶעגְט עֶר אוּז דָא אַבֶּעדוּל זָגְט זוּ עֶס אִיז דָא אַבֶּעדוּל אוּנ אַמִקְוָה פְרֶעגְט עֶר וָוס טוּג דָם אַייךְ זָגְט זוּ ווִידֶר מַיין מַאן גֵייט אַלֵה טָאג אוּנ מִקְוָה חָטְשׁוּ עֶר אוּז אַפְּרָסְטַק פוּן דֶעסְט וֶועגוּן הָט זוּךְ דֶער אוֹרֵחַ פָּרְט מְצַעַר גְוֶוען וָוס עֶר אוּז גְבְלִיבֶּן שַׁבָּת עֶס אוּז גוּקוּמֶען פַר נַכְט דוּ צַייט פוּן מִנְחָה פְרֶעגְט דֶער אוֹרֵחַ דָם וַוייבּ וִוי אוּז דַיין מַאן זָגְט זוּ עֶר אוּז נָאךְ אוּנ פֶלְד בַּיי דוּ בְּהֵמוֹת הָט דֶער אוֹרֵחַ גַּד ווִינְט מִנְחָה מְקַבֵּל שַׁבָּת גְוֶוען אוּנ מַעֲרִיב אוּךְ גַדַווִינְט אוּנ דֶער בע״ש אִיז נָךְ נוּט גְקוּמֶען עֶר הָט מִתְפַּלֵּל גְוֶוען אוּנ זַיין שְׁטוּבֶּל דֶער נָךְ אוּז עֶר גְקוּמֶען אוּנ גְרָבִּן קְלֵייד אוּנ הָט זוּךְ גְמַאכְט אַגְרָאבּ קוֹל אוּנ זָאגְט גוּט שַׁבָּת מוּט אַגְרָבּ קוֹל וִוי אַפְּרָסְטַק אוּנ זָגְט צוּם אוֹרֵחַ אוּךְ הָבּ אַייךְ גְזָגְט אַז אוּר זָלְט דָא שַׁבָּת הַלְטֶן אוּז אַזוֹ אוּם גְקוּמֶען דֶער נָאךְ הָט זוּךְ דֶער בעש״ט גְשְׁטֶעלְט בַּיי דֶער וַואנְט גְלַייךְ וִוי עֶר דַווִינְט דֶער נָאךְ הָט זוּךְ דֶער בעש״ט גְטְרַכְט אַז אוּךְ וֶועל אַלֵיין מַכוּן קִידוּשׁ וֶועט עֶר דָךְ זֶעהְן מַיין הִתְלַהֲבוּת הָט דֶער בעש״ט כְּלָמֶרְשְׁט אָבּ גְדַווִינְט אוּנ דֶער גוּף ו׳י אַדָרְפְּס מַאן אוּנ הָט גְהֵייסוּן דֶער אוֹרֵחַ זָל קִידוּשׁ מַכוּן אוּנ הָבּוּן זוּךְ גְזֶעצְט עֶסֶן וִוי אַדָרְפְּס מַאן דָם וַוייבּ אוּז גֶזֶעסֶן לֶעבּן אוּם אוּנ הָבֶּן גְגֶעסֶן דֶער בעש״ט מוּט דֶם וַוייבּ זֶנֶען גֶזֶעסוּן לוּבֶּטֶג אָבֶּר דֶער אוֹרֵחַ אוּז גֶזֶעסְן מוּט גְרוֹס צַעַר וַוייל עֶר אוּז דָא שַׁבָּת גְבְּלִבֶּן זָאגְט דֶער בעש״ט צוּם אוֹרֵחַ זָגְט אַבִּיסֶל תּוֹרָה דוּ סֶדְרָה אוּז גְוֶוען פ׳ שְׁמוֹת הָט דֶער אוֹרֵחַ דֶער צֵיילְט גַר דוּ מַעֲשֶׂה פוּן מִצְרַיִם וִוי מֶען הָט גְנוּמֶען דוּ יְהוּדִים אוּנ גָלוּת גְלַייךְ וִוי אוּנ פָּסוּק שְׁטֵייט אוּנ דֶער בעש״ט הָט צוּ גְהֶערְט גְלַייךְ וִוי מֶען דֶער צֵיילְט אוּם אַבִּיסֶל נַייֶס הָט מֶען גִבֶּט דֶם אוֹרֵחַ אוֹבֶּן אָן בַּיים טוּשׁ אוּנ דֶער בעש״ט הָט זוּךְ אוּךְ גְלַייגְט שְׁלָפֶן עֶס אוּז גְקוּמֶען אַרוּם הַלְבּוּ נַכְט הָט זוּךְ דֶער אוֹרֵחַ אוּף



רָבָא הָט דֶער לֶעבְּט דָם זֶעכְצוּג קוֶוֶדר אוּנ אַיינִיקְלוּךְ זֶענוּן בַּיי אוּם גְשְׁטָרְבּוּן.
רַב חִסְדָּא אוּז אַזַא עוֹשֶׁר גְוֶוען דָם זַיינוּ הוּנְד הָאבֶּן קַיין בְּרוֹט נוּט גְוָולְט עֶסֶן

גְחַפְּט אוּנ הָט אַבְּלוּק גְטוּן אוּיף דֶם אוֹבֶן אוּז לֶבְּטוּג הָט עֶר גְמֵיינְט עֶס בְּרֶנְט אוֹיף דֶעם אוֹבוּן אוּנ אוּז אוּף · גְשְׁטַנְן עֶר הָט גְמֵיינְט אַז דוּ שְׁפֶּענוּר אוּנ הָלְץ בְּרֶענְט אוֹפֶן אוֹבְן ווִי עֶר אוּז גְקוּמֶן נָהִינְט צוּם אוֹבוּן הָט עֶר גְזֶעהְן גְרוּסוּ לֶבְּטִיקֵייט הָט עֶר אַשְׁפְּרוּנְג גְטוּן אוּנ אוּז חָלָשֶׁת גְבְּלִיבֶּן אוּנ מֶען הָט אוּם דֶר מוּנְטֶערְט זָאגְט דֶר בעש״ט צוּם אוֹרֵחַ קוּק נוּט ווִי מֶען דַּרְף נוּט אוּנ דֶר פְּרוּה אוּז דֶר בעש״ט גְגַנְגֶן דַוִינוּן אוּנ זַיין שְׁטִיבְּל ווִי עֶר הָט גְהַט הִתְבּוֹדְדוּת ווִי זַיינְסֵדֶר אוּז תָּמִיד גְוֶועןָ־אוּנ אַז עֶר אוּז אַהֵיים גְקוּמֶן אוּז עֶר גְקוּמֶן לִסְטֶג אוּנ הָט שׁוֹנָאן גְהוּבֶּן בִּגְלוּי לִיסְטִיגֶר הֵייט אוּנ הָט גְזָגְט (אֲסַדֵּר לִסְעוּדָתָא) מוּט גְרוֹס פְּרוּמְקֵייט אוּנ הָט זוּךְ גֶזֶעצְט עֶסוּן אוּנ דֶר בעש״ט בֶּעט דֶם אוֹרֵחַ אַז עֶר זָל זָאגוּן ווִידֶר דִבְרֵי תּוֹרָה דֶר אוֹרֵחַ אוּז גָר מַמֶּשׁ מְבוּלְבָּל גְוֶוערְן וָוס פַר אַתּוֹרָה עֶר זָל פַר אוּם זָגוּן אוּנ הָט אוּם גְזָגְט אַמַאֲמַר מוּט אַפְּשַׁט זָגְט דֶר בעש״ט אוּךְ הָב גְהֶערְט אַנַנְדֶרְן פְּשַׁט אוֹיף דֶם מַאֲמַר נָךְ דֶר סְעוּדָה אוּז עֶר גְגַנְגֶן אוּנ זַיין הִתְבּוֹדְדוּת שׁ. בֶּל נָךְ מִנְחָה אוּז עֶר שׁוֹן גְקוּמֶן ·אַהֵיים מוּט הִתְגַּלוּת אוּנ הָט גְזָגְט תּוֹרָה בַּיי שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת גְרוֹסוּ כּוּדוֹת הַתּוֹרָה וָוס מְהָאט דָם קֵיין מָל נוּט גְהֶערְט אוּנ הָט גְדַווִינְט מַעֲרִיב אוּנ הָט גְמַכְט הַבְדָלָה ווִי זַיינְסֵדֶר אוּז דֶר נָךְ הָט עֶר גוֹזֵר גְוֶוען אַז עֶר וֶועט זַיין בַּיי ר׳ גֵרְשׁוֹן זָ״ל עֶר נוּט מְגַלֶּה זַיין קֵיין שׁוּם זַאךְ נָר צוּ דוּ חֲסִידִים אוּנ צוּם רַב זָלְסְטוּ גֵיין אוּנ זָלְסְט זָאגוּן בְּזֶה הַלָּשׁוֹן עֶס אוּז דָא אַרוּם אַייךְ אֵיינְאוּר גָדוֹל עֶס אִיז רֶכְט אוּר זָלְט אוּם בְּרֶענְגֶן אוּנ שְׁטָאט אַרֵיין אַז דוּ חֲסִידִים אוּנ דֶר רַב הָבֶּן דָם גְהֶערְט אוּז בַּיי זֵיי אַלוּ גְבְּלִיבֶּן דָם מוּז זַיין דֶר ר׳ יִשְׂרָאֵל אוּנ הָבֶּן זוּךְ דֶר מַנְט אַלוּ פְּלִיאוֹת וָוס ר׳ יִשְׂרָאֵל הָט גְטוּן וָוס הָט זִיךְ גְדַבְט ווִי נוּט קֵיין בַּר דַעַת אוּנ אַנְדֶרוּ זַכוּן וָוס עֶר הָט גְטוּן אוּז אַלְץ טוֹב וְיָשָׁר אִיז גִיבְּלִיבֶּן בַּיי אַלוּ אַז זֵיי זָאלוּן פָארוּן אִין דֶרֶךְ אַרֵיין אוּנ בֶּעטוּן אוּם אַז עֶר זָאל קוּמֶן אוּנ שְׁטָאט אַרֵיין אוּנ דֶר בעש״ט הָט גְוִויסְט אַז זֵיי פָרוּן צוּ אוּם אוּז עֶר אַלֵיין גְפָרֶן אוּנ שְׁטָאט אַרֵיין הָבֶּן זֵיי אוּם בַּגֶגִינְט אוּנ זֶענְן אַרָפּ. גְגַנְגוּן פוּן דוּ וֶועגִין אוּנ הָאבֶּן גְמַאכְט אוּנ וַואלְד אֵיין אוֹרְט פוּן הָלְץ צְווִישֶׁן דוּ בֵּיימֶר פוּן דוּ צְוַוייגֶן הָבֶּן זֵיי גְמַכְט ווִי אַשְׁטוּל אוּנ הָבוּן אוּם אוּיף גְנוּמֶן פַר אַרַב אוּנ עֶר הָט פַר זֵיי גְזָאגְט דִבְרֵי תּוֹרָה :

כָּל הַפְּעוּלוֹת וְהַמוֹפְתִים וָוס דֶער בעש״ט הָט גְטוּן אוּז אַלְץ גְוֶוען פוּן דוּ כְּתָבִים וָוס זֶענְן צוּ אוּם גְקוּמֶן פוּן בעש״ט ר׳ אָדָם אוּנ דוּ כְּתָבִים הָט דֶר בעש״ט פַר שְׁלָסוּן אוּנ אַשְׁטֵיין בַּרְג הַיְינוּ עֶר הָט מַשְׁבִּיעַ

סיפורי אנשי שם

וָוייל זֵייא הָאבֶּן גְהַאט גוּנוּג פְלֵייש צוּא עֶסוּן אוּנ רָבָא מוּט זַיין בְּנֵי בַּיִת הָאבֶּען אֲפִילוּ נוּט גְהַאט קֵיין גֶערְשְׁטִין בְּרוּט ווַייל עֶר הָט אַגְרוּסוּן דַלוּת גְהַאט · אוּנ דָאךְ הָט רָבָא אוּם נוּט מְקַנֵּא גְוֶוען · דְרוּם זָאל דֶער מֶענְשׁ קֵיין קִנְאָה וְשִׂנְאָה נִיט הָאבֶּן וֶוען יֶענוּם גֵייט בֶּעסֶר · דֶען דוּא צַייט בָּעוֹלָם הַזֶּה אוּז גָאר קוּרְץ אוּנ בָּעוֹלָם הַבָּא אוּז יֶעדִיר צַדִּיק גְלַייךְ חָשׁוּב :

מעשה אֵיינֶר הָט גְהֵייסֶן רַב יוֹסֵף דֶר זוּן פוּן ר׳ יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי עֶר הָט גְחַלוּשְׁת. דֶער גַאנְצֶר עוֹלָם הָאט גְמֵיינְט אַז עֶר אוּז שׁוּין טוּט אוּנ אַטֵייל מֶענְטְשֶׁן הָאבֶּען גְמֵיינְט אַז עֶר אוּז אוּנ דוּא הִינֶער פְלֶעט גְלֶעגוּן. מוּט אֵיין מָאל אוּז עֶר ווִידֶר צוּא זוּךְ גְקוּמֶן אַזוֹ פְרֶעגְט אוּם זַיין פָאטֶער מַיין זוּן ווָאס הָאסְטוּ גְזֶעהְן אוֹיף יֶענוּם עוֹלָם · זָאגְט עֶר צוּא זַיין פָאטֶר אוּךְ הָאבּ גְזֶעהְן אֵיין פַר קֶערְטוּ וֶועלְט · דִיא אַלוּ ווָאס זֶענוּן אוֹיף דֶער וֶועלְט גְוֶוען חָשׁוּב דוּא זָענוּן אוֹיף יֶענֶר וֶועלְט

גוועןדם שטיין הט ער זוך גפונט אונ דער גך הט ער זוך פר שלסון אונ דו כתבים זענון גיבליבון אונוויינוג. הרב המובהק דקיק פולנאי אוף דר עלטר הט ער גזגט איך הב ביכולת צו נעמונזיי פונדם שטיין וואורום אוך וויים ווי זייא לוגען נאר וייל דער בעש"ט הט זיי פר שלסון וויל אוך זיי נוט רורן אוו. הט גזגט אז דו כתבים זענון נתגלה גוורון אויף דר וועלט פינף מאל היינו לאברהם אבינו אונ צוא יהושע דער זון פון נון אונ צוא ר' אדם בעש"ם אונ צוא ר' ישראל סעש"ט אונ דעם פיפטן וויים אוך נוט :

התגלות הבעש"ם ז"ל

דער הייליגר בעש"ט ז"ל איידר ער אוז נתגלה גוורן פלעגט ער זוך אויף צו הלטן אונ מערות אונ אינוועלדר כדי ער זאל קנון הבון התבודדות זל קענון דינן השי"י אונ קיין מענש זל אום נוט שטרון פון דר עבודה צו זיין היילגן נמן צווישן דער שטאט קאסוב אונ צווישן קוטוב צווישן דו גרוסו בערג אוז דא אמערה ווס ער הט זוך דארט אלנגו צייט מתבודד גוועןאונ דר נעבונאוו דא אמקוה ווס דר בעש"ט ז"ל הט זוך דארטון תמיד טובל גוועזן. דו מערה מוט דר מקוה אוז נךדא ביז היינט ווער עם פרט דרטן קענזו זעהן אין דר צייט הט אן גהובן דר בעש"ש ז"ל נתגלה ווערן ער הט אן גהובן צו וייזון ווינדרליכו זכון ער אוז גוועזן אין פועל ישועות כדי ער זאל קאנון צו בייגון יודן צו דונון השי"י צו דו דרכי החסידות אזו ווי ער הט זוך גפירט דעמלט אוז גוועזן אונ דר שטאט העליטש אגרוסן גביר ער הט גהט אבת יחידה נאר זו אוז קראנק גווארן אונ אוז משוגע גוורון אז קיין שום דאקטר הט אור נוט גקאנט העלפין דר גבור אור פטר הט זייער פיל איינגוועגד

סיפורי אנשי שם

שפל אונ זיצן הינטן . אונ דוא ווס זענון אויף דער וועלט שפל גוועזן דו זיצן אובון אן אונ הומל . אזו זאגט זיין פאטר צוא אום מיין זון דוא האסט איין אמתו וועלט גזעהן דרום זאל דער מענטש אויף יענום קיין קנאה ושנאה נוט האבן . דען אמאל האלט מען איינום גאנץ שפל אויף דער וועלט אוז ער חשוב אויף יענר וועלט :

מעשה צוויי מענשן זענון צו נגאנגנון צו זאמון איינר אוז אגרוסר בעל קנאה גוועזן ווס ער פר גונט נוט יענום ווס ער הט . דער אנדרר אוז אגרוסר חומד גוועזן דאס ער גליסט צוא אלום וואס יענר האט . איין מאל בגעגנון זיי דם מלך זאגט דער מלך צו דו צוויי איינער פון אייך זאל פון מור פאדרין וואס ער פר לאנגט וועל אוך אום געבון דאגעגנוי וועל אוך דעם אנדרין טאפול געבון דער בעל קנאה הט מורא צו פדרין דען ער פר גינט נוט יענום דם יענר זאל טפיל האבן דער חומד האט אויך מורא צו פאדרן דען ער וואלט גערן זיין חברס געלד אויך צו גנומן ווס ער וועט בקומען פינעם מלך . זאגט דער חומד אדוני מלך איך פאדיר דו זאלסט מור איין אוג אוים שטעכון אונ מיין חבר ביידו אוגון . פון דר מעשה קאן מען זעהן ווי גרוס עס אוז דו עבירה פון קנאה ושנאה דען ווען ער וואלט גוועזן גפאדרט טוזונט גולדן וואלט זיין חבר צוויי טוזונט גולדן בקומן אזו האט ער ליבר גוואלט איין אוג פר לירן כדי זיין חבר זאל ביידו אוגון פר לירן :

מעשה שלמה המלך הט גהט צוויי שרייברם דו זענן זייער שיינו מענשן גוועזן איינר הט גהייסן אלי חורף אונ דער אנדרר הט גהייסן אחיה איין מאל זעהט שלמה המלך דאס דער מלאך המות אוז טרורוג אזו זאגט ער צוא אום ווס בטייט

זיא זאל גהיילט ווערון עס הט אבר נוט גהלפן אזו האבן אום פיל מענשן גזגט ער זאל פרון צום בעש"ט ז"ל אזו וועט זיא בשטימט גהיילט ווערון . ודער גביר איז בשלום גפרןצום בעש"ט ז"ל אונ ער הט אום זייער גבעטון ער זאל מוט אום פרון קיין העליטש ער זאל העלפון זיין טאכטער :

דר בעש"ט ז"ל הט אום צו גזגט וייל ער הט גוולט עס זאל מפורסם ווערן דר דרך החסידות עס זל מפורסם ווערון דו דרכי עבודת הש"י אזו ווי עס איז צו אום נתגלה גוורון מפי אליהו ז"ל דדורך הט ער גטרכט אז ער וועט פרון אונ דרטון וועט ער זוך אוף הלטון אונ ער וועט צו ציהן מענשן צו עבודת הש"י אזו איז דער בעש"ט ז"ל גפרון קיין העליטש אוף דם וועג ווי זיי זענדורךגפרןדורךדר שטאט פוסטן האבן זיי דרטן גנעכטיגט ביי דר נכט בחצות לילה איז גוורןאגרוס גוולט אונ שטאט אונ מען האט גרופן אז ווער עס הט יראת שמים אונ הרץ אונ ווער עס הט מורא פר הש"י זאל גיין אונ שול אריין תהלים זגון אונ בעטון אונ וויינןפר הש"י ער זאל זוך מרחם זיין אויף דער שטאט מען זאל מבטל זיין פון זייא דוא ביטרו גזירה דר בעש"ט ז"ל הט גפרעגט וואס פר ארעש עס איז אונ שטאט מען האט אום דער ציילט אז עס איז אביטרו גזירה אונ דר שטאט דר שר העיר זיין טכטר איז זייער קראנק אונ קיין דאקטער קען אור נוט העלפין אזו הבונדו גלחים איין עצה געגבון דם שר פון דר שטאט אז ער זאל בפעלון אוף דו יודן אז זייא זאלן מתפלל זיין אוף אור פר הש"י אונ אז זיי וועלון נוט פועל זיין ביי הש"י איז אסימן אז הש"י הט זיי פיינד אונ דורך זייערו זונד איז קרנק זיין טכטר אונ ער וועט זיי אלו ארוס טרייבוןאונ שלגוןאונ הארגנון אובר דעם זענון דו יודן אזו פר ביטרט אונ שרייאון אונ וויינון פר הש"י ער זאל זיי העלפןפון דר גרוסו צרה דר בעש"ט ז"ל זגט צו זיי גייט צום שר אונ זגט אום אז עס איז גקומן אגרוסור חכם איוד וויל היילן דיין טאכטער ער נעמט זוך אונטר אז ער זל אור הלפון דו יודן זענון גגאנגונ צום שר אונ הבון אום דר ציילט אז איין יוד וויל זוך אונטר נעמון זיין טכטר צו היילן הט ער צום ערשטין ניט גוולט בוז זיי הבן אום שטרק מפציר גוועזן הט ער גגעבון רשות ער זאל קומן פר אום צוא היילון דו טאכטער :

## סיפורי אנשי שם

דם ווס דוא בוסט אזו טרורוג מער ווי תמיד . אזו זאגט דער מלאך המות מען פר לאנגט פון מור דאס אוך זאל דוא צוויי שיינו מענשין דוא נשמה צו נעמון . ווי שלמה המלך הט דם גהערט אזו נעמט ער דו צוויי שיינו מענשין אונ גוט זייא דוא שדים זיי זאלן זיי אוועק פירון אונ דר שטאט לוז דען דארט איז קיינר ניט גשטארבן . דען דר מלאך המות הט דארט נוט גטארט אהין קומן . ווי דו צוויי שיינו לייט זענון גקומן פר דעם טויער פון דעם אורט . אזו איז דר מלאך המות זייא אקעגון גקומען אונ זיי זענון גשטארבון . דעם אנדרין טאג זעהט שלמה המלך דעם מלאך המות זייער לוסטוג . אזו פרעגט ער אום ווס בוסטו היינט אזו לוסטיג אזו זאגט דער מלאך המות ווארום זאל אוך נוט זיין לוסטיג פריר הב אוך דו צוויי לייט נוט גקענט טון ווייל זייער גזר איז אויף דעם אורט ניט גוועזן . אונ ווי דוא האסט זיי אהון גשיקט איז דרט זייער גזר אויס גגאנגן אזו האב אוך זייא דוא נשמה צוא גנומן . אזו הט שלמה המלך גזאגט דוא פוס פינעם מענש זענון ערבים וויא הש"ת בגערט דארט פירען אום דוא פוס דרוב

זאל

אַזו איז דער הייליגער בע"ש ז"ל גגאנגען אונ פּריצים הויף אונ ער האט געזאגט מען זאל אַרוס נעמען אַלו אומריינו זאכן פון דער שטוב אונ יעדער מענש זאל אַרוס גיין פון דעם חדר עס זאל קיינער נוט דערטן געפינען זיך אונ מען זאל זו לייגון אויף דער לינקער זייט דער נאך וועט ער אַריין גיין זו הייליגן אונ זיי האבן אַלין גטון אַזו ווי ער האט געהייסון. עס האט זוך אָבער דערטון בהאלטון אַגלח אונ אַווינקל כדי ער זאל קנון זעהן וואס דער בע"ש ז"ל טוט נאר אָבער אונ דער רגע ווי דער בע"ש ז"ל איז גקומן אייף דער טיר האט ער געזאגט עס ליגט דא איינער וואס האט זוך בהאלטען מען זאל אום אַרוס טרייבון האט מען גזוכט האט מען געפונען דעם גלח ווי ער האט זוך בהאלטון אונ מען האט אום אַרוס גטריבון דער בע"ש ז"ל האט גנומן אַפטשיילו אונ האט זוך פר בונדען דו באָרד אונ דו פאות עס זאל קיין האר פון זיי נוט אַרוס קוקן דער נאך האט ער זיך אַיין גבוגון אונ האט אויר עפוס געזאגט אונ אויר אויער אַריין אונ ער איז תיכף אַוועק גגנגון אונ ער האט געזאגט אַז זו איז שוין אונ גנצן גהיילט אונ עס איז אַזו געווען דם איז געווען לפלא ביי אַלו מענשן וואס זענון דערטן געווען דערויך איז דער נאמן פון דם בע"ש ז"ל נתפרסם געוואָרון אונ יעדער האט גוויסט אַז ער איז אַאיש מופת גדול אונ מען האט אום גהאלטן פר איין איש קדוש ונורא :

פון דערטן איז דער בע"ש גפארן קיין הליטש מיט דם גביר דער בע"ש ז"ל טרכט זוך עס איז נוט דא קיין נוט וועגדיגו זאך צו טון פלאים חוץ לדרך הטבע אַזו ווי ער האט גטון אונ פוסטון איש עדה גדולה אונ ארגע ווייל דעמלט איז געווען איין עת צרה צו יודן. גרדא וועט ער טון פעולו ער האט געהייסון ברענגגונדו משוגעת אונ דער צייט וואס ער האט גדאווינט אונ גלייענט אונ בהמ"ד אַריין כדי זו זאל הערן דברי קדושה אונ אַלו הייליגו ווערטער פון זיין מול אַזו וועט אַלם ביי פון אויר אנטלופון עס איז אַזו געווען לערך פור וואכון האט גדוערט אונ דם גבירס טכטר דו משוגעת איז געהיילט געוואָרון אונ איז געוואָרן ווי יעדער מענש געזונד אין דעורך איז דער נאמן פון דם הייליגן בעש"ט ז"ל נתגלה געוואָרון אונ דו וועלט האט זוך צו אום צו גיצויגן :

בימים האלה אונ דער צייט איז געווען אַרב אַתלמיד חכם אַמופלג בתורה ער איז געווען אַמתנגד אויף דם בעש"ט ז"ל אונ ער האט תמיד נאך גקוקט דם בע"ש ז"ל ער

סיפורי אנשי שם

זאל זוך דער מענש נוט מצער זיין ווען אום חס ושלום אַצרה צו האנדן קומט אויף דעם וועג וואָרן עס איז אַלדינג פון גאָט אַז דער גזר זאל אַזו זיין . אונזערו חכמים זאגון אַמשל אַז דער דלות שטייט יהודים גאר שיין אָן אַזו ווי אַרויטער צום צו איין ווייס פערד . ווי מור געפינון אונ דו גמרא אַז הקב"ה האט צוא דוא ישראל קיין בעסרו רפואה נוט געפינען וויא דעם דלות אונ דער בן אדם מוז זיין דעמוטיג אונ פרום :

מעשה איין גבירי איז גוועון אונ רוס אַזו זאגט ער צוא איין פרוי ווילסט מוך נעמון פר אַמאן אַזו אַזו זאגט זוא גיין . אַזו נעמט ער איין מול גרוס אונ עסט פאר איר אַז זוא זאל זעהן אונ גיט אויר נוט דער פון כדי ער זאל זוא מצער זיין כדי זיא זאל צוא אום אַיין ווייגון . ווי דוא פרויא האט דם געזעהן איז אויר אן גקומן שפייעכץ אונ מויל אַריין אונ זוא האט דא אַיין גישלינגון אונ איז תיכף גשוואלן געוואָרון . דער נאך פרעגט ער זוא אַציגד ווילסטו מוך נעמון אַזו וועל אוך דוך ווידר געזונד מאכון . אַזו זאגט דוא פרויא יוא אויך וויל דיך נעמון נאר דו זאלסט מיך ווידר געזונד מאכון . אַזו נעמט ער איין אַגדרו מול גרוס אונ עסט ווידר דאס

ז"א

זאל וויסן דם שורש פון דר הנהגה וואס ער טוט . אמאל אום ערב שבת ווען דר בעש"ט ז"ל האט גדאוונט מנחה איז געווען דר שטייגר ער האט גדאוונט מנחה עס איז נאך געווען פיר שעה צו נאכט אונ שמונה עשרה פון מנחה האט ביי אים גדויערט לערך דריי פיר שעה כדי מעלה צו זיין נשמות אונ אויך אלו עולמות דר רב פון דערט האט געזעהן ווי ער איז מאריך אונ דר שמונה עשרה האט אים זייער פר דרסן זווערן ער האט זיך נוט גגלייבט אז א מענש זאל קאנן אזו לנג שטיין אויף די פוס אונ מעמיק זיין אונ דאווינען וואורן אז מען דאווינט גאר פאוולו דורט לערך צעהן מינוט אבער נוט דריי פיר שעה :

דר רב תלמיד חכם זאגט מי יודע וואס ער טוט אצינד אויב וועל גיין אבטוג געבין בקיצור ער איז גנגנגונצום בע"ש אונ האט אויף גהובן דם טלית פון זיין פנים אונ ער האט אום אן גקיקט אונ דר רגע איז דר ת"ה גבליבן אונ חלשות נאר מען האט אים זייער גרטיוועט בוז ער האט זיך דר מנט דר נאך איז ער קרנק גוורן דריי חדשים . אזו האט דר ת"ח דער ציילט וואס ער האט געזעהן דען דר הייליגר בע"ש ז"ל איז געווען אשיינר מענש וואס דם פנים האט גקבטין אצינד האט ער אום געזעהן ווי אטוטון אן אנשמה די אוגון פר גליסט אונ עס איז גגאנגון פון די אוגון טרערון ווי פון ארעור אונ דר גנצר גוף איז גשטנון אזו ווי אגולם אן ארידהר איבר דם האט ער זיך אזו דר שראקון אונ ער איז גבליבן אונ חלשות אונ

דערמולט האט ער אויף זיך מקבל געווען ער זאל גבנע זיין פר דעם הייליגון בעש"ט ז"ל ווייל ער איז געווען קדוש ונורא זיין עבודה וואס ער האט גדינט זיין הייליגון נמן איז געווען וויגדרליך אז קיין מלאכים ושרפים הבון נוט גקאנט משיג זיין אום הש"י זאל אונז העלפון מיר זלן קענון דינן זיין הייליגן נאמון ערינסט אונ מיר זאלון גהלפון ווערון בקרב אמן :

דא ווערט דר ציילט איידר דר בעש"ט איז נתגלה גווארן :

הרב מוהר"ר ר' ישראל בעש"ט האט זיך נוהג געווען מוט גרוס פרישות וטהרה ותעניתים אונ איז גזעסון אגנצו וואך פון יענר זייט טייך וואס האט גהייסן פרוט נר יין שרף פלעגט עס דם ווייב ברענגון ווייטר איז ער גזעסון בזינדר אונ האט גלערינט אין אהיים איז ער גקומן משבת לשבת איין מאל אונ דר וואך האט ער געגעסון נאר ברוט אונ זיין שוואגר ר' גרשון האט אום גהלטן פר אגרוסן בור אונ פלעגט אלו מאל אן ריידון זיין שוועסטר אז זוא זאל זיך גטין אמל האט ר' גרשון בגעגינט דעם בע"ש האט דר בע"ש גהלטון אונטרון בוזם אזוהר האט ר' גרשון גפרעגט צו אום וואס פר אספר הסטו אונ ביזום האט ער אום נוט געגעפרט גייט ער אונ נעמט ארוס פון דם ביזום אונ האט געזעהן אז דם איז אזוהר איז ער ברוגז גוורון אונ זאגט ווי קומסטו דר צו אונ האט ביי אום אוועק גנומן . עס איז אמל געווען אונ שטאט אאשה משוגעת זוא פלעגט זגן איטליכן זיין גיטץ אונ זיין שלעכץ אונ אז דר בע"ש איז גקומן אונ

סיפורי אנשי שם

זיא זאל זעהן אונ זאגט צוא דוא פרוי ווען דור ווידר שפייעכץ אונ מויל קומט אזו שפי תיכף אוים אונ שלינג דם נוט איין . דו פרוי פאלגט אום אונ שפייט אוים ביז אור איז ארוס אשטיק אזו ווי גרין גראז אונ זוא איז ווידר גזונד גווארן. דרום גהער יעדר מענטש אבטונג צוא געבון אז ער עסט זאל ער זיין חבר אויך געבון בפרט אזא זאך וואס איז זאפטוג אודר זוער אז נוט האט ער דעם עונש ווען זיין חבר ווערט קראנק :

מעשה דוא טאכטער פון ר' חנניא בן תרדיון איז אמאל גגאנגון אויף דער

שְׁטָאט אַרַיין הָט ר׳ גֵרְשׁוֹן גִבֶּעטוּן לְהָרַב מְקוּטָב אַז עֶר זָאל פִירֶן זַיין שְׁוָואגֶר ר׳ יִשְׂרָאֵל צוּ דֶר אִשָׁה טָמֵר וֶועט עֶר מְקַבֵּל זַיין פוּן אוּר עֶפּוּס מוּסָר חָטְשׁוּ דֶר רַב מְקוּטָב הָט דָאךְ שׁוֹן גִקֶענְט דֶם בע״ש וִוי אוֹבּוּן אוּז גִשְׁטַאנֶן הָט עֶר גְמוּזְט צוּ לוּב טוּן לר׳ גֵרְשׁוֹן אוּנ אוּז גִגַאנְגוּן מוּט דֶם בע״ש אוּנ אַלוּ זֶענוּן מוּט אוּם גִגַאנְגֶען הָרַב מְקוּטָב אוּז פְרִיר אַרַיין גִקוּמֶען הָט דוּ אִשָׁה גִזָאגְט בָּרוּךְ הַבָּא קָדוֹשׁ וְטָהוֹר אוּנ אוּךְ צוּ אִיטְלִיכֶן וֶוער עֶס אוּז אַרַיין גִקוּמֶען פוּן זַיי הָט זוּ אוּטְלִיכֶן גִזָאגְט זַיינוּ מַעֲלוֹת אוּנ ר׳ ישׂראל בע״ש אוּז צוּם אוּנְטֶערְשְׁטִין אַרַיין גִקוּמֶען עֶר אוּז אַיוּנְגֶער מַאן גִוֶועזֶן זָאגְט זוּא בָּרוּךְ הַבָּא ר׳ יִשְׂרָאֵל דוּ מֵיינְסְט אוּךְ הָב פַר דוּר מוֹרָא אוּךְ הָב נוּט מוֹרָא פַר דִיר אִיךְ וַוייס אַז מֶען הָט דוּךְ בַּשְׁוּוֹרוּן פוּן אוֹבּוּן אוּנ הוּמֶל אַז דוּ זָאלְסְט נוּט עוֹסֵק זַיין בְּשֵׁמוֹת הַקְדוֹשִׁים בּוּז דוּ וֶועסְט אַלְט זַיין זֶעקְס אוּנ דְרַייסוּג יָאר הָבּוּן דוּ לַייט גִפְרֶעגְט זוּ וָוס זָאגְסְטוּ אוּנ זוּ זָאגְט וַוייטֶר דֶם דֶר עוֹלָם הָט נוּט פַר שְׁטַאנֶן וָוס זוּא זָאגְט אוּנ וַוייל זוּ הָט עֶטְלִיכוּ מָאל דָם גִזָאגְט הָט שׁוֹן דֶר בע״ש אוּף אוּר אַגְשַׁרַיי גִטוּן אַז דוּ זָאגְסְט יוּא אַזוּ וֶועל אוּךְ זֶעצוּן אב״ד אִין וֶועל מוּר מַתִּיר זַיין אוּנ דוּךְ נֶעל אִיךְ אַרוּם טְרַייבּוּן פוּן דֶר אִשָׁה וִוי דִיא חֲבֵרִים הָבֶּן דָם גִהֶערְט הָבֶּן זַיי אָן גִהוֹבֶּן צוּ בֶּעטוּן אוּם עֶר זָאל זוּךְ לָזְן מַתִּיר זַיין הָט עֶר נוּט גִוָואלְט עֶר הָט גִזָאגְט עֶס אִיז מְסוּכָּן אַז עֶר וֶועט זוּךְ הַייסְן מַתִּיר זַיין הָט עֶר זַיי זַייעֶר גִבֶּעטִין זַיי זָאלוּן אוּם נִיט מַתִּיר זַיין זָאגְט דֶער בע״ש צוּ אוּר זֶעהְסְט וָוס דוּ בּוּסְט גוֹרֵם מוּט דַיינוּ רֵייד דְרוּם בֶּעט אוּךְ דוּךְ אַז דוּ זָאלְסְט אַלֵיין מוּט גוּטֶן אַרוּם פוּן דֶר אִשָׁה. אוּנ מוּר וֶועלוּן אַלוּ פַר דוּר לֶערְנֶן הָט דֶר רוּחַ צוּ גִזָאגְט אַרוּם צוּ גֵיין מוּט גוּטָן הָט דֶר בע״ש גִפְרֶעגְט דֶם רוּחַ זָאג מוּר וֶוער בּוּסְטוּ עֶנְפֶּרְט עֶר אוּךְ קָאן דוּר אַצִינְד נוּט זָגוּן וָורוּם עֶס וֶועט זַיין אַחֶרְפָּה פַר מַיינוּ קוּנֶדֶר וָוס זֶענֶן דָא אִין שְׁטָאט אַז זַיי וֶועלוּן אַוֶועק גֵיין וֶועל אִיךְ דוּר זָגֶן אַזוּ אוּז גִוֶועזֶן אַז זַיי זֶענוּן אַוֶועק גִגַנְגֶן הָט עֶר א״ם גִזָאגְט וֶוער עֶר אִיז אוּנ הָט גִפָלֶגְט דֶם בעש״ט אוּנ אוּז מוּט גוּטֶן אַרוּם גִגַנְגוּן פוּן דֶר אִשָׁה נָאךְ דֶם אוּז דֶר בעש״ט אַבּוּסֶל חָשׁוּב גִוָוארֶן אָבֶּר מֶען הָט אַלֵיינְנוּט גִוְוִיסְט וָוס עֶר אוּז אוּנ וָוס עֶר בַּטַייט אָבֶּר פַר אַפְּרָסְטַק אֵיין עַם הָאָרֶץ הָבֶּן אוּם אַלוּ גִהַלְטוּן: דָא וֶוערְט שׁוֹן דֶר צֵיילְט וִוי דֶר בעש״ט הָט שׁוֹן אָן גִהוֹבֶּן נִתְגַלֶה צוּ וֶוערוּן:

וַיְהִי נָאךְ דוּ עֶרְשְׁטוּ מַעֲשִׂים וָוס עֶר אוּז אַבִּיסוּל מְפוּרְסָם גִוָורֶן הָט אוּם אַמוֹכֵם גִנוּמֶן פַר אַמְלַמֵד צוּ דוּ קוּנֶדֶר אַז עֶר אִיז גִקוּמוּן צוּם מוֹכֵם הָט דֶר מוֹכֵם גִזָאגְט אִיךְ הָב נוּט קַיין אוֹרְט צוּ לֶערְנְן עֶס אוּז יוּא דָא אַחֶדֶר נָאר מֶען שֶׁענְד דָם חֵדֶר מֶען הַלְט דָם נוּט פַר אַרַיין אוֹרְט עֶס הַלְטוּן זוּךְ בַּעֲלֵי דְבָרִים דֶרְטֶן זָגְט דֶר בע״ש צוּ אוּם נוּט קָשֶׁה אוּךְ וֶועל אַלֵיין שְׁלָפִין דֶרְט אוּנ עֶר הָט זוּךְ דֶרְטוּן קוֹבֵעַ גִוֶועזֶן צוּ זַיין דֶרְטִין בִּקְבִיעוּת אוּנ הָט גִלֶערִינְט דֶרְטוּן מוּט דוּ קִינֶדֶר אוּנ הָט אָפּ גִגֶעבּוּן צוּ דוּ בַּעֲלֵי דְבָרִים דֶם בּוֹדוּם מֶען הָט גִהֶערְט כַּמָה פְּעָמִים וִוי זַיי שְׁטִיפֶּן אוּיף דֶם בּוֹדוּם אוּנ עֶס הָט קַיינוּם נוּט גִשַׁאט אוּנ אַז זַייא הָאבֶּען אַמָאל פוּל גִשְׁטִיפְט הָאט דֶער בעש״ט אַגְשַׁרַיי גִטוּן זֶענְן זַיי שְׁטִיל גִוָוארֶן:

וְגַם עֶס אוּז אַמַעֲשֶׂה גִוֶועזֶן אוּנ דֶם דָרְף וִוי דֶר בע״ש אוּז גִוֶועזֶן מְלַמֵד אוּז נוּט קַיין רֶגְן גִוֶועזֶן אוּנ דֶר צַייט וָוס מֶען דַרְף אוּם הָבּוּן דוּ גוֹיִם פוּן דֶם דָרְף אַרוּים גִטְרָגְן



גַאם וִוי דוּא חֲשׁוּבִים פוּן רוֹם הָאבּוּן זוּא גִזֶעהְן גֵיין אַזוּ הָאבֶּן זַיי גִזָאגְט וִוי גְרוֹס אִיז דוּא גַאֲוָה פוּן דֶר מויד. וִוי זוּא דָם הֶערְט אַזוּ אוּז זוּא נָאךְ מֶער בִּגַאֲוָה גִגַאנְגֶן פַר דָם הָט זוּא הקב״ה גִשְׁטְרָפְט מֶען הָט זוּא תָפוּס אַיין גִזֶעצְט אוּנ אַיין הִירֶען

זַייעֶרוּ גֶעטֶר אוּנ הָאבֶּן אַרוּם גְטְרָאגוּן אַרוּם דָארְף מוּט גַלָהִים וִוי זַייעֶר מִנְהָג אִיז אוּנ דֶר בעש״ט הָט גְזָגְט צוּסמוּכֵם עֶר זָאל אַרוּם שִׁיקוּן צוּ גָאר דוּ סְבִיבוֹת זָלֶן זִיךְ צוּ נוֹף קוּמֶן אַהֶער אוּנ מוּר וֶועלִן גוֹזֵר תַּעֲנִית זַיין אוּנ מִתְפַּלֵל זַיין אוּף רֶעגִין אַז זֵיי זֶענוּן זוּךְ צוּנוֹף גְקוּמֶן הָט זוּךְ דֶר בע״ש אַלֵיין גְשְׁטֶעלְט פַר דֶם עָמוּד אוּנ הָאבֶּן מַעֲרִיךְ בִּתְפִלָה גְוֶועְן דֶר נָאךְ אוּז גְקוּמֶן אֵיין עָרֵל צוּם רִינְדַר אוּנ הָט אוּם גְפְרֶעגְט וָוס אוּז דָם דַהיינְט אַזוֹ אַטָג וָוס אִיר זֶענְט זוּךְ צוּנוֹף גְפָרוּן אוּנ עֶס הָט אַזוֹ לַאנְג גְדוּרְט אַייעֶר תְּפִלָה אוּנ אוּר הָט גְוֵויינְט הָט דֶר רִינְדַר גֶענְפֶרְט מוּר הָבֶּן גְבֶּטוּן אוּף רֶעגוּן הָט וֶ״ר עָרֵל זֵייעֶר גְשְׁפֶּעט אוּנ הָט גְזָגְט וָוס פַר אַנַרוּן אוּר זֶענְט אוּר הָט דָךְ אַלֵיין גְזֶעהֶן וִוי אוּנְזֶרוּ גַלָחִים הָבּוּן זוּךְ שׁוֹן עֶטְלִיכוּ טָאג אַרוּם גְטְרָגוּן מוּט אוּנְזֶרוּ גֶעטֶר אוּנ הָבֶּן גְבֶּעטוּן אוּיף רֶעגוּן אוּנ עֶס גֵייט נוּט קֵיין רֶעגוּן וָוס הָט אוּר זוּךְ גְפָארוּט אוּם זוּסְט אוּז אַהֲוָא אַמִינָא אוּר זָלְט פוֹעֵל זַיין וֶוען זֵיי הָבּוּן נוּט גְפוּלְט הָט דֶר מוּכֶם דֶר צֵיילְט דִי רֵייד פוּן דֶם עָרֵל צוּם מְלַמֵד דֶם בע״ש הָט דֶר בע״ש גְזָגְט גֵיי צוּם גוֹי אוּנ זָאג אִים עֶר זָאל וִויסֶן אַז הַיינְט וֶועט בְּוַדַאי רֶעגְנוּן וְכֵן הָיָה עֶס אוּז גְגַנְגֶן רֶעגוּן דֶם טָאג דֶר נָאךְ הָט זוּךְ דֶר בעש״ט קוֹבֵעַ דִירָה גְוֶועְן אוּנ טְלוּסְט אוּנ אוּז דָרְטִין אוּךְ גְוֶועְן אַמְלַמֵד אוּנ עֶר פְלֶעגְט צוּנוֹף קְלוֹבּוּן אַמִנְיָן הָט עֶר מֵיין נוּט גְהַט נָאר אַסַמִיטִין טוּזְלִיק אוּנ דוּ שׁוּךְ צוּ רִיסֶן וָורוּם עֶר אוּז גְוֶועְן אַגְרוֹסֶר עָנִי אוּנ עֶר פְלֶעגְט צוּ גֵיין אוּנ מִקְוָה אַרַיין הָמְשׁוּ וִוינְטֶר בִּתְקוּפַת טֵבֵת אוּנ פוּן דֶעסְט

וֶוענוּן בְּשַׁעַת דַאוִוינוּן פְלֶעגְט פוּן אוּם רִינוּן שְׁוֵויים טְרָפוּן אַזוֹ גְרוֹס וִוי אַרְבִּים מֶען פְלֶעגְט אַמָל צוּ בְּרֶנְגוּן חוֹלִיִים אוּנ עֶר הָט נוּט גְוָולְט אָז נֶעמִן אַמָל הָט מֶען צוּ אוּם גְבְּרַכְט אֵיין מְשׁוּגָע וּמְשׁוּגַעַת הָט עֶר נוּט גְוָולְט אָן נֶעמוּן אוּנ בַּיי דֶער נַכְט הָט מֶען אוּם מוֹדִיעַ גְוֶועְן עֶס הָט זִיךְ אוּם גְלָזְט דוּא זֶעקְס אוּנ דְרַייסוּג יָאר וָוס עֶר אוּז פַר וֶוערְט גְוֶועְן צוּ טוּן פְּעוּלוֹת אִין דֶר פְּרִי הָט עֶר זוּךְ בַּרֶכִינְט צוּ אוּז דָם אֶמֶת אוּנ הָט אָן גְנוּמֶן דוּ מְשׁוּגָעִים אִין טוּט זֵיי אַפְּעוּלָה שְׁלֵמָה אוּנ הָט זֵיי גְהֵיילְט פוּן דֶענְסְט מָאל אָן הָאט עֶר אַוֶועק גְוָורְפִין דֶם מְלוּמְדוּת אוּנ הָט צוּ גְנוּמֶן אַ־וֹפֵר זָאל אוּם שְׁרַייבּוּן קְמֵיעוֹת אִין מֶען אוּז גְפָארוּן צוּא אוּם פוּן אַלוּ סְבִיבוֹת אוּנ הָט גְקְרִיגֶן אַשֶׁם פַר אבש״ט אוּנ טוּט פְּעוּלוֹת:

אַמָל אוּז גְקוּמֶן צוּ אוּם אַמוּכֵם פוּן אַקְלֵיין שְׁטֶעטוּל אוּנ הָט אוּם גְזָגְט מֶען הָט מוּר כִּישׁוּף גְטָאן וָואס אוּךְ שְׁטֶעל אַנִידֶר בַּיי נַאכְט גֶעלְד אוֹדֶר אַנַנְדֶרוּ זַאךְ אוּנ דֶר פְּרִי בְּלַייבְּט נָר הֶעלְפְט הָט דֶר בע״ש גְהֵייסֶן דֶם סוֹפֵר שְׁרַייבֶּן שְׁמוּרוֹת צוּ אַלוּ חֲדָרִים אוּנ אוּז אַלֵיין אוּיךְ גְפָרִין מִיט דֶם מוּכֵם אַהֵיים וָוארוּם דֶר מוּכְסִין הָט אוּם גְבֶּטוּן אַז עֶר זָאל מוּט אוּם אוּךְ פָרֶן אַז זֵיי זֶענוּן אָן גְקוּמֶן אַהִין הָט דֶר בע״ש צוּנוּף גְלֵייגְט אַלוּ שְׁמוּרוֹת אוּף דֶם כִּישׁ אוּנ אוּז אַרוּים גְגַאנְגוּן אוּיף דֶעם מַרְק הָבּוּן דוּ בְּנֵי בַּית גְזֶעהְן וִוי דֶר רוּחַ וָוס אוּז אָן גְשִׁיקְט גְוָורוּן פוּן אַמְכַשֵׁף הָט זִיךְ גְקוּקוּלְט פוּן אֵיין אוֹרְט צוּם אַנְדֶרִין בִּיז דֶר רוּחַ אוּז גָאר אַרוּם גְגַנְגוּן פוּן דֶר שְׁטוּבּ אַז דֶר בע״ש אוּז צוּ רוּק גְקוּמֶן



הוֹיז . וִוי זוּא אוּז דָארְט גְזֶעסוּן אַזוֹ זָאגְט אוּר שְׁוֶועסְטֶר דֶם אוּז דוּ פְרוֹי פוּן ר מֵאִיר עֶס אוּז מוּר אַחֶרְפָּה אַז מַיין שְׁוֶועסְטֶר זָאל אוּנ אֵיין הִירֶען הוֹיז זִיצוּן . אַזוֹ נֶעמְט זוּא אֵיין מָאס פוּל דוּקַאטוּן מוּט זוּךְ אוּנ פַר שְׁטֶעלְט זִיךְ וִוי אַרַייטֶר אוּנ קוּמְט צוּ אוּר שְׁוֶועסְטֶער אוּנ זָאגְט טוּא מוּר מַיין וִוילֶען זָאגְט זוּא אוּךְ בִּין אַצִינְד אַנְדֶרֶה זָאגְט זוּא אוּךְ וִויל וַורְטִין בִּיז דוּ וֶועסְט ־ַיין וָוערוּן . אַזוֹ זָאגְט זוּא צוּ אִיר שְׁוֶועסְטֶר

פון דם מרק הט מעו גזעהן אז אוף דם טוער פון דם הוף איז גשטנון אגרוסער קאזאק ווי דר בע"ש איז אלין געהנטר גקומן צום טוער איז דר קאזק אלין קלנר גוורון ביז דר בע"ש איז גקומן צום טיער איז גאר נוט גיבליבון אונ דר בע"ש הט מוסר גוועהן שמורות אונ אלו חדרים אונ איז אהיים גפרון אבר דר בעל דבר ווס דר מכשף הט אום אן גשיקט אוף דעם מוכסין איז זייער ברוגז גוועהן אויף דם מכשף וויל ער הט גמוזט אפ טרעטין מיט גוואלד איז ער גגאנגון צום מכשף אהיים אונ הט גהרגת צוויי קינדר פון דם מכשף איז אמילגרון גוקומן צום רונדאר מיט אגרוס גוויין כאשר דר בעל דבר איז גקומן צו אור אהיים מוט אגרוסון כעס אין הט גהרגות אירע צוויי קינדר :

מעשה מהרב החסיד הר' אבא רב מקריבציץ ער איז דער נאך גווארין רב בק"ק שדה לבן :

עס איז צו אום גקומן זיין מחתן הבן זיי זוך מפלפל גוועהן אונ אמשנה אונ דר בע"ש איז גקומן צום רב מקריבציץ זענון זיי אום נוט אקעגון גגאנגון אונ אז דר בע"ש איז אריין גקומן הט ער גזעהן זיי זענון זוך עפוס מפלפל פרעגט ער זיי אונ ווס זענט אור אייך מפלפל הבן זיי גוויזן אנגדרו משנה הט ער זיי גענפרט אוך וויים וואל אז אור הט זוך מפלפל גוועהן אין אנגדרו משנה אבר אוך וויים אונ דער משנה ווס אור הט מור גוויזון אוף גשפט איז דרטון אוך אגרוסו קשיא קשה אין הט זיי גזגט דם פשט פון דר משנה אין איז אוועק גפארון פון זיי דר נאך הבן זיי זוך מיישב גוועהן ווי הבון מור פרור גלערינט דו משנה אונ הבון זוך מיישב גוועהן מור הבון או. אום גאר נוט נוהג כבוד גיוועהן דער בע"ש האט זוך גשטעלט פסון אונ פעלד אונ זיי הבן זיך מיישב גוועהן מור מוזון אום נאך פרן אין זענון אום נאך גפרן הבן זיי אום אן גטרפין אונ זענון גקומן צו אום אונ זענון גוועהן מוט אום איין צייט אונ פון דענסמל אן איז דר קריבציצר רב גפרן צום בע"ש איין מאל אונ חודש :

אמל הט ר' אבא גהלטין שבת ביים בע"ש אונ הט זוך טועה גוועהן אונ דר שמונה עשרה אונ הט גזגט אתה חונן אז ער איז אהיים גקומן צום בע"ש זגט דר בע"ש שיין קריבציצר רב דא גדווינט אתה חונן אום שבת :

אז דר בע"ש איז גפרן קיין שדה לבן הט ער גדווינט מנחה אונ פעלד אונטר דר שטאט אונ דענסמל איז גוועהן הרב אב"ד בשדה לבן בן החסיד ר' חיים אונ הט גדוויינט מנחה אונ שול אז דר בע"ש איז גקומן אונ שטאט אריין איז ער גגנגן אין שיל אריין הערון קדושה והרב ר'

חיים



צו ווס ווילסטו אויף מור ווארטין עס איז דאך דא מער זונ"ת וואס זענון שענור פון מור . אזו זאגט זוא אוך זעה ארום אז מיין שוועסטר איז ערליך וויל זוא הט יעדין דעם זעלבין אוים רייד גזאגט ווער צו אור גקומן איז . אזו גייט דוא שוועסטר צום שומר ווס הט אכטונג געבון אויף אור שוועסטר דאס זוא זאל ניט אנטלופון אונ זוא זאגט צו אום . אוך גיב דיר דו מאס מוט רענדליך אז דוא זאלסט מיר ארום געבון מיין שוועסטר אוים דער תפיסה . ענפרט דר שומר אוך פארכט מוך דאס דער מלך זאל נוט גוואר ווערון . אזו זאגט זוא צוא אום ווען דער מלך וועט גוואר ווערון אזו קענסטו דוא העלפט פון דוא דוקאטין שוחד געבון אזו וועסטו גווים ניצול ווערון אונ דו אנדרו העלפט קענסטו דיר בהאלטן אזו וועסטו איין עושר ווערון . זאגט דר שומר ווען אוך זאל אפילו אלו דוקאטין אוועק געבון שוחד אזו וועט מוך דער מלך אויך ממית זיין וויל אוך האב דיין

שוועסטר

חיים איז נאך געשטאנען שמונה עשרה און דער בע"ש האט זיך געשטעלט און פלוץ איז האט געהייסן זיין גבאי אז ער זאל גיין אראפ נעמען די געשריבענע מנורה וואס שטייט פאר הרב ר' חיים און אז דער רב איז אויס געגאנגען שמונה עשרה האט ער געזעהן די מנורה איז ניט דא האט ער זיך פאר וואונדערט ווער עס האט זיא גנומען האט מען אים געזאגט דער בע"ש שטייט און פאלוש ער האט געהייסן צו נעמען נאך קדושה איז דער רב ארום געגאנגען און פלוץ אין האט געפרעגט דעם בע"ש האט דער בע"ש געזאגט די האסט געהאט א מחשבה זרה און דאווינען מחמת דער מנורה וואס איז געשריבן פאר דיר ווארום דער סופר פון דער מנורה איז געווען איין רשע:

### מעשה

דער בע"ש פלעגט עוסק זיין ברפואות פלעגט צו אים פארן פון אלו סביבות ער האט זיי אלו פעולות געטון און אוסטרא איז געווען א גרויסער דאקטער דער דאקטער האט געהאט א שם אויף דער גאנצער מדינה דער דאקטער איז געווארן געוואהר אז דער בע"ש איז עוסק ברפואות איז ער געווארן מלא חימה און האט זיך בארימט אז ער וועט דער זעהן דעם בע"ש וועט ער אים שיסן עס האט זיך אמאל געטראפן אז הרב ר' אברהם פודלסקר מגיד משרים דק"ק שדה לבן איז זייער שלאף געווען האט ער געשיקט נאך דעם בע"ש איז ער געקומען און האט זיך פאר זוימט ביי הרב ר' אברהם אצייט אין האט אים געהייסן טון כמה וכמה רפואות און די קינדער של הרב האבן מורא געהאט זיך סומך צו זיין אויף אים האבן זיי געשיקט קיין אוסטרא נאך דעם דאקטער אובער הרב האט דער פון ניט געוואוסט דער דאקטער איז שון געווען עטליכע מייל פון דער שטאט דער בעש"ט זאגט להרב עס איז שוין צייט אהיים צו פארן איור דארפט מיך שון ניט ווארום דער אוסטרא דאקטער פארט שון ער געכטיגט שון צוויי מייל פון דער שטאט דער ר' אברהם בעט אים זייער ער זאל נאך ניט פארן איז דער בע"ש געבליבן נעכטיגן אין דער פרי א זאגט דער בע"ש להרב ר' אברהם זייט געזונד איך פאר שון אוועק דער דאקטער איז שון און שטאט און האט זיך אויף געזעצט אויף דעם וואגן און איז אוועק געפארן איז דער בע"ש פור געפארן לעבן דער סטאנציע ווי דער דאקטער איז אין געשטאנען איז ער אראפ געגאנגען פון זיין וואגן און איז אריין געגאנגען צום דאקטער און זאגט אים שלום פרעגט אים דער דאקטער ווער האט דיך געלערנט דאקטוריי האט אים דער בע"ש געענטפערט גאט האט מיך געלערנט עס איז געפאלן אויף דעם דאקטער א גרויסער פחד און האט מיט אים מיין ניט גערעט איז דער בעש"ט אהיים געפארן און הרב ר' אברהמס קינדער האבן געברכט דעם דאקטער צום פטר האט ער אים געהייסן טון רפואות וואס ער האט אים געהייסן טון האבן זיי אים געזאגט דאס האט דער בע"ש אויך געהייסן טון און מהאט שון די רפואות געטאן בקיצור דער דאקטער איז זייער מבויש געווארן און איז אוועק געפארן איז הרב ר' אברהם פודלסקר ברוגז געווארן אויף זיינע קינדער וואס האט איר געטון וואס איר האט געשיקט נאך דעם דאקטער איבער דעם איז ר' ישראל בעש"ט אוועק געפארן איך וויים אז דער בעש"ט איז צו מיר אריין געקומען איז די שכינה אויך מיט אים געקומען אין אז דער דאקטער איז געקומען האט זיך מיר גדכט אז א עגלה איז צו מיר אריין געקומען:

### מעשה נפלא מהבעש"ט זללה"ה

אין מעזביז ווי דער הייליגער בעש"ט איז געווען איז דארטין געווען איין גרויסער תלמיד חכם וואס ער איז געזעסן יום ולילה איז האט געלערנט ער איז אבער זייער ארום

סיפורי אנשי שם

שוועסטער אהיים געגעבן זאגט דוא פרוי איך וויל דיך נאך איין רפואה לערנען ווען דער מלך וועט דיך וועלין ממית זיין אזו זאלסטו זאגן אלהא דמאיר ענני דם איז טייטש דער גאט פון ר' מאיר זאל דיר ענטפערן דען איר מאן האט געהייסן ר' מאיר

גְוֶוען עֶר דָט זוּךְ בַּגְנִיגְן גְלָאזְט פוּן דֶם וָוס מֶענְשְׁן הָבְּן זוּךְ מְרַחֵם גְוֶוען אוּף אוּם פוּן דֶם הָט עֶר זוּךְ מְפַרְנֵס גְוֶוען מוּט דֶם גַנְצְן בְּנֵי בַּיִת. זַיין וַוייבּ אוּז גְוֶוען אֵיין גְרוֹסוּ צַדֶקֶת זוּ הָט אוּם קֵיין מָאל נוּשְׁט גְזָגְט עֶר זָאל גֶעבּוּן פַּרְנָסָה וַוייל זוּ הָט נוּט גְוָולְט אוּם מְבַטֵל זַיין פוּן תּוֹרָה לֶערְנוּן דִי קוּנֶדר זֶענוּן דֶר וַוקְסִין גְוָורוּן אוּז דָם וַוייבּ גְקוּמֶן אוּנ הָט אוּם גְזָגְט אֱמֶת אַז מִיר לֶעבּוּן אוּנ גְרוֹס בְּטָחוֹן אַז זַיין הֵיילִיגֶר נָמוּן וֶועט אוּנְז הֶעלְפִין וָוס אוּז צוּ טוּן אַז דוּ קוּנֶדר זֶענוּן שׁוֹן זֵייעֶר גְרוֹס עֶס אוּז נוּשְׁט שַׁיין צוּ לָזוּן אוּם גַיין טֶעכְטֶר אִין דוּ יָארְן אַזוֹ זָאגְט צוּ אוּר דֶר מַאן נוּא וָוס קָאן אוּךְ טוּן דַאצוּ אַז זַיין הֵיילִיגֶר נָאמוּן הָט נָאךְ נוּשְׁט גִישִׁיקְט דוּ הִילְף זִיא זָאגְט צוּ אוּם פָּאלְג מוּךְ נָאר מַיין מַאן עֶס אוּז דָא אוּנ שְׁטָאט דֶר הֵיילִיגֶר בעש״ט ז״ל פוּל מֶענְשְׁן זֶענוּן דוּרְךְ אוּם גְהָלְפִין גְוָוארוּן דוּ זֶעהְסְט פוּן דֶר גַאנְצֶר וֶועלְט מַכְטוּמֶען הוֹצָאוֹת אוּנ מֶען פָּארְט צוּם בעש״ז ז״ל נוּא אַז מִיר זֶענוּן אוּנ אֵיין שְׁטָאט פַר וָוס זָלְסְטוּ נוּט גֵיין צוּ אוּם לֵייג אַוֶועק דַיין הִתְנַגְדוּת אוּנ בֵּייג דִיךְ צוּ אִים צוּ וֶועסְטוּ אוּךְ גִיהָאלְפֶן וֶוערוּן:

דֶר תַּלְמִיד חָכָם הָטְשׁוּ עֶר אוּז גְוֶוען אַמִתְנַגֵד אוּנ עֶר הָט נִישְׁט גְגְלֵייבְּט אָן דֶם בעש״ט ז״ל וָוס הָט עֶר גֶקֶענְט טוּן זַיין וַוייבּ הָט אוּם נוּשְׁט נָאךְ גְלָזְט אוּנ דִי נוּט הָט אוּם גְבְּרַאכְט עֶר אוּז אַרַיין גְגַאנְגוּן צוּם בעש״ט ז״ל אוּנ עֶר הָט אוּם דֶר צֵיילְט פוּן זַיין גְרוֹס דַחֲקוּת אוּנ גְרוֹס עֲנִיוּת גַם אַז דוּ קִינֶדר זֶענוּן שׁוֹן דֶער וַואקְסִין עֶר דַארְף זֵיי חֲתוּנָה צוּ מַאכִין אִין עֶר הָט נִישְׁט קֵיין פְּרוּטָה אַחַת:

דֶר בעש״ט ז״ל זָאגְט צוּ אוּם פָּאהְר קֵיין קַאזְמִיר דָארְטִין זָלְסְטוּ פְרֶעגוּן אוּף אֵיין בַּעַל מְלָאכָה אוּנ עֶר הָט אוּם גְזָגְט זַיין נָאמוּן אוּנ זַיין פְּטֶרְם נָאמוּן גַם נָאךְ אַנְדֶרוּ צֵייכוּן כְּדֵי עֶר זָאל זוּךְ קֶענוּן אָפּ פְרֶעגְן צוּ אוּם אוּנ אַז עֶר וֶועט גַנְץ גוּט פַר שְׁטֵיין אוּם וֶועט עֶר הָבְּן אֵיין רְפוּאָה צוּ

**סיפורי אנשי שם**

אַזוֹ וֶועסְטוּ גוֹיִים נִיצוֹל וֶוערוּן. זָאגְט דֶער שׁוֹמֵר מַיין לִיבֶּע פְרוֹיא דוּ רְפוּאָה אוּז זֵייעֶר גוּט וֶוען עֶס אוּז אֱמֶת. אַזוֹ זָאגְט דוּ פְרוֹי אַז דוּא ווִילְסְט וֶועלוּן מוּר תֵּיכֶף אֵיין פְּרָאבּוּ מַאכְן. דָא זֶענְן דָא הִינְד וָואס פְרֶעסוּן מֶענְשִׁין אַזוֹ נֶעמְט עֶר אַשְׁטִיק עֶרְד אוּנ וַוארְפְט זַייא נָאךְ אַזוֹ קוּמֶען דוּ הִינְד אוּנ ווִילוּן אוּם אוּיף פְרֶעסוּן אַזוֹ זָאגְט עֶר אֱלָהָא דְמֵאִיר עֲנֵנִי אַזוֹ גֵיין דוּ הִינְד פוּן אוּם אַוֶועק ווִי דֶער שׁוֹמֵר זֶעהְט אַז דוּא פְּרָאבּוּ אוּז אֱמֶת אַזוֹ נֶעמְט עֶר דוּ דוּקַאטִין אוּנ לָאזְט אַרוֹם אוּר שְׁוֶועסְטֶר אוּיס דוּא תְּפִיסָה ווִיא דֶער מֶלֶךְ אוּז דָאס גְוָואר גְוָוארֶן הָאט מֶען דֶעם שׁוֹמֵר אַיין גֶזֶעצְט אוּנ דֶער תְּפִיסָה אוּנ מֶען הָאט אוּם פַר אוּרְטֵיילְט מוּט מִיתָה. ווִי מֶען הָט אִים אוּיף דֶער תְּלוּיָה אַרוֹף גְפִירְט אַזוֹ הָט עֶר תֵּיכֶף גְזָאגְט אלהא דמאיר ענני אַזוֹ קֶענוּן זֵיי אוּם גָאר נוּט טוּן אוּנ מוּזֶען אוּם נָאךְ לָאזוּן. אַזוֹ פְרֶעגוּן זֵיי אוּם וָוס דָם בַּטַייט וָוס זֵיי קֶענוּן אוּם גָאר נוּט טוּן. אַזוֹ דֶער צֵיילְט עֶר דוּא גַאנְצוּ מַעֲשֶׂה ווִי דוּא פְרוֹי פוּן ר׳ מֵאִיר הָט אוּם אוּיס גְלֶערִינְט עֶר זָאל זָאגְן אֱלָהָא דְמֵאִיר עֲנֵנִי אַזוֹ וֶוערְט דֶער מֶלֶךְ אוּנ כַּעַס אוּנ בַּפֶעלְט מֶען זָאל דוּא צוּרָה פוּן ר׳ מאיר אָפּ מָאלוּן אוּנ מֶען זָאל דָם אַרוֹף שְׁטֶעלוּן אוּף דֶעם טוֹעֶר פוּן רוֹם אוּנ וֶוער עֶס וֶועט אִים זֶעהְן דֶער זָאל אוּם תָּפוּס נֶעמוּן. אֵיין מָאל דֶער זֶעהְן אוּם דוּא שׁוֹמְרִים פוּן דִיא שְׁטָאט זֵיי לוּפוּן אוּם נָאךְ. אַזוֹ טוּט הקב״ה אֵיין נֵס אוּנ ר׳ מֵאִיר לוּפְט אַרַיין אִין אֵיין הִירֶן הוֹיז ווִי דוּא שׁוֹמְרִים הָאבְּן דָם גֶזֶעהְן זָאגְן זֵיי חַס וְשָׁלוֹם דָם מוּז נוּט זַיין ר׳ מֵאִיר הֶען ר׳ מאיר וֶועט דָאס נוּט טוּן אַטֵייל לַייט זָאגוּן עֶס אוּז אוּם אַנֵס גְשֶׁעהְן אֵלִיָהוּ הַנָבִיא הָט זוּךְ גְמַאכְט פַר אַזוֹנָה אוּנ הָאט אוּם אַרוֹם הָאלְז גְחַאפְּט

אַלוּם וָוָס עֶר דֶּרְךְּ דֶּר תַּלְמִיד חָכָם הָט אוֹיף זוּךְ מְקַבֵּל גִוֶועֶן דֶּם טוֹרַח הַדֶּרֶךְ עֶר זָאל אַוֶועקְוִוי דֶּר בַּעַשְ״ט הָט אִים גְהֵייסֶן אִין עֶר הָט נִיט גְהַאט קֵיין גֶעלְד אוֹיף הוֹצָאוֹת אַזוֹי אִיז עֶר גְגַאנְגִין צוּ פוּס פוּן שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט בִּיז עֶר אִיז גְקוּמֶן אוּנ דֶּער שְׁטָאט אַרַיין וָוָס דֶּער בַּעַשְ״ט הָט גְהֵייסֶן דֶּר שְׁטֵייגֶר פוּן אֵיין אָרִימַן אִיז אַז עֶר קוּמְט אוּנ אַיין שְׁטָאט אַרַיין גֵייט עֶר גְלַייךְ אוּנ בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַרַיין עֶר זָאל זוּךְ דֶּרְטֶן אָפּ רוּהְן. דֶּר אָרִימַן אִיז גְקוּמֶן אוּנ בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַרַיין אִיז גְוֶועֶן זֵייֶער פִיל מֶענְשִׁין הָט עֶר תֵּיכֶף אָן גְהוֹבִּין צוּ פְרֶעגִן אוֹיף דֶּם בַּעַל מְלָאכָה וָוָס דֶּר בַּעַשְ״ט הָט אִים גְהֵייסֶן אַזוֹי הָט קֵיינֶר נִיט גְוִויסְט זֵיי הָבֶּן אִים גְזָגְט עֶס אִיז אוּנ שְׁטָאט נִיט דָּא אַזוֹי אֵיינֶר וָוס עֶר הֵייסְט אַזוֹי וִוי דוּ פְרֶעגְסְט נָאךְ אוֹיף אִים מוּר וַוייסֶנִיט פוּן. אַזוֹי אַבַּעַל מְלָאכָה אַזוֹי הָט דֶּר תַּלְמִיד חָכָם גְזִיפְצְט אוֹיף זַיינוּ גְרוֹסוּ צָרוֹת אוּנ פוּן וֶועגְדוּ גְרוֹסוּ מִיה וָוס עֶר הָט גְהַט אוֹיף דֶּם וֶועג אוּנ עֶר אִיז גוּקוּמֶן אוּנ אֵיינאַנְדֶר בִּ״ה פְרֶעגוּן אוֹיף אִים הָט אוּם קֵיינֶר נוּט גְוִויסְט צוּ עֶנְפֶרְן נָאר עֶס אִיז דוֹרְטוּן גְוֶועְן זְקֵנִים הָבֶּן זֵיי אִים גְרוּפֶן אוּנ הָאבּוּן אוּם אוֹיס גְפְרֶעגְט אַלוּ סִימָנִים אַזוֹי הָבֶּן זֵיי אוּם גְזָאגְט :

לִיבֶּר פְרֵיינְד וָוס פְרֶעגְט אוּר אוֹיף אוּם דֶּר רָשָׁע אִיז שׁוֹן זֶעכְצִיג יָאר גְשְׁטָרְבּוּן זֵיי הָבֶּן אוּם דֶּר צֵיילְט אַז עֶס אִיז אֱמֶת דֶּר מֶענְשׁ הָט דָא גְוואנְט אוּנ דֶּר שְׁטָאט נָאר עֶר אִיז גְוֶועְן אַרָשָׁע אַמָּסוּר אוּנ עֶר הָט נִוּט גְלָזְט אֵיין עֲבֵירָה וָוס עֶר הָט נוּט עוֹבֵר גְוֶועְ אוּנ עֶס אִיז שׁוֹן זֶעכְצִיג יָאר אַז עֶר אִיז גְשְׁטָרְבּוּן אוּנ דוּ גַנְצוּ שְׁטָאט הָט זוּךְ גִיפְרֵייט וָוָס עֶר אִיז מֵת גְוֶורְןוָוָס טוֹג עֶר אַייךְ וָוס פְרֶעגְט אוּר אוֹיף אוּם וִוי דֶּער תַּלְמִיד חָכָם הָט דָּם גְהֶערְט אִיז עֶר גְגַנְגוּן צוּ זְקֵנִים פְרֶעגוּן הָבֶּן זֵיי אַלוּ אוּם גְזָאגְט אַז עֶר אִיז גְוֶועְן אַרָשָׁע אוּנ עֶר אִיז שׁוֹן מֶער טוֹט פוּן זֶעכְצִיג יָאר :

דֶּר נָאךְ אִיז דֶּר תַּלְמִיד חָכָם אַוֶועק גְגַאנְגוּן מוּט גְרוֹס שִׁבְרוֹן לֵב אוּנ עֶר הָט אָן גְהוֹבּוּן צוּ גֵיין צוּרִיק אָן אֵיין יְשׁוּעָה מִיט גְרוֹס צַעַר בִּיז עֶר אִיז גְקוּמֶן קֵיין מֶעזִיבּוּז מִיהְד אוּנ שְׁלַף פוּן דֶּם וֶועג אִין עֶר אִיז גְגַאנְגוּן צוּם בַּשְ״ט עֶר זָאל וִויסוּן דוּ כַּוָונָה וָוָס עֶר הָט גְמֵיינְט מוּט דֶּער נְסִיעָה עֶר הָאט אוּם דֶּער צֵיילְט אַלְדִינְג וָוָס עֶס אִיז מוּט אוּם גְוֶועְן אַז עֶר אִיז גְוֶועְן אוּנ דֶּר שְׁטָאט וָוס עֶר הָט אוּם גְשִׁיקְט אוּנ עֶר הָט נָאךְ גְפְרֶעגְט אוּנ יֶעדֶר הָט אוּם גְזָגְט אַז דֶּר אִיז שׁוֹן זֶעכְצִיג יָאר טוֹט אוּנ עֶר אִיז גְוֶועְן אֵיין רָשָׁע מְפוּרְסָם אַמָּסוּר וָוָס עֶר הָט נוּט גְלָזְט אֵיין עֲבֵירָה וָוָס עֶר הָט נוּט עוֹבֵר גְוֶועְן :

עֶנְפֶרְט דֶּער בַּעַשְ״ט ז״ל דוּ בִּוּסְט דִּיךְ בֶּאֱמֶת אַיְרֵא שָׁמַיִם אַתַּלְמִיד חָכָם אוּנ גְלֵייבְּסְט אִין דֶּר גְמָרָא אוּנ אָן אַלוּ הֵיילִיגוּ חֲכָמִים וָוָס הָבֶּן גְשְׁרִיבּוּן פוּן גִלְגוּלִים וִוי דֶּר מֶענְשׁ וֶוערְט מְגוּלְגָל כְּדֵי עֶר זָל מְתַקֵּן זַיין וָוָס עֶר הָט פּוֹגֵם גְוֶועְן עֶר מוּז מְקַבֵּל זַיין יִסּוּרִים עֶר זָאל אָפּ קוּמֶען פַר דוּא חֲטָאִים דֶּר תַּלְמִיד חָכָם עֶנְפֶרְט אוּךְ גְלֵייבּ דִּיא אַלוּ זַאכוּן בֶּאֱמוּנָה הָט דֶּר הֵיילִיגֶר בַּשְ״ט ז״ל הָט גְזָגְט אַזוֹי זָלְעֶטוּ. וִויסֶן אַז דוּ בִּיסְט דֶּר זֶעלְבֶּר פוּן דֶּר שְׁטָאט וָוָס פַר זֶעכְצִיג יָאר הָסְטוּ עוֹבֵר גְוֶועְן כָּל עֲבֵירוֹת שֶׁבַּתּוֹרָה גְמַסִּירְת מְסִירוֹת אַצִינְד פְרֶעג

סיפורי אנשי שם

אוּנ דוּרְךְ דֶּעם אִיז עֶר נִיצוֹל גְוָוארְן פִּינֶעם טוֹט אוּנ ר׳ מֵאִיר הָאט גְמוּזְט אוּנ אֵיין אַנְדְרוּ מְדִינָה אַנְטְלוֹיפֶען אַצִינְד לִיבֶּע לַייט קֶענְט אוּר זֶעהְן וָוָס דוּרְךְ גַּאֲוָה קֶען גְשֶׁעהְן וַוייל דוּא טָאכְטֶער פוּן ר׳ חֲנִינָא בֶּן תְּרַדְיוֹן אִיז בְּגַאֲוָה גְגַאנְגוּן דוּרְךְ דֶּעם אִיז דָּם אַלוּם גְשֶׁעהְן דְּרוּם זָאל זוּךְ אוּטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ אָפּ לֶערְנִין עֶר זָאל זוּךְ נִיט בְּגַאֲוָה הַאלְטֶען אַזוֹי וֶועט עֶר נִיצוֹל וֶוערוּן פוּן אַלוּם בֵּייזִין :

מעשה אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן אִיז אַמָּאל אַזוֹי וַוייט גְפָארוּן בִּיז עֶר אִיז גְקוּמֶען צוּ

אוך דוך ווילסטו נאך עס זאל דיר גוט גיין אונ עושר וכבוד מוט אלום גוטוןהלוואי דו זלסט מתקן זיינוום דו הסט פוגם גוועןאין יענים גלגול. דו יסורים מוט עניות ווס די ליידסט זאל זיין איין אפ קומעניש פר דו גרוסו חטאים פון דעם גלגול :

ווי דר תלמיד חכם הט דם דר העררט אוז ער זייער דר שרקין גוורון ער הט גוויינט פר דם היילוגון בעש״ט ז״ל ער זאל אום געבון אתיקון אוף דעם ווס ער הט פוגם גוועןאונ ער הט זוך אן גקניפט אן די היי׳ וגו תורה אונ ער הט גדאווינט גלערינט מוט גרום התמדה אונ ער אוז גוואורון פון דו גרוסו תלמידים פון דם היליגון בעש״ט ז״ל :

פון דר ווינדרליכו מעשה זאל זוך יעדר ארום נעמון אמוסר ער זאל נוט מתרעם זיין אוף זיין מזל ווי אזו עס גייט אום ער זל שווייגון אונ זל בעטון פון זיין היילגן נמון עס זל אום זיין אתיקון צו אלו זיינו חטאים אונ ער זאל זוך פר זעררון אן הש״י אז ער וועט אום בוודאי העלפן הש״י זאל אונז העלפען מור זאלון פאר רעכטן אלו חטאים אונ פגמים אונ מור זלן גהלפן ווערון במהרה בימינו אמן :

מיר האבן גהערט אמעשה ווס עס אוז גשעהן אונ דוא צייטון פון דעם ר״י הקדוש ז״ל ער אוז גוועןבייאסעודת מצוה ווס עס הט התונה גהאט אגרוסר תלמיד חכם אגרוסור ירא שמים דער יונגר מאן אוז גוועןקדוש וטהור מפורסם מיט זיין צדקות והסידות אונ נאך דער חופה ביי דר סעודה ווי מען הט גגעסון הט דר חתן גנומען אשטיקול עוף צו עסון הט ער איין גשלונגן אביינדול פון דם עוף אונ האלז אריין אונ ער אוז דער וואררגן גוואורון אונ אוז גשטארבן דער גאנצער עולם הט זייער גוויינט אונ גיאמירט אויף דעם פר וואס עס הט זוך גטרפון . דר ר״י הקדוש הט נוט גוויינט אין הט נאך גוויזן אפנים שוחקות . דר גאנצער עולם האט זוך זייער גווינדרט אין האבען גפרעגט דעם ר״י הקדוש ווס ער ווייזט נאך אפנים שוחקות .

דר ר״י הקדוש ענפרט זיי עטץ זאלט וויסן אז דר יונגר מאן הט בוז דר רגע מתקן גוועןזיין שורש נשמה פון אלו גלגולים ווס ער אוז גוועןדר יונגר מאןאוז נך אונ פרירגן גלגול גוועןאגרוסר צדיק קדוש וטהור ער אוז גוועןמפורסם מוט גרום צדקות ער הט מתקן גוועןאלו פגמים פון זיין שורש נשמה. נאר דם ווס ער אוז מגולגל גיוורון אופס ניי אוז גוועןאיבר אזאך ער אוז גוועןמורה הוראה ווס ער האט גפסקית שאלות אונ אוז גוועןאגרוסר צדיק אונ אגרוסר ירא שמים אונ זיין צייט אוז גוועןאיין נשמה ווס זוא אוז ארום גגאנגון אוף דם עולם התהו אונ דו נשמה הט קיין שום תיקון גהט בוז עס אוז גקומען דר פסק דין פון דם בית דין של מעלה ער זאל מגולגל ווערוןאונ איין עוף טהור אונ ווען ער וועט האבון אזכיה אצדיק זל עסון דם עוף אודר אוף סעודת שבת קודש וועט דם עוף פר ניצט ווערון אזו וועט דו נשמה האבן אתיקון עס אוז אזו גוועןדו נשמה אוז ארייןאונ איין עוף דם עוף הט גקופט איין ירא שמיםלכבוד שבת . עס אוז באמת גוועןאזכיה אז כמעט הט דו נשמה גהט אתיקון גדול נר דו דונסט ווס הט גקבט הט דר זעהן אז עס אוז עפום אשאלה אויף דם עוף אוז זיא גגנגון צו דם קדוש דם מורה הוראה



דער טור פינעם גן עדן . אזו זאגט ער מען זאל אום דוא טור אויף מאבען אזו קומט איין קול אונ זאגט דאס אוז דוא טיר פון גאט וואס דוא צדיקים קומן דא אריין זאגט אלכסנדר מוקדן אוך בין איין מלך אזו בעט אוך דאס אור זאלט מיר עפום געבון אוים דעם גן עדן אזו גובט מען אום איין אויג פון אמענטש .

פְרֶעגוּן דִי שַׁאֲלָה צוּ דָם עוֹף אִיז כָּשֵׁר .
דֶר מוֹרֶה הוֹרָאָה הָט זִיךְ נִיט גוּט מְיַישֵׁב
גְוֶוען אוּנ הָט גְזָאגְט אוֹיף דֶם עוֹף טְרֵיפָה
חָטְשׁוּ עֶר הָט גְקָנְט מַכְשִׁיר זַיין אַזוֹי הָט
דִי עֶלֶענְדוּ נְשָׁמָה קֵיין תִּיקוּן נִיט גְהַט אוּנ
זִיא אִיז צוּרוּק גְקוּמֶן אוּנ הָאט זִיךְ אוּם
גְבְּלָנְקִיט אוֹיף דֶעם עוֹלָם הַתֹּהוּ דִי נְשָׁמָה
אָבֶּר אִיז גְגַאנְגֶען פַר דֶעם בֵּית דִין שֶׁל
מַעֲלָה אוּנ הָט גְשְׁרִיגוּן אוֹיף דֶם קָדוֹשׁ
אַז דֶר קָדוֹשׁ אִיז בֶּאֱמֶת שׁוּלְדִיג אוּנ דֶם
וָוס זוּ הָט קֵיין תִּיקוּן נִיט וֶוערְן עֶס הָט זִיךְ
שׁוּנְגְטְרָפִין אַז אַיְרֵא שָׁמַיִם הָט גְקוֹיפְט דָם
עוֹף לְכָבוֹד שַׁבָּת אוּנ זוּ אִיז בֶּאֱמֶת עַל פִּי
דִין תּוֹרָה כָּשֵׁר גְוֶוען אַזוֹי אִיז דֶר תִּיקוּן פַר
דִי אִיגוּן. נָאר דֶר קָדוֹשׁ דֶר מוֹרֶה הוֹרָאָה
הָט קָאלוּ גְמַכְט אִיבֶּר דֶם זָאל מֶען מִן
הַשָּׁמַיִם פַּסְקֶנֶן קֶעגוּן דֶעם קָדוֹשׁ :

דוּרְךְ דֶם אִיז גְקוּמֶן אַפְּסַק פוּן דֶם בֵּית
דִין שֶׁל מַעֲלָה אַז דֶר צַדִיק זָאל נָךְ אַמָל
מְגוּלְגָל וֶוערוּן כְּדֵי עֶר זָאל מְתַקֵן זַיין דִי
נְשָׁמָה וָוס זוּ וֶועט גַם כֵּן נָאךְ אַמָל מְגוּלְגָל
וֶוערוּן אוּנ אֵיין עוֹף אַרַיין. וֶוען עֶר וֶועט
מְתַקֵן זַיין דִיא נְשָׁמָה וֶועט עֶר שׁוֹן הָבֶּן
מְתַקֵן גְוֶוען זַיין נְשָׁמָה אוּנ עֶס אִיז בֶּאֱמֶת
אַזוֹי גְוֶוען אַז דִי נְשָׁמָה אִיז מְגוּלְגָל גְוָוערֶן
אִין דֶעם עוֹף אַרַיין וָוס עֶס אִיז גְקוֹילִיט
גְוָורוּן צוּ דֶר סְעוּדַת מִצְוָה פוּן דֶם צַדִיק.
אִין וִוי דֶר צַדִיק הָט נָאר אָנְגְהוֹבֶּן צוּ עֶסְן
פוּן דֶם עוֹף הָט דִי נְשָׁמָה גְהַט אַתִּיקוּן
גָדוֹל אוּנ דֶר צַדִיק הָט שׁוֹן נִיט גְהַט וָוס
צוּ טוּן אוֹיף דֶם עוֹלָם וִוי עֶר הָט אַלְדִינְג
פַר רֶעכְט פוּן אַלוּ גִילְגוּלִים וואָל צוּ דֶר
הֵיילִיגוּ נְשָׁמָה אַז זוּ הָט זוֹכֶה גְוֶוען אוּנ
דִי יוּנְגֶע יָארֶן אַלְדִינְג צוּ פַר רֶעכְטוּן :
פוּן דֶעם קָאן מֶען זִיךְ גוּנוּג מוּסָר אַרוּם
נֶעמוּן אַז וֶוען ח"ו עֶס טְרֶעפְט אַצַדִיק
שְׁטַרְבְּט אוּנ יוּנְגֶע יָארֶן אַז מְזָאל חָלִילָה
נִיט מְתַרֵעם זַיין וָוערְן זַיין הֵיילִיגֶר נָאמוּן
אִיז רֶעכְט עֶר פוּרְט דִי וָועלְט עֶר וֵוייסְט
וָוס גוּט אִיז פַר דֶם מֶענְשׁ. לְמָשָׁל אַמֶלֶךְ
הָט גְהַט אֵיין בַּת יְחִידָה וָוס עֶר הָט זוּא
זֵייעֶר לוּב גְהַט אוּנ עֶר הָט גְוָולְט אַז זוּא
זָאל גְלֶערִינְט זַייז בְּכָל מִינֵי חָכְמוֹת אַזוֹי
הָט עֶר זוּא גְשִׁיקְט אוּנ אַוַייטֶע מְדִינָה
צְווִישֶׁן הֲכָמִים זוּא זָאל זִיךְ לֶערְנִין
חָכְמוֹת פוּן זֵיי דוּא בַּת מֶלֶךְ אִיז גְקוּמֶן
צְווִשֶׁן דִי חֲכָמִים אוּנְטֶר דֶער חַבְרוּתָה
הָבֶּן זֵיי זוּא זֵיעֶר לוּב גְהַט אוּנ הָאבֶּן
זִיךְ מוּט אוּר זֵייעֶר מְשַׁתֲעַשֵׁעַ גְוֶוען וִוי
מִיט אַשְׁוֶועסְטֶער אוּנ הָאבּוּן אוּנ אֵיינוּם
גְלֶעבְּט אוּנ אֵיין צַייט אַרוּם וִוי דִי בַּת
מֶלֶךְ הָט שׁוֹין פוּל אוּם גְלֶערִינְט הָט דֶר
מֶלֶךְ אוּר לִיבֶּר פָּטֶר גְהֶערְט אַזוֹי הָט עֶר
נָאךְ אוּר גְשִׁיקְט זוּ זָל אַהֵיים קוּמֶן זוּ זָל
זִיצוּן בַּיים מַלְכוּת אוּנ שְׁטוּבּ אוּנ אֵיינוּם
מִיט שָׂרֵי מְלוּכָה נִישְׁט מוּט פְּרָאסְטוּ
מֶנְשְׁן נָר מוּט פִירְסְטִין אוּנ פְּרִינְצֶעסִינְס
דִי בַּת מֶלֶךְ אָבֶּר אִיז שׁוֹן זֵייעֶר גְוָואנְט
גְוָורוּן אוּנ דֶר מְדִינָה מוּט דִי מֶענְשְׁן זֵיי
הָבּוּן זִיךְ אַלוּ זֵייעֶר לוּב גְהַט אִיז פַר זֵיי
בֵּיידוּ זֵייעֶר שְׁוֶוער גְוֶוענְדוּ פְּרִישָׁה דִי בַּת
מֶלֶךְ הָט גְוֵויינְט וָוס זוּ גֵייט אַוֶועק פוּן אוּרוּ
פוּל אוֹהֲבִים אוּנ אוּרוּ אוֹהֲבִים הָאבֶּן
זֵייעֶר גְוֵויינְט וַוייל זוּ גֵייט אַוֶועק פוּן זֵיי
עֶס אִיז גְוֶוען אַגְרוֹיסֶר חָכָם זָאגְט עֶר צוּ
זֵיי וָוס וַויינְט עֶטְץ. עֶטְץ דַרְפְט אַיךְ אַלוּ
פְרֵייעֶן נִיט צוּ וֵויינֶען אַז זוּא הָט זִיךְ אַזוֹי
אוּם גְבִּילְדִיט אַז זוּ קֶענְשׁוּן קוּמֶן בְּחַצְרוֹת
מְלָכִים אוּנ זוּ קֶען זִיצֶן פַר דֶם מֶלֶךְ עֶטְץ
מוּזְט וִויסֶן אַז זוּ אִיז אַבַּת מֶלֶךְ אוּנ דֶר
מֶלֶךְ הָט זוּ אַהֶער גְשִׁיקְט זוּ זָל לֶרְנוּן אוּנ
זִיךְ בּוּלְדֶן כְּדֵי זוּ זָל קֶענ׳ן זִיצֶן צְווִישֶׁן

סיפורי אנשי שם

וִויא עֶר אִיז צוּרוּק אַהֵיים גְקוּמֶען אַזוֹי נֶעמְט עֶר דָאס אוֹיג אוּנ לֵייגְט דָאס אוֹיף
אַוָואג שָׁאל אוּנ זַיין גָאלְד אוּנ זִילְבֶּר לֵייגְט עֶר אוֹיף דֶער אַנְדֶרֶר וָואג שָׁאל. אַזוֹי
וֶועגְט דָאס אוֹיג אִיבֶּר דֶם גָאלְד אוּנ זִילְבֶּר . עֶר לֵייגְט אַרוֹיף פוּל טוֹיזוּנְט צֶענְטֶן
זִילְבֶּר אִיז דָם אוּנ אַלְץ שְׁוֶוערֶר גְוֶוען אוּנ הָט דָם זִילְבֶּר אִיבֶּר גְוָואגוּן . אַזוֹי

גְּפְרֶעגְט וָוָאס טוּט זוּךְ מִכֹּחַ דֶם קִטְרוּג וָוָאס
אִיר הָט גִזָגְט הָט עֶר גֶעעֶנְפֶּרְט אַז אוּךְ הָאבּ
גְּדַאוַוינְט דִי שְׁטִילוּ שׁ״ע פוּן גְּעִילָה הָאבּ
אִיךְ נוּט גִּקָאנְט דַּאוַוינוּן אוּנ בּוּן גַּנְגְּגוּן אוּנ
הֵיכָלוֹת אוּנ אִיזְדֶער הוֹכֶר שׁ״ע בּוּנְאוּךְ אוּךְ
גַנְגֶען אוּנ הֵיכָלוֹת בּוּז אִיךְ בּוּן גְּקוּמֶען אוּנ
אֵיין הֵיכָל אוּז גָאר אֵיין שַׁעַר גִּוֶועֶן וָוָאס פוּן
דֶם שַׁעַר וֶועלוּן שׁוֹן דִי תְּפִלּוֹת גְּלַייךְ גֵּיין
לִפְנֵי הַשִּׁ״י דָרְטוּן אוּנ דֶם הֵיכָל הָאבּ אוּךְ
גִּפִינוּן תְּפִלּוֹת פוּן פוּפְצִיג יָאר דִי תְּפִלּוֹת
הָבֶּן גִּהַט אֵיין עֲלִיָּה אוּנ דָם אוּז גִּוֶועֶן ווַייל
מִיר הָבֶּן הַיינְטוּגוּן יו״כ מִתְפַּלֵּל בְּכַוָּונָה
גִּוֶועֶן דְרוּם הָבּוּנְדִי אַלוּ תְּפִלּוֹת גְּהַט אֵיין
עֲלִיָּה וִוי אוּךְ הָאבּ אָן גְּהוֹבּוּן צוּ גֵּיין פוּנְדֶם
הֵיכָל מוּט דוּא תְּפִלּוֹת אוּנ שַׁעַר אַרַיין
הָאבּ אוּךְ גִּפְרֶעגְט פַר וָוָאס זֶענוּן דִי תְּפִלּוֹת
פְּרוּר נוּט אַרוּף גוּקוּמֶען הָבֶּן זֵיי גְּזָאגְט
מֶען הָט אוּנְז אַזוּ גְּהֵייסוּן אַז מוּר זָאלוּן
וַוארְטוּן בּוּז אוּר וֶועט קוּמֶען הָט עֶר גְּזָגְט
קוּמְט מוּט מוּר אוּנ וִוי אוּךְ הָאבּ אָן גְּהוֹבּוּן
צוּ ... יינְמוּט זֵיי אוּנ דֶם שַׁעַר הַגָּדוֹל וָוָאס פוּן
דָרְטוּן אוּז מֵיין קֵיין שׁוּם מְעַכֵּב נוּט גָאר
זָלֶן גְּלַייךְ גֵּיין פַר הַשִּׁי״ת אוּנ דֶר שַׁעַר
אִיז אַזוּ גְרוּם גְּוֶועֶן וִוי גָאר דִי וֶועלְט אוּז
אוּפוּן גְוֶועֶן מוּט אַמָאל אוּז גְקוּמֶען אֵיין
מַלְאָךְ אוּנ הָט פַר מַכְּט דֶם טוֹעֶר אוּנ הָט
אוּף גְּהַנְגֶּן אֵיין שְׁלָאם אוּנ אוּךְ הָאבּ אָן
גְּהוֹבּוּן אַרוּם גֵּייז דֶם שְׁלָם טָאמֶר וֶועל
אִיךְ קֶען עֶפִינֶען אָבֶּר אוּךְ הָאבּ נוּט גֶקֶענְט
בְּשׁוּם אוּפַן בְּעִילָם בּוּן אוּךְ גַּאנְגְּנֵי צוּא
מֵיין רַבִּי וָוָאס אוּךְ הָאבּ אֵיבּוּן אוּנ הָאבּ אוּם
זֵייעֶר גִּבֶּעטוּן דִי יִשְׂרָאֵל זֶענוּן אוּנ אַזוּ
אַגְרוֹסוּ צָרָה וִוי דִי זֶעהְסְט אוּנ מֶען לָאזְט
מִיךְ נוּט גֵּייבֶּעטוּן פַר זֵייעֶס זָאל נוּט זַיין
אַזוּ אַצַייט וָועלְט אוּךְ מוּךְ אַזוּ נוּט גְּשְׁפַּרְט
זָגְט מוּר דֶר רַבִּי וָוָאס זָאל אוּךְ טוּן אוּנ אוּז
דָאךְ מוּט מוּר גְּגַאנְגְּגוּן אוּנ הָט מוּךְ אַרוּם
גִּיפִירְט עֶפִינֶען דֶם שַׁעַר אוּנ הָט אוּיךְ נוּט
גֶעפִינְט זָאגְט עֶר צוּא מִיר וָוָאס קֶען אוּךְ
דִיר הֶעלְפֶן הָאבּ אוּךְ אָן גְּהוֹבּוּן צוּ שְׁרֵייאֶן
וָוָאס וַורְפַּסְטוּ מוּךְ אַוֶועק אוּנ אַזוּ אֵיין עֵת
צָרָה זָאגְט עֶר צוּ מוּר וַוייסְטוּ וָוָאס לָאזֶער
גֵּיין צוּם הֵיכָל הַמָּשִׁיחַ וִוי מוּר זֶענוּן גְּקוּמֶען
צוּ מָשִׁיחַ זָאגְט מָשִׁיחַ שְׁרֵייא גָאר נוּט צוּ
מִיר נָאדֶער אַצֵייכוּן אוּנ הָט מוּר גְּגֶעבּוּן
אַצֵייכוּן הָט מֶען מוּר תֵּיכֶף גֶעפִינְט דֶעם
שַׁעַר בּוּן אוּךְ אַרַיין גְּקוּמֶען מוּט אַלוּ
תְּפִלּוֹת אוּז גִּוָוארוּן אַגְרוֹסוּ שִׂמְחָה בְּכָל
הָעוֹלָמוֹת מַחֲמַת דִי גְרוֹסוּ שִׂמְחָה הָט
מֶען שׁוֹן נוּט גְּדַרְפְט מִתְפַּלֵּל זַיין אוּנ דֶר
קִטְרוּג אוּז מִמֵּילָא בָּטֵל גִּוָוארוּן מַחֲמַת
גְּרוֹם שִׂמְחָה נָר עֶס אוּז גִּבְּלִיבֶּן אַרוֹשָׁם
וָוָאס דִי כִּתּוֹת פוּן שַׁבְּתַי צְבִי יִמַּח שְׁמָם זֶגֶן
גְּוֶועֶן בַּיי זֵייעֶר בִּישׁוּף אוּנ הָבֶּן מְקַטְרֵג
גְוֶועֶן אוּף דֶר גְּמָרָא וָוָאס הַייסְט תַּלְמוּד
בַּבְלִי הָט זֵייעֶר בִּישׁוּף גְּהֵייסֶן מֶען זָאל אַלוּ
סְפָרִים דִי גְמָרוֹת פַר בְּרֶענוּן הָט גִּוָולְט
גֶעבּוּן דְרוּף אַפַּ״וִוי אוּנ פוֹעֵל זַיין בַּייםֶמֶּלֶךְ

סיפורי אנשי שם

אַשְׁלֶעכְטֶער סִימָן וֶוער עֶס שְׁטַארְבְּט אוּם עֶרֶב שַׁבָּת אוּז אַגוּטֶער סִימָן וֶוער עֶס
שְׁטַארְבְּט אוּם מוֹצָאֵי שַׁבָּת אוּז אַשְׁלֶעכְטֶער סִימָן וֶוער עֶס שְׁטַארְבְּט אוּם עֶרֶב יוֹם
כִּפּוּר אוּז אַשְׁלֶעכְטֶער סִימָן וֶוער עֶס שְׁטַארְבְּט אוּם מוֹצָאֵי יוֹם כִּפּוּר אוּז אַגוּטֶער
סִימָן וֶוער עֶס שְׁטַרְבְּט פוּן חוֹלִי מֵעַיִם אוּז אַגוּטֶער סִימָן וֶוער עֶס שְׁטַרְבְּט פוּן הוֹלִי
נוֹפְלִים אוּז אַשְׁלֶעכְטֶער סִימָן זָאגְט רַבִּי אוּךְ וַויין וֶועגוּן תּוֹרָה וּמִצְוֹת דֶעי וֶוען
אוּךְ וֶועל שְׁטַארְבִּין וֶועל אוּךְ קֵיין תּוֹרָה וּמִצְוֹת נוּט קֶענוּן נָאךְ גֵּיין . נוּא אַז רֶבִּי
דָאט גְוֵויינְט אֵיידֶר עֶר אוּז גְשְׁטָארְבֶּן וָואס עֶר אוּז גְוֶועֶן אַזַא פְרוּמֶער מֶענְטְשׁ
מִכָּל שֶׁכֵּן וִויא זָאלוּן מוּר נָאךְ וֵויינוּן אוּנ זָאלֶן זֶעהְן דָאס מוּר זָאלוּן זוּךְ גוּטֶע
מַעֲשִׂים מוּט בְּרֶענְגִין לֶעָתִיד לָבֹא אַזוּ וֶועלוּן מוּר זוֹכֶה זַיין צוּא עוֹלָם הַבָּא
אָמֵן סֶלָה :

מַעֲשֶׂה אוּנ אַשְׁטָאט אוּז גְשְׁטָארְבִּין אַגְרוֹסֶר צַדִּיק אוּנ אַגְרוֹסַר רָשָׁע בֵּיידוּ אוּנ
אֵיין

אפרווי בחותם המלך אז מזל נוט גפינן קיין שום גמרא אוז אגרוס רעש גוועען דו ווס זענון נאהנט גוועען למדינת וואלחי הבן גשיקט זייערו כפר'נ למדינת וואלחי דר וויל הט דר בישוף גקו ט גנץ ש"ס ביי זיין רונדר אונ איז גפרן קיין קמנוץ אין הט גהייסון לייגן אפייער אונ מוטון מך אונ הט גהייסן פר ברנון דו גמרות איז זייער בישוף תיכף ניזוק גווארון ער איז גפארון אהיים הט מוט אום גוורפין פון זיין פלוץ ארפ בוז ער איז כית גוורן איז בטל גוורון דו גזירה ווס דר בישוף הט גוולט גוזר זיין אבר עס איז נאך נוט גשטילט גוורון ווראום דו כת פון שבתי צבי האבן נאך אליץ מלשין גוועען אויף תלמוד בבלי בוז עס איז גקומען לגני הבישוף מלבוב הט ער גהייסן אז זייא זלן אוויכוח הבון מוט רבנים וועגון דוא גמרא ווס מען רופט תלמוד בבלי הבן זיי גהט אוויכוח אבר דר בישוף הט מורא גהט מרשיע צו זיין ווראום ער הט גהערט ווס עס הט זוך גוטו מוט יענום בישוף אין הט גהלטון מוט דו יהודים אונ דו יהודים הבן גפועל. אז מען זאל מכוואונ דר כת שבתי צבי אסין זיי זאלון נוט פר פרון נאך יהודים האט דער בישוף גהייסן אז מען זאל זיי אפ גאזון אפיאה אין אהאלבו בארד מחמת גרוס בושה הבן זיי זוך גשמד און בעזרת השי"ת דו גזרה בטל השי"י ברחמיו זאל ווייטער חסד חנם טון עם כל ישראל אמן :

דיא מעשה הט דר ציילט הג' הק' מוה' אברהם יהושע העשיל זצ"ל מאפטא :

דר היילוגור בע"ש איז אמל גפארן איי וועג ארייון איז ער גשטאנון אונ אקרעטשמו אונטער בראד אונ דער רינדאר איז גוועז דעם בעש"ט מקורב הט אום דר רינדאר זייער שיין אנפגן אין האט גמאכט אפיינום מאל צייט פון זיינוט וועגון אונ אלו מנשן ווס זענן מיט אום גפרון אונ זיי הבן דרט גנכטיגט מרגון נאך דעם עסון זגט דר בע"ש צום רינדאר זאג מור כאמור האסטו עפום אבקשה צו בעטון ווסטו אציגד פלון זגט דר רינדאר אוך דנק גאט אוך הב גאר נוט ווס צו בעטון ביי דם רבי נאר מיר זלן זיין גזונד אונ שטרק ווראום מור פעלט גאר נוט ב"ה זגט דר בע"ש צו אום אז דו הסט מוך נוט צו בעטון ווער איך דיך עפים בעטון זלסט מור גאר נוט אפ זגן אזו הט אום דר רינדר געגנרט איך ווער אודאי טון אלם מעגליכקייט פון דם רבי וועגן הט זוך דר בע"ש גזעצט בייס טיש אונ הט אפ גשריבן אבריף אונ הט צונוף גלייגט אונ הט פר חתמית אונ זגט צום רונדר דם בריף דרף אוך שיקן קיין בראד בעט אוך דוך זלסט אום אפ פירון קיין בראד זגט דר רונדר פון דם רבי וועגן ווער איך דם גלייך טון אונ נעמט דם בריף ביים בע"ש פון דר האנד אונ לייגט אום ארייון צוא זוך אונ קעשינע זאגט דער בעש"ט אוך וויל בלד פארן מסתמא ווסטו מוך פרן בלייטין אביסל זאגט ער יא אונ לופט גלייך אונ הויז נעמון איין שפאנון יינו פערד אזו ווי ער הט זוך איי גבוגון נעמון דו שטריק צו דו פערד איז ארום גפאלן דר בריף פון זיין בוזי קעשנו אונ דם קסטין ווס איז גלעגין דרטן דוא שטרוק. אונ דר הט איין גשפנט דו פערד אונ איז גלפן בלייטון אונ איז גקומן צוריק אונ אי דם בריף הט ער פר געסון ער הט גאר נוט גדענקט אי אום דר נאך איז ער ווידר גוועען ביים בעש"ט אונ דר היים הט אום דער בע"ש אוך גאר נוט גדענקט וועגן דם בריף. אונ אזו הט גדוערט אלנגו צייט בוז נאך דם הסתלקות פון דם בע"ש ז"ל. דר וויל איז דר רינדר זייער ארפ פון דם מעמד אונ איז גווארן איין ארום מאן ער הט פר קופט אלים ער הט שון ניט גיהט ווס צו פר קופון. ויהי אונ עס איז גוועען אונ זיבצען יאר ארום נאך

דם בע"ש הסתלקות . איז גגאנגן דער רינדאר צום קאסטין וואס איז גשטאנען ביי אום אין הויז אונ האט אים גלידיגט צוא זעהן פיליכט איז נאך דא אונ אום עטוואס נייטיגס צו פר קופן האט ער דר זעהן ליגן אויף דם דנאי פון דם קסטין דם בריף וואס דר בע"ש האט אים גגעבן נוא ווי ער האט דר קנט דם היליגן בע"ש כתב איז ער חלשות גבליבן ואז האט אן גהויבן צו קלגן אונ צו וויינען אונ זגט אצינד וויי אויף פו וואגן מיין אומגליק נעמט זוך ער הייבט אן צוא בטרכטן דם בריף אונ זעהט צו וועמן ער איז גשריבן אי האט אום מורא צו עפנן ער טרכט זוך איך וועל דם בריף אפ פירן קיין בראד פיליכט וועט ער נאך ניטצון די לייט וואס מען האט אום גשיקט אונ טאמר איז אונ אים דא אסוד אויף וויל אום נוט עפנון נוא גייט ער נעבוך צו פוס קיין בראד דווערט דר וועג ביי אום דריי טג ער קומט אן קיין בראד אונ גייט אונ בידהמ"ד אונ פרעגט אלטו לייט אוב זיי גדענקון מוט צוואנציג יאר צוריק וועער איז גוועזן פרנסי חדשים אינזגט די נעמן וועער עם איז אן גשריבן אויף דם בריף זגון די זקנים צו אס זייט מיר לעבון דענקון מיר אז עם איז נושט גוועזן אזונו מענשן פרנסי חדשים ער פרעגט דם אנדערן דם דריטון אונ אלו ענפרין אום דאס זעלבו איז ער גווארן מבולבל דר פון ער האט גוויזן דם בריף די זקנים אונ אלו האבן אום מורא גהאט צו עפנן זגט איינר אונ גלעכטר אצינד איז

אקלפו אויף די פרנסי חדשים או: דער גרוסור שול פוליכט וועלון אזונו לייט יעצט ארוס קומן צו זיין פרנסי חדשים האבן זיי אלו גלכט נאר דר קטווים איז גוועזן אגנצר אמת עם איז טקו אזו גוועזן עם זעננו גקומן יונגליך צו לופון פון די שיל אונ זאגון מז"ט דר אונ דער זעננן אצינד פרנסי חדשים ארוס גקומן דר רינדר פרעגט נאך אמל ווי אזו זיי הייסון ער זעהט אבר עם איז אקוראט ווי אונ דעם בריף שטייט ער וואונדרט זיך זייער דרויף אונ הלט זוך איין עצה מוט די לייט וואס ער זאל טון זאגן זיי צו אום ווארט איבר אביסל וועט דר עולם איבר גיין פון קהלם שטיב וואס מוהט די נייאו פרשטר אפ גפירט אהין וועסטו גיין צו זיי אין ווסט זיי אפ גבין דם בריף וועלן זיי אים עפנין וועט מען זעהן וואס אונ אום שטייט וועט מען ווייסון צו גהער דר בריף צו זיי אדר נוט נוא ער טוט אזו אונ גייט צו זיי אונ קהלם שטיבל ער טרעפט זיי ער פרעגט וועער זעננון די פרשטר ווייזט מען אום אן זגט ער זיי מיינו הערון איך האב צו אייך אבריף פון דם בע"ט ז"ל האבן זיי זוך צו לאכט אונ זאגון פון וואנן זענט איר נארישר מענש וואס איר זאגט אונ אזו אייגנט דר בעש"ט איז שין זובצין יאר אויף דעם עולם האמת אין מור זעננון אונ גנצן אלט פון צוונציג בוז פונף אונ צוונציג יאר נוא ווי קען זיין אז דר בעש"ט האט צו אונז אבריף גשיקט זגט דר מענש גלייבט מור מיינו



איין שעה אזו קומען דוא אלו לייט אונ זעננון זוך אלו מתעסק מוט דעם רשע אין דעם צדיק לאזון זייא לוגן דער צדיק האט איין אידום וויינט ער זייער ווייל זיין שווער אזו לאנג ליגט אונ דעם רשע זאל מען כבוד אן טאן וויא ער וויינט אזו איז ער אנשלפן גווארון אזו איז אום אליהו הנביא צו חלום גקומן אונ אגט צו אום הער אויף צו וויינן דען דיין שווער דארף נאך אויף דער וועלט אפ קומן פר אקליינום עונש כדי ער זאל אויף יענר וועלט אגרוסון שכר האבן אונ דר רשע דארף דא האבן כבוד וויל ער האט אמאל גטון אקליינו מצוה כדי ער זאל אויף יענע וועלט קיין שכר נוט בקומן . ווי דר אידום האט זוך אויף גחפט זענן גקומן

הערון עס איז מור אויך אווינגדר נאר דו מעשה איז אבר אזו גוועזן אונ הט זיי דער ציילט דוא גאנצו מעשה האבן זיי גנומן דם בריף ביי אים פון דר הנד אונ הבן אום געפינט שטייט אונ דם בריף דיזו ווערטר . להרבני מוהר״ר פלוני ילהרבני מהו׳פלוני פרנסי חדשים מבראד הנה אז עס וועט קומן צו אייך דר מענש ר׳ פלוני בעט אויך אייך איר זלט זעהן אום צו טון אטובה ער איז איין איש הגון אין איז גוועזן כל ימיו איין עושר אצינד איז ער אגרוסר ארום מאן איר זאל אים הלפון מוט אלו מעגליכקייטון ווארום איך בש״ט בעט אייך דם דזיגו פילייכט גלייבט עטץ נושט אז איך דר בעש״ט הב דם ברי - גשריבן דא גוב איך אצייכון אייערו ביידו ווייבר זענון מעוברת בלד וועט מען קומן זאגון מז״ט אז ביי דעם איז גבורן אבן זכר אונ ביי דם אבתולה אין דם איז אייך אסימן אז איך בעש״ט הב גשיקט צו. אייך דם מענש איר זלט אים טון ארעכטו טובה פון מור ישראל בעש״ט נוא זיי הבן נאך קיין צייט נוט גהט אפ לייגון דם בריף איז גקומן איין שליח פון זייער היים אונ הט זיי גזגט דו בשורה אונ עס איז גוועזן אקורט ווי אונ בריף שטייט בלד איז גוואר גוורון דו גאנצו שטאט בראד פון דר וואונדרליכו מעשה אונ מודה דם יודן גליקליך גמכט מען הט אום גשענקט אסך געלד. אונ דו פרנסי חדשים הבן נאך מער גיטס דם יודן גטון ער איז גפרון גליקליך אהיים היינט זעהט מען דו גבורות הבורא אז אילו״ד אשה קען אזו וייט זעהון אונ זוכה זיין ביי גאט זיין זכות זאל אונז ביי שטיין ביי אלום גוטען אמן :

**מעשה פון ר׳ גרשון קיטעווער** איז גפרן פון ארץ ישראל קיין חוץ לארץ אשיך טון מיט זיי זון הט ער זיך מיישב גוועזן ער גאט הט מור גהאלפן איבר דם ים וועל איך פרון צו מיין שוואגר דם בע״ש איז ער גקומן צו אים ערב שבת הט דר בע״ש מנחה גדאוינט אונ הט מאריך גוועזן אונ דר תפלה ביז שטערן זענשון גשטנן אונ ר׳ גרשון הט אויך גדאוינט אונ הט מעביר גוועזן דו סדרה נאך דם דאוינון הט ער זיך גלייגט אפ רוען אונ דר בע״ש הט נך מאריך גוועז בשעת עסן פרעגט אום ר׳ גרשון ווס הסטו אזו מאריך בתפלה גוועזן איך הב גדאוינט מוט כוונות אונ הב מעביר גוועזן דו סדרה אונ הב נאך גמוזט מיך לייגן אפ רוען אונ ביי דור הט אזו לנג גוועהרט אבר דר בע״ש ענפרט אום נוט נאר ער הט גשמייכלט הט ער אום נאך אמל גפרעגט הט ער אום גענפרט בשעת אז איך וויל זגן מחיה מתים קומן צו מור פול מתים אונ בעטן מוך איך זאל תפלה טון פר זיי אונ זל זיי מתקן זיין איך מוז זיי צו לוב טון אונ מתפלל זיין אינ ברענגן איטליכון אויף זיין אורט נשמער זיי זענן זייער פול איך זל וועלן אינ איין צייט אלו מעלה זיין וולט איך גמוזט שמונה עשרה שטיין דריי יאר גשמר ווי איך הער אז מען רופט אונ דם הימל מקודש מוז איך געך אוים דאוינון דו שמונה עשרה אין קאן שון מיין נוט מעלה זיין זגט ר׳ גרשון אונ גשפט צום בע״ש פר ווס קומן די מתים נוט צו מור הט ער אום גענפרט אז דו וועסט ביי מור נאך אשבת הלטן וועל איך דור מוסר זיין דו כוונות וועלן זיי קומן צו דור איז ר׳ גרשון גבליבן ביים בע״ש נאך איין שבת אונ דר בע״ש הט

סיפורי אנשי שם

כל הקהל אונ הבן זיין שווער בגרבון מוט גרוס כבוד . דרום גהער זוך איטליכר היטון פר עבירות אזו וועלון מיר זוכה זיין אונ גן עדן צו קומן אמן סלה :

בעשרייבונג פון רבי אליעזר דער זין פון הורקנוס

הורקנוס איינר פון דוא רייכסטו יודן ער האט גהאט עטליכו זון איינור פון

אום מוסר גוועען די כוונות ערב שבת צו מנחה הט דר בע״ש גזגט קדיש הט זוך ר׳ גרשון גשטעלט שמ״ע דאווינון און דר בע״ש הט נוט אן גהייבן צו דאווינען. ש׳ ונה עשרה אמיסנו ווערן ער הט גוויסט אז ר׳ גרשון וועט א הייבן מוט די כוונות ווס ער האט אום מוסר גוועען וועט ער זוך בוודאי דר שרעקון און הט זוך גשפילט מיט דר פישקו און האט אן גדרייט דאס זייגריל און הט גשמעקט טביק און הט אלץ בכוון שהיות גמכט בוז ר׳ גרשון אוז גוק מן צו דעם אורט און שמ״ע ווס מען דרף דרטן מכוון זיין ווי ר׳ גרשון הט אן גהויב מכוון זיין זענון אן גקומן אזו פול מתים ווי אחיל הט זוך ר׳ גרשון זייער דר שרקון און אוז חלשות גבליבן הט אום דר בע״ש גמינטערט און הט אום גהייסן אהיים גיין דער נאך האט זוך גשטעלט דער בע״ש ערשט שמ״ע דאווינען אין ביי נאכט צום עסון הט דער בע״ש גפרעגט לר׳ גרשון ווס ביסטו חלש גבליבן האט ער אום געענפערט אז אוך האב אן גהויבן מכוון זיין די כוונות ווס איר הט מור מוסר גוועען זענון גוקומן צו מור ווי פיל מתים גאנץ ו טשערדים האב אוך מוך זייער דער שראקון האט דר בע״ש אן גהויבן צוא לאכון און זאגט צום עולם מען גהער אום צו שמייסון אז ער זאל נוט שפעטון פון דעם בעש״ט:

מעשה הרב דגדול החסיד אב״ד מק״ק פולנאי אוז פריר גוועזן און ק״ק שאריגרד האט ער גהערט אז דער בע״ש אוז און מאהליב הט ער זוך מיישב גוועען חאטשו ער הט נוט גהלטון מהבעש״ט היינט אוז אים און זון אריינגקומן צו פרון צו בע״ש לאם אוך זעהן ווס טוט זוך מוט אום און איז גקומן צום בע״ש פרייטוג און דר פריי פר דם דאווינן הט ער גזעהן אז דר בע״ש רייכירט די לילקו אוז אום אתמיה גוועען ווס ער רייכירט די לולקי הט מען זוך גשטעלט דאווינן הט דר רב זייער שטרק גוויינט ווס ער הט גוויסט אז ער האט קיין מאל נוט אזו גוויינט זונט ער לעבט הט ער פר שטנן אז דם גוויין אוז נוט פון זיך אליין נאר דר בע״ש הט דם אום דר וועקט דם הרץ פון דעמלט אן אוז זיין הרץ נתקרב גווארן צום בעש״ט נאר דר בע״ש איז בלד דר נאך אוועק גפרון לא״י הט ער זייער גבענקט נאך אום און אז דר בע״ש אוז צו רוק גקומן פון מיטן וועג ער זאל שון נוט פרון קיין א״י הט הרב הנ״ל אן גהובן צו פרון צום בע״ש אופט פלעגט ער ביי אום זיצן א צייט און דר בעש״ט הט זיין נשמה מעלה גוועען בוז ער אוז גווארן איין גרוסר צדיק:

מעשה הרב המוכיח דק״ק פולנאי אוז גוועען דר ערשטר ווס הט גמכט פר איין חסיד דם פולנאיר רב און אזו אוז גוועען די מעשה הרב מפולנאי אוז גוועען איי רב אין שאריגראד אוז דר מוכיח גקומן לק״ק שאריגראד אוף שבת הט הרב גבעטון אים אוף שבת הט הרב המוכיח גבעטן אז ער זאל אום געבון רשות צו מאכן מנין און דר היים הט ער אום גהייסן אין אליין אוז הרב גקומן און שול און אז המוכיח אוז גקומן דרשנון און שול שבת ביי טאג הט ער גבעטון דעם רב אז ער זאל אוך גיין צוא דר דרשה האט אום המוכיח איין גשטעלט און דער גאנצר דרשה הט הרב גזאגט אוף דעם מוכיח עם אוז נוט אנדרש ער אוז נאר איין נביא ווארום פון וואנון ווייסט ער מיין

סיפורי אנשי שם

וויא האט גהייס ן אליעזר . דוא אלו קינדער זענען גוועען ערד ארבייטר פראסטו פוירון . זייער גאנצר ציעל אוז נאר גוועען זוך רייכטום צוא שאפון פון דר תורה האבען זייא גאר נוט גוויסט און האבען אויך פיינד גהאט א תלמיד חכם נאר אליעזר חאטשו ער האט נוט גהאט קיין גילעגינהייט וויא תורה צוא לערנין וויל

ער

מחשבה ווי ער הט מוך גשטעלט אונ דר דרשה פון דעמולט אן הט ער זוך מדבק גוועזן צום פולנאיר מוכיח אונ הט גמכט אשלש סעודות אונ הט גבעטונקל אוף דם שלש סעודות דם עולם אוז אגרום הידוש גוועזן ווארום זיי הבן גוויסט אז ער איז נוט קיין חסיד אונ נאך דם אז הרב אוז גווארון איין גרוסר חסיד הט דו שטאט שארי גראד אן גהובון קריגון מוט אום אין דאס מחלוקת אוז אלו מאל גרעסר גווארוז אונ הבון אום ארום גטריבון פון דר שטאט אום ערב שבת אונ הט גמוזט שבת האלטון אונ איין דארף אונ דער בע"ש איז גוועזאונ וועג נוט וייט פון דם דארף ווי דר רב הט שבת גהלטן הט ער גזאגט צוא זיינו מענטשען לאמער פארון אונ דארף שבת האלטון וועלון מיר אום דם הרץ אוים ריידן ער זאל קיין צער נוט הבון אונ דר מוכיח אוז אוך גוועזן מיט זיי אוף שבת הט דער מוכיח גזעהן אז דר רב הט צער אום שבת הט ער אים גזגט זיי דוך נוט מצער אוך הב גהערט איין כרוז מן השמים ווס מען הט אוים גרופן אז איינור פון דיינו קריגר ווט גהרגת ווערון אונ איינר ווט שטרבון אונ וועג אונ דו גנצי שטאט ווט פר ברענט ווערון אונ אז דר בע"ש הט דם דר הערט הט ער אגשריי גטון אוף דם מוכיח אונ הט גזגט מוט דם לשון דו הערסט שון אוך כרוזין פון הימל אוז דר מוכיח שטיל גווארון אונ הרב אוז גפרון אונ דר שטאט ראשקוב אונ אוז דארט רב גווארון אונ דרט הט ער גרוס תשובה גטון ער אוז גוועזן איין עושר פון זעכצוג טוזונד קערבליך הט ער צו טיילט דאס גאנצו געלד אונ אוז גווארון איין ארום מאן :

## מעשה פון בטחון

מי שה מען הט אמל בפולון מן השמים דם בע"ש הקדוש ער זאל פארון אין יענום דארף צו דם מוכסן ווס הלט די ארנדו ער זאל זעהן ווי גרוס זייער

דלת

בטחון אוז אזהש"י בכדי ער זאל קענונדר ציילון זיינו לייט זוך אפ לערנן איין מוסר דר פון. נוא דר בעש"ט הט גנ מי אלו תלמידים מוט זוך אונ אוז גפארון אונ דם דארף. דר אריינדר אוז גוועזן זייער אפיינר מענש איין אלטר יוד ער הט זיי שיין אויף גנומען אונ הט גמכט אפיינום מאל צייט פון זייערט וועגון אונ זיי הבן דרט גנעכטיגט : ויהי אויף מארגין פרי הט זוך דר בעש"ט מוט זיינו תלמידים גשטעלט דווינון אונ דר אוז אן גקומען איין קאזאק פון דם פרוץ פון דם דארף אונ הט גהלן אגרוסו בייטש אונ הט מוט איר אן גקלפט דריי מאל אופון טוש אונ אוועק גגאנגן קיינר הט אום קיין ווארט גזגט דו אורחים הבן גאר נוט גוויסט ווס דם בטייט דר בעל הבית אוז גוועזן גנץ פריילוך מען הט פון אום קיין שום אנדרו מינע גזעהן נוא זיי האבן גאר ווס אפ גדאווינט אוז ווייטר גקומען דער אייגנר קאזאק אונ הט ווייטר אן גקלפט אופון טיש פרעגט דר בע"ש דעם בעה"ב ווס בטייט דם ענפרט ער אום אזו אוז דער שטייגר ווען אוך דארף צאלון ארנטו פר דם דארף קומט ער אן זאגון מוט דעם קלאפון אונ אזו טוט ער דריי מאל אונ ווען נאך דוא דריי מאל טרגט מען נוט קיין ראטו נעמט דער פרוץ דם גאנצו הויז גזינד אונ תפיסה. זגט דר בע"ש צו אום עם ווייזט מור אויס דו הסט דם געלד אפ צו טראגון לכן גיי אפ טראגן דם געלד תיכף אונ מור וועלון ווארטון מיטון עסון אוף דור ענפרט ער גלייבט מיר אוך הב נאך נוט איין פרוטה נאר איך זארג נושט הש"י וועט מור בוודאי בשערון מור וועלון גיין עסון אונ מור וועלון זוך נושט אילון אוך האב נאך דריי שעה צייט הש"י וועט מור בוודאי העלפון נוא זיי האבון זוך גזעצט עסון דר בעה"ב הט זוך גאר נושט גאיילט עס אוז ביי זיי אלו גוועזן אגרום הידוש

אין

אִין דֶעם קוּמְט אָן ווִידֶר דֶער קָאזַאק אִין גוּט מוּט כַּעַס דְרַיי קְלֶעפּ אִיבֶּר דֶם טִישׁ אוּנ גֵייט אַוֶועק דֶר בעה״ב גוּט זוּךְ נִישְׁט קֵיין רוּר פוּן זַיין אוֹרְט עֶר הֵייסְט וַוייטֶער אוֹיף גֶעבּוּן עֶסוּן אוּנ נָאךְ דֶעם בֶּענְשְׁן הָט זוּךְ עֶרְשְׁט דֶר בעה״ב אָן גְטוּן בִּגְדֵי שַׁבָּת אוּנ זָגְט מֶען דַרְף גֵיין אָפּ טְרָגוּן אוּנ הוֹיף אַרַיין אַרַאטוּ פְרֶעגְט אִים דֶער בע״ש נָאךְ אַמָל דוּא הָאסְט שׁוֹן גֶעלְד זָגְט עֶר אוּךְ הָאבּ נָאךְ נוּשְׁט קֵיין פְּרוּטָה נָאר הַשֵׁי״ת ווֶעט מוּר בַּלְד בַּשָׁערוּן אוּךְ גֵיי שׁוֹן צוּם אָדוֹן זֵיי הָבֶּן זִיךְ אַלוּ זֵייעֶר שְׁטַרְק גְווִינְדֶערְט. אוּנ דֶר בע״ש אוּז אַרוּם גְגַנְגוּן מוּט זַיינוּ תַּלְמִידִים אוֹפֶּן גַאנוּג קוּקוּן פוּן וַוייטֶן וָוס וֶועט זוּךְ טוּן מוּט אוּם. נוּא זֶעהְן זֵיי עֶר גֵייט גַנְץ גֶעךְ אוֹיף דָם ווֶעג ווס צוּם הוֹיף אוּנ דֶעם פָּארְט אֵיין בּויד קֶעגוּן אוּם אוּנ עֶר הָט זִיךְ גְשְׁטֶלְט לֶעבּוּן וָוגוּן אוּנ הָט גְשְׁמִיסְט נָאר קֵיין גֶעלְד הָבּן זֵיי נוּט גֶזֶעהְ אוּם גֶעמוּן עֶר אוּז אַזוּ אַוֶועק גְגַאנְגוּן אוּנ דוּ פִּיר אוּז גְפָּרוּן צוּ דוּ קְרֶעטְשְׁמִי עֶס הָט אָבֶּר נוּט פוּל גְדוֹערְט זֶעהְן זֵיי ווִי פוּן דֶר פִּיר הָט מֶען צוּ רוּק גְרוּפֶּן דֶעם בעה״ב הָבּוֹנֵיי שׁוֹנְגְזֶעהְן ווִי מֶעזוּהָט גְצֵיילְט גֶעלְד אִין דֶר בעה״ב הָט צוּ גְנוּמֶן אוּנ אוּז גְגַנְגֶען אִין הוֹיף אַרַיין אוּנ דוּ פוּר אוּז צוּ גְפָרוּן צוּ דֶר קְרֶעטְשְׁמִי פְרֶגְט דֶר בעש״ט דֶם סוֹחֵר וָוס הָט אוּר גֶערֶעט מוּט דֶעם בעה״ב פוּן דַאגְן זָגְט עֶר אוּךְ הָבּ בַּיי אוּם גְקוּפְט בְּרַנְד וַויין וֶועלְכִים עֶר ווֶעט אוּים טְרַייבְּן נָאר מוּר הָאבּוּן זוּךְ נוּשְׁט גִיקֶעגְט אוּים גְלַייכוּן אוּנ מֵקַח עֶר הָאט גְוָואלְט מוּט עֶטְלִיכוּ גְרַייצֶר טַייעֶרֶר אוּפְדֶם יֶעמֶר אוּךְ הָבּ אוּם נוּט גְוָולְט גֶעבּוּן הָבּ אוּךְ אוּם גְלָסְט אַוֶועק גֵיין. נוּא אַז אוּךְ הָבּ אָבֶּר גְזֶעהְן אַז עֶר קוּמְט נוּשְׁט צוּרִיק הָבּ אוּךְ אִים גְמוּזְט גֶעבּוּן ווִי פוּל עֶר הָט גְוָולְט

אִין הָבּ אוּם גִיצַיילְט גֶעלְד פְּרִיעֶר אוּנ אִיךְ ווֵייס עֶר אוּז אֵיין עֶרְלִיכֶר מַאן. נוּא זָאגְט דֶער בעש״ט הַיינְט זֶעהְט ווִי גְרוֹס עֶס אוּז דוּא מִדָּה פוּן בִּטָחוֹן ווִי הַשֵׁי״ת הֶעלְפְט גָאר אָן דַאֲגָה אוּנ דֶר זֶעלְבֶּר צַייט וָוס מֶען בַּדַארְף ווֶען מֶען שְׁטַרְקְט זִיךְ אִין בִּטָחוֹן אָן הַשֵׁי״ת:

**מעשה הרב מוהר״ר ישׂראל בע״ש**

עֶטְלִיכוּ וָואכוּן אוּז עֶר גֶזֶעסוּן בק״ק זַאסְלַב אוּנ דֶעם הָאט מֶען גְפִינֶען אֵיין גְהַרְגִיתִין אוּנ פֶעלְד הָט מֶען אוּם גְבְּרַכְט אִין שְׁטָאט אַרַיין דוּ גוֹיִם הָאבֶּן גְוָואלְט מַאכוּן אֵיין בִּלְבּוּל ווִי דֶר סֵדֶר פְלֶעגְט צוּ זַיין נוּר דוּ דוּכְסָה פוּן זַסְלַב הָט מוֹרָא גְהַאט אַזוּ גֶעךְ צוּ טוּן וָוארוּם זוּא הָאט גְדֶענְקְט ווִי אוּר מַאן דֶר דוּכֵּס הָט גְהַט זֵייעֶר אַבֵּייזְן סוֹף נָךְ דֶם אַז מֶען הָט גְהַרְגִית דִי קְדוֹשִׁים בק״ק זַסְלַב נוּט לַנְג דֶר נָאךְ אִין מִיטְן וֶועג ווִי עֶר אוּז גְפָרֶן הָט מוּט אוּם פְלִיצְלִינְג אָנְגְהוֹבֶּן צוּ וַורְפִּן פוּן אֵיין אָרְט צוּם אַנְדֶרְן אוּנ הָט גְשְׁרִיגֶן עֶר זֶעהְט ווִי דִי קְדוֹשִׁים שְׁטֵייעֶן אוּנ טוּן אוּם אָן יְסוּרִים בִּיז עֶר אוּז מֵת גְוָורֶן דְרוּם הָט זוּ נָךְ נוּט גְוָולְט זֵיי עֶנְפֶּרוּן בּוּז מֶוֶועט רֶעכְט חוֹקֵר וְדוֹרֵשׁ זַיין מֶען זָל גְווָר וֶוערְן אוּבּ דוּ יְהוּדִים הָבֶּן אוּם גְהַרְגִית אוּבּ נֵיין אַז קָהָל אוּז גְווָר גְוָורֶן הָבֶּן זֵיי זֵייעֶר מוֹרָא גְהַט הָבֶּן זֵיי גְשִׁיקְט ר׳ אַייזִיק בֶּן הָרַב ר׳ דוד צוּם בעש״ט אוּנ דֶר הַרְבֶּריג ווִי עֶר אוּז גְשְׁטַנְן אִין דֶר בע״ש אוּז גְשְׁטַנְן אוּנ ר׳ הירש זַיין סוֹפֵר הָט פַר אוּם גְזָגְט זוֹהַר אוּנ דָם פָּנִים פוּן דֶם בע״ש הָט גְפְלַאקֶרְט ווִי דֶער ר׳ אייזיק אוּז גְקוּמֶן אוּפְדֶר טוּר הָט ר׳ הירש סוֹפֵר אַווִינְק גְטוּן צוּ ר׳ אייזיק אַז עֶר זָל אַוֶועק גֵיין וָורוּם דֶר פַּחַד אוּז זֵייעֶר גְרוֹס גְווֶען פוּן דֶם בע״ש אוּז ר׳ אייזיק אַרוּם גְגַאנְגֶן נָאךְ דֶם אוּז ר׳ אייזיק ווִידֶר אַרַיין גְקוּמֶן הָט דֶר סוֹפֵר ר׳ הירש ווִידֶר אַווִינְק



עֶר הָט גְמוּזְט אַרְבֵּייטוּן אוּנ פֶעלְד גְלַייךְ מוּט אַלוּ בְּרִידֶר פוּן דֶעסְט וֶועגוּן פְלֶעגְט עֶר דָאךְ מֶעהְרֶערֶע מָאל זוּצוּ פַר טְרַאכְט אוּנ קְלֶערוּ זַיין גֵייסְט הָאט אוּמְמֶער

נישוועבם

גְגעבְּן עֶר זָל אַרוּם גֵיין הָט קָהָל גְבֶּעטְן דָּרַב ר' דוד זָל אַלֵיין גֵיין וָורוּם עֶר אִיז אַגְרוֹסֶר חָשׁוּב גְוֶועזְן בַּאם בעש"ט אִיז ר' דוד גְקוּמֶן אוּנ הָט דֶר צֵיילְט דֶם בעש"ט הָט עֶר גֶעֶנְטְפֶרְט עֶס אִיז נוּט קָשֶׁה אוּךְ הֶער נִיט רֵיידְן דֶר פוּן אוּנ הוּף אִיז דֶר בעש"ש גְלֶעגְן נָךְ דֶם עֶסְן אוֹף אֵיין קַאסְטְין אָן גְשְׁפַּרְט אוּפְדוּ הֶענְט אוּנ לַייט זֶענְן אַרוּם אִים גְשְׁטַנְן הָט עֶר צוּ גְלֵייגְט זַיין אוֹיעֶר אַזוֹ וִוי אַמֶענְשׁ לֵייגְט צוּ זַיין אוֹיעֶר אַז עֶר וִויל עֶפּוּס הֶרוּן אוּנ זָגְט לָאז מֶען מוּר גֶעךְ וַורְמוּן דוּ מִקְוָה וָורוּם אוּךְ הֶער אַז מֶען רֶעט פוּן דֶם בִּלְבּוּל אוּנ הוּף בַּיי דֶר דוּכְסָה אִין אִיז גְגַנְגוּן אוּנ מִקְוָה אוּנ אִיז גְקוּמֶ' פוּן דֶר מִקְוָה אוּנ הָט גְזָגְט מֶען זָל קֵיין מוֹרָא נִיט הָבֶּן עֶס וֶועט נוּשְׁט דֶר פוּן זַיין הָט קָהָל גְשִׁיקְט דֶם שְׁתַּדְּלִין אוּנ הוּף אַרֵיין הָט עֶר גְהֶערְט אַז גוֹיִם זֶענְן גְקוּמֶן צוּ דֶר דוּכְסָה קְלָגְן מַכָּה דֶם בִּלְבּוּל דֶם גְהַרְגֶתוּן הָט זוּ גְשִׁיקְט צוּם דָקְטֶר עֶר זָל זֶעהְן אוּבּ דֶר אִיז מֵת גְוֶוערְן אַלֵיין אָדֶר מֶען הָט אוּם גְהַרְגוּת אוּנ קָהָל הָט פָּרְט מוֹרָא גְהַט אוּנ הָבּוּן צוּ גְזָגְט דֶם דָקְטֶר דְרַייסוּג גוּלְדֶן בעז"ה עֶס אִיז גָאר נוּט גְוָוארוּן פוּן דֶעם בִּלְבּוּל הָט דֶר זַאסְלַבֶר רַב וָוס אִיז גְוֶועזְן דָּרַב ר' הירש שְׁוָואגוּר גְפְרֶעגְט דֶעם בשׁ"ט פַר וָוס הָט אוּר פְּרִיר נוּט גְזָאגְט אֵיידֶר מֶען הָט גְפִינֶן דֶם הוֹרֵג אוּיף דֶם פֶלְד מֶען זָל קֵיין מוֹרָא נוּט הָבֶּן הָט דֶר בעש"ש אוּם גֶעֶנְטְפֶרְט מֶען הָט מוּר גְזָגְט אוּנ מְקַוֶּה אַז דַבִּיבֶּר הָט מֶען מוּר נוּט מוֹדִיעַ גְוֶועזְן אוּנ מֶען הָט פַר מוּר מַעֲלִים גְוֶועזְן דִי זַאךְ וַוייל אוּךְ הָב מוּךְ מִתְעַצֵּל גְוֶועזְן מַסְפִּיד צוּ זַיין ר' חיים מִבְּרָאד:

דֶר בשׁ"ט זִכְרוֹנוֹ לִבְרָכָה פַר זַיין פְּטִירָה הָט עֶר גוּשׁוּקְט צוּ נוּף רוּפוּן אַלוּ זַיינוּ תַּלְמִידִים אוּנ הָט יֶעדְןאֶן גְזָגְט וָוס עֶס זָל זַיין זַיין פַּרְנָסָה אוּנ אַטֵייל פוּן זֵיי הָט עֶר מְגַלֶּה גְוֶועזְן וָוס מוּט זֵיי וֶועט זוּךְ טוּן צְווִישֶׁן דִיא תַּלְמִידִים אִיז גְוֶועזְן אֵייגֶער עֶר הָט גְהֵייסוּן ר' יעקב עֶר אִיז גְוֶועזְן אֵיין מְשַׁמֵּשׁ בַּיי דֶעם בשׁ"ט אוּנ אֵיין תַּלְמִיד הָט דֶר בעש"ט דם ר' יעקב אָן גְזָאגְט דוּ זָלְסְט פָרוּן אוּף אַלוּ עֶרְטֶר וִוי מֶען קָאן מוּךְ אוּנ זָלְסְט דֶר צֵיילוּן מַעֲשִׂיּוֹת פוּן מוּר אוּנ דֶר פוּן וֶועט זַיין דַיין פַּרְנָסָה דֶר ר' יעקב הָט זִיךְ זֵייעֶר מְצַעֵר גְוֶועזְן פוּן דֶם עֶר זָגְט וָוס קֶענְזַיין דֶר תַּכְלִית פוּן מוּר אוּךְ וֶועל זַיין נָעוָונְד נוּר מַעֲשִׂיּוֹת צוּ דֶר צֵיילֶן אָבֶּר דֶר בשׁ"ט הָט אוּם מַבְטִיחַ גְוֶועזְן אַז עֶר וֶועט דֶר פוּן רַייךְ וֶוערְןאוּנ אַלוּ תַּלְמִידִים הָבֶּן מְקַיֵּים גְוֶועזְן אַזוֹ וִוי דֶר בשׁ"ט הָט זֵיי אָן גְזָגְט אוּנ אוּנְזֶר ר' יעקב אִיז אַרוּם גְפָרְן אוּנ הָט דֶר צֵיילְט מַעֲשִׂיּוֹת פוּן דֶם בשׁ"ט עֶר הָט גְהַט דֶר פוּן זֵייעֶר שֵׁיין פַּרְנָסָה אוּנ צְווֵיי יָאר אַרוּם הֶערְט ר' יעקב אַז אוּנ אִיטַלְיָא אִיז דָא אֵיין עוֹשֶׁר עֶר צָלְט פַר אַמַעֲשֶׂה וָוס מֶען דֶר צֵיילְט אוּם אֵיין רֶענְדִיל הָט זִיךְ דֶר ר' יעקב מְיַישֵּׁב גְוֶועזְ עֶר וֶועט פָּרְן אַהִין אוּנ וֶועט אוּם דֶר צֵיילֶן אַלוּ מַעֲשִׂיּוֹת וֶועט עֶר נֶעמוּן אַסַךְ גֶעלְד וֶועט עֶר פַר שְׁפָּרוּן נָע וָונְד צוּ זַיין עֶר טוּט אַזוֹ קוֹפְט זִיךְ אַפֶּערְד מוּט אַוָוגוּן אוּנ עֶר פָּרְט קֵיין אִיטַלְיָא עֶר זָמְט זוּךְ אָבֶּר אוּנ דֶר נְסִיעָה זִיבֶּן חֳדָשִׁים עֶס אִיז אוּם אַוֶועק גְגַאנְגֶן אַסַךְ הוֹצָאוֹת אוּנ השי"ת הָט אוּם גְהָלְפוּן עֶר אִיז אָן גְקוּמֶן אוּנ דֶר שְׁטָאט וִוי דֶר עוֹשֶׁר אִיז עֶר הֵייבְּט אָן נָאךְ צוּ פְּרֶעגוּן וָוס אִיז דֶר מֶער מוּט דֶעם עוֹשֶׁר הָבּוּן דוּ שְׁטָאט לַייט אוּם דֶער צֵיילְט אַז עֶר אִיז גְקוּמֶ' פוּן אַשְׁרֶעמְד לַנְד אַהֶער מוּט אַיָאר צֶעהְן צוּ רוּק אוּנ הָט גְקוּפְט בַּיי דֶם פְּרִיץ

סיפורי אנשי שם

גְשְׁוֶועבְּט אוּנ אַהֶעבִירוּ וֶועלְט עֶר אִיז נוּט גְוֶועזְן בַּשַּׁפוּן צוּ אַזַא נִידְרִיגֶע אַרְבֵּייט דְרוּם הָאבְּן דוּא בְּרִידֶער אוּם זֵייעֶר פֵיינְד גְהַאט אוּנ פְלֶעגוּן אוּם אָ טוּן גְרוֹסוּ צָרוֹת זֵייא הָאבְּן אוּם גְגֶעבּוּן צוּא אַרְבֵּייטוּן אוּנ דוּא עָרְגְסְטוּ עֶרְטֶר אוּנ פַר זֵייעֶר פָאטֶר פְלֶעגוּן זֵייא אוּם פַאר מַסִירֶען דָאס עֶר וִויל נוּט אַרְבֵּייטוּן עֶר אִיז פוּיל

אייז

זַיין הויז אוּנ הָט גִבּוֹעֶט אבּהמ״ד אוּנ דֶר
עוֹשֶׁר אַלֵיין זיצְט טָאג אוּנ נַכְט אוּנ לֶרִינְט
זַיינוּ גְשֶׁעפְּטִין טוּאֶן פוּל מֶענְשֶׁען נָאר
שַׁבָּת צוּם טוּשׁ גֵייט צוּ אוּם דוּא גַאנְצוּ
שְׁטָאט לַייט אוּנ עֶר הֵייסְט דֶער צֵיילוּן
מַעֲשִׂיוֹת פוּן דֶם בעש״ט אוּנ נָאךְ שַׁבָּת
צָלְט עֶר פַּר יֶעדֶר מַעֲשֶׂה אַרֶענְדֵיל נוּא
אִיז דֶר ר׳ יעקב גַנְגְוּן אוּנ הוּף אַרִיין אוּנ
דָהט גְהֵייסוּן מֶעלְדוּן אוּם בַּיי דֶם עוֹשֶׁר אַז
וֶעם אוּז גְקוּמֶן דֶעם בעש״ט מְשָׁרֵת אוּנ
אַתַּלְמִיד עֶר וֶועט אוּם דֶער צֵיילוּן פוּל
מַעֲשִׂיוֹת פוּןאוּם דָהט דֶר עוֹשֶׁר אוּם בַּפּוֹלוּן
אַז עֶר אוּז דְרִינֶגֶן זַייעֶר גֶערוּן נָר עֶר מוּז
וַורְטוּן בּוּז שַׁבָּת ווֶעט עֶר אַלוּ מַעֲשִׂיוֹת
דֶר צֵיילוּן הָט דֶר עוֹשֶׁר גְהֵייסוּן תֵּיכֶף צוּ
נֶעמֶן דֶם ר׳ יעקב מוּט גְרוֹס כָּבוֹד אוּנ אָפּ
גֶעבּוּן אוּם אַבַּזִינְדֶר צִימֶר אוּנ גֶעבּוּן אוּם
אַלְדִינְג וָוס עֶר בַּדַרְף בּוּז שַׁבָּת אוּנ זַיי
הָבֶּן אַזוּ גִטוּן אוּנְזֶר ר׳ יעקב אוּז גְוֶועןְ
דָרְט בּוּז שַׁבָּת מוּט גְרוֹס כָּבוֹד נוּא וִוי עֶם
אִיז גְקוּמֶן שַׁבָּת הָבּוּן זוּךְ צוּ נוּף גְקוּמֶדוּ
גַנְצוּ שְׁטָאט לַייט הֶערוּן מַעֲשִׂיוֹת פוּן דֶם
בעש״ט עֶם אוּז גְוֶועןְ פְּרֵייטוּג צוּ נַכְט זַיי
זֶענְנְגֶעסוּן בַּיים טוּשׁ נָאךְ זְמִירוֹת הֵייסְט
דֶר עוֹשֶׁר דֶם ר׳ יעקב עֶר זָאל דֶר צֵיילֶן
אַמַעֲשֶׂה אָבֶּר דֶר ר׳ יעקב הָט פַּר גֶעסוּן
אַלוּ מַעֲשִׂיוֹת פוּן דֶם בש״ט עֶר וֵוייסְט נָר
נִישְׁט וָוס אָנְצוּ הֵייבֶּן צוּ דֶר צֵיילֶן עֶם אוּז
אִים גְוֶועןְ אַגְרוֹסוּ בּוּשָׁה עֶר בְּרֶעכְט דֶם
מוֹחַ עֶר וִויל זוּךְ עֶטְוָוס דֶר מַנוּן עֶר הָט
אָבֶּר גָר פַּר גֶעסוּן גְלַייךְ וִוי עֶר וָולְט אוּם
קֵיין מָאל נוּשְׁט גְקֶענְט דֶער עוֹשֶׁר הָט
גִשְׁווִיגוּן אָבֶּר דוּ שְׁטָאט לַייט הָט זַייעֶר
פַּר דְרָאסוּן אוּף אוּם וִוי אַזוּ הָט עֶר אוּם
גְלַכְט פוּן דֶם גַאנְצוּן עוֹלָם. בִּקִיצוּר עֶר
דָהט אַגַנְצוּ נַכְט גְוֵויינְט עֶר הָט גָאר נוּט
פַּר שְׁטַנֶן וָוס דָם אוּז עֶם הָט אוּם גָר נוּט
גְהָלְפוּן עֶר הָט אַגַנְצִין שַׁבָּת אָפּ גְפִּירְט
מוּט גְרוֹס צַער מֶען פְּרֶעגְט אוּם אַלוּ מָאל
הָט אוּר אַייךְ שוֹן דֶר מַנְט עֶר וֵוייסְט נוּט
וָוס צוּ עֶנְפֶּרן זַיי הָבֶּן אוּם גוּלְט אָן טוּן

בִּזְיוֹן נָר דֶר עוֹשֶׁר הָט נוּט דֶר לָסְט נוּא
נָאךְ שַׁבָּת הָט עֶר גְוָאלְט תֵּיכֶף אַוֶועק
פָּרוּן הָט דֶר עוֹשֶׁר צוּ אוּם אַרֵיין גְשִׁיקְט
עֶר זָאל וַורְטוּן בּוּז מָאנְטִיג טָמוּר וֶועט
עֶר זוּךְ דֶר מַנוּן עֶפּוּס בִּקִיצוּר עֶר הָט
גוַורְט בּוּז דִינְסְטוּג אוּנ הָט זוּךְ גָאר נוּט
דֶר מַנְט דֶר ר׳ יעקב דָהט נוּט פַּר שְׁטַנוּן
אַז דָם אוּז נוּט אוּמְזִיסְט עֶר גֵייט אַרֵיין
צוּ דֶם עוֹשֶׁר גֶעגִינוּן זוּךְ מוּט גְרוֹס צַעַר
דֶר עוֹשֶׁר גוּט אוּם אַנְדָבָה אוּנ גֶזֶגִינְט זוּךְ
מִיט אוּם אוּנ גֵייט זוּךְ אִיף זֶעצוּן אוּף דֶר
פִיר וִוי עֶר זֶעצְט זוּךְ אוּיף דֶר פוּר הָט עֶר
זוּךְ דֶר מַנְט אַמַעֲשֶׂה נוֹרָא פוּן דֶם בע״ש
עֶר גֵייט גְלַייךְ צוּ רוּק אוּנ שׁוּקְט זָגֶן דֶם
עוֹשֶׁר אַז עֶר הָט זוּךְ דֶר מַנְט אֵייןמַעֲשֶׂה
וָוס עֶר הָט אַלֵיין גֶזֶעהְן דֶר עוֹשֶׁר שׁוּקְט
אִים אַרֵיין רוּפוּן אוּנ נֶעמְט אוּם אוּף זַייעֶר
שֵׁיין אוּנ עֶר בֶּעט אוּם עֶר זָאל אוּם דֶר
צֵיילוּן נוּא עֶר הֵייבְּט אוּם אָן דֶר צֵיילֶן
אֵיינְמָל שַׁבָּת אוּז גְוֶועןְ דֶר בעש״ט ז״ל
זַייעֶר טְרוּרוּג עֶר הָט גָאר נוּט קֵיין קָאס
אוּף גְהוֹבּוּן אַגַנְצֶן שַׁבָּת מוּר הָבֶּן קֵיינֶר
נִיט גְוּויסְט וָוס דָאם בַּטַייט תֵּיכֶף נָאךְ
הַבְדָלָה הֵייסְט דֶר בע״ש אַיין שְׁפַּנוּן דוּ
פֶּערְד אוּנ דָהט גְהֵייסוּן מוּךְ זֶעצוּןמוּט אוּם
אִין נָאךְ צְוֵויי מֶענְשְׁן הָט עֶר אוּיךְ מוּט
גְנוּמֶן מוּר זֶענוּן גְפָרוּן אַגַנְצוּ נַכְט מוּר
הָבּוּן קֵיינֶר נוּט גְוּויסְט וִוי הוּן מוּר פָרוּן
מִיר הָבּוּן מוֹרָא גְהַאט אוּם צוּא פְרֶעגוּן
בִּקִיצוּר מוּר זֶענוּן אָן גְקוּמֶן גַנְץ פְרִי אוּנ
אַגְרוֹסוּ שְׁטָאט אוּנ דוּ פֶערְד הָאבּוּן זוּךְ
גְשְׁטֶעלְט לֶעבּוּן אַהוֹיז דוּ טוּרוּן אוּנ דוּ
פֶענְסְטֶר זֶענוּן צוּ גְוֶועןְ דֶר בע״ש הָט אוּנְז
גְהֵייסֶן אָן קְלַפּוּן מוּר הָאבּוּן אָן גְקְלַפְּט
אִיז אַרוֹס גַנְגְן אֵיין אַלְטוּ יוּדִינֶע אוּנ וִוי
זִיא הָט אוּנְז דֶר זֶעהְן הָט זוּא אָן גְהוֹבּוּן
יָעמֶרְלוּךְ צוּ שְׁרַייעֶןוָוס טוּט עֶמִיץ דָא אוּר
זֶענְט דָאךְ אַלוּ פַּר לוֹרוּן וֵייסְט אוּר דֶען
נִיט אַז הַיינְט אוּז פֶּסַח בַּיי דוּ מַחֲמֶדוּן אוּנ
אַז זֵיי זָעהְן אֵיין יוּד אוּנ גַאס צוּ רַייסֶען
זַיי אוּם אוּף שְׁטִיקְלִיךְ וָוען עֶם גֵייט אָבֶּר

קֵיינֶר

קיינר נישט אונ נאס ווארפן זיי גורל אויף וועמען עס פאלט דער ביטערר גורל נעמען זיי אום ארום פון דער שטיב אונ שלעפן אים ביז צו זייער קירכע אין דארט פר אורטיילין זיי אום צום טוט נוא זיי וועלן דא זעהן אז עס זענן אז גקומן פוילישע יודן וועלן זיי פון אייך אלו תל מכון ע״כ אנטלופט געך אונטער דער שטאט אונ שטייט איבער דעם ביטערן טאג אזו האט דוא אלטו יודינע גשריגן אונ גוויינט דער בע״ש האט אבער אור גאר נוט געענפערט אונ האט גהייסן אונז ארפ טרגון דו זבוזאונ האט אויף גמכט אפענסטער אונ קוקט ארום אונ דו אלו בני בית ליגן בהלמן נעבוך אונ דו וויגקליך אונ שווייגן שטיל נאר דו אלטו איז ווידער ארום גקומן אונ האט גשריגן נאך וואס ער מכט אויף דעם פענסטער. דער בע״ש ענפערט אור גאר נושט אונ קוקט [illegible] דעם פענסטער זעהט ער אונ מיטן מרק שטייט אגרוסו בימה זו איז הוך דרייסיג טרעפן אונ עס רב שטייען ארום זיי [illegible] טון אויף דעם טערקישן בישוף ווי ער קוקט אזו האבן אן גהובן צו קלינגן אלו גלאקון אונ זאגן אז דער בישוף גייט אונ אויף דו בני בית איז גפאלן אפחד פליצלינג גיט דער בע״ש אגישריי צו מור יעקב גיי געך רוף מור ארום דעם בישוף ער זאל תיכף קומן צו מור:

נוא ווי דו בני בית האבן דער הערט דיזע ווערטער האבן זייא אלו אן ג[illegible] צוא שרייען וואס ווילט אור אויד אום ברענגן מען וועט אום צו רייסן אויף שטיקליך ווי אזו שוקט אור אום אונ אסכנה בקיצור זיי האבן גוויינט פר אום אונ האבן אום מבזה גוועןער ענפערט זיי אבר קיין ווארט נושט ער זאגט צו מור גיי געך ווי הון אוך שוק דיך נוא אוך האב מוך גאר נוט גשראקן אוך ווייס ווער עס שוקט מוך אוך בין גגאנגן צווישן דעם עם רב קיינר זאגט מור קיין ווארט נוט אוך בין ארוף גגאנגן אויף דער בימה אונ האב גזאגט דעם בישוף דער בע״ש איז דא ער האט דוך גבעטון זאלסט גלייך קומן צו אום ער ענפערט מור אוך ווייס שון אז ער איז דא זאג אום אז אוך וועל קומן צו אום אונ אשעה אוך בין מור גגאנגן צו רוק אונ דו בני בית האבן גקוקט דורך אשפרי אז אוך גייא צווישן אלו גוים קיינר זאגט מור קיין ווארט איז ביי זיי גוועןאגרוס חידוש אונ האבן דעם בע״ש איבר גבעטון אבער ער האט זיי נוט געענפערט איך האב אום גזאגט וואס דער בישוף האט מור געענפערט האט ער אויף מור אגשריי גטון גיי נאך אמל אונ זאג אום ער זאל תיכף גיין ער זאל נוט זיין קיין שוטה אוך בין גגאנגן נאך אמל צווישן דעם עם רב קיינר משעפיט מוך נוט אוך בין גקומן האט דער בישוף נאר ווס אן גהובן צו זאגן איין דרשה אוך האב אום אשלעפ גטון אונ מיטן אונ זאג אום גיי תיכף דער בע״ש האט גהייסן זאלסט תיכף גיין ער האט מוך גפאלגט אין אוז מוט מור גגנגון צו דעם בע״ש זיי האבן זוך פר שלסן אונ איין צימר עס האט גדויערט אפר שעה דער נאך איז דער בע״ש ארום גגאנגון אונ האט גהייסן געך איין שפאנון דו פערד מור זענן אוועג גפארן אונ וואס דער סוף איז גוועןווייס אוך נוט דער בע״ש האט מור נוט גזאגט ווי דוא שטאט הייסט ווייס אוך אוך נוט אזו האט



איין מאל האבן דוא ברידר גאקרט אונ טאל אונ אום האבן זייא גהייסן אקירון אויף דעם בארג אבער באלד האט זוך דוא קוה וואס ער האט מוט אור גאקרט פר שעפיט אונ האט זוך אפים צוא בראכן. דא גפאלון אונ אשטיין אונ איז האט ער שון גזעהן זיין פסק וואס ער וועט האבון זיין פאטער וועט אום דאך גוויס נוט בשטראפון אונ זיינע ברידר וועלון אום נאך גרוסו צרות אן טון. האט ער זוך מישב גוועןדאס יעצט איז פר אום בעסר ער זאל איין מאל פר אלו מאל

דר ר' יעקב דר ציילט דם עושר גוא ווי
דער עושר הט אום געהערט הט ער
אויף גהויבון דו הענד א נ הט גלויבט גאט
ב"ה וום ער הט זוכה גוועען צו הערון דו
מעשה אונ זאגט צו דם ר' יעקב אוף וועל
דיר דר ציילן דם סוף פון דר מעשה אוף
בין דר טערקישער בישוף וום דו הסט מוך
דערמאלט גרופן אוף בין גוועען פריר איוד
נאך דם בין אוף אריין גפלון אונ שלעכט
אין הב מוך גשמד אונ בין גווארן אטערקשער
בישוף עס איז מור זייער גוט גוועען נאך
דר צו בון אוף גוועען ארשע אוף פלעג
זייער רעדון אוף יודן נר אגליק הב אוף
גדהט וום אוף האב גדהט זייער גרוסו זכות
אבות אויף יענר וועלט הבן זיי גבעטון
דעם בע"ש ער זאל זעהן מוך ארום צו
ציהן פון עמקי הקליפות פלעגט ער זיין
ביי מור אלו נאכט אונ חלום אונ אוף
פלעג אום תמיד צו צוא זאגן נאר יענו
נאכט הב אוף אום צו גזגט אז פר טאג
וועל אוף אנטלופון אום דר שטאט נוא
ווי אוף בון אוף גשטנון אוף הב גזעהן
דם גרוסון כבוד וום מען הט מור אן גטון
הט מוך מיין יצה"ר גוט גלזט אונ ווי אוף
בין ארום גגאנגון אום דר שטיב הבו אן
גהובן קלינגן דו גלקוהט מוך מער תאוה
אן גנומן אוף זאל נוט אוועק לאזן מיין
שטעלו אונ אוף אז דו בוסט גקומן מוך
רופן הט מוך דר יצה"ר אן גרעט אוף
זל פריר זגון דו דרשה דר נך זל אוףגיין
צום בע"ש נאר ווי דו ביסט מוך גקומן
רופן נאך אמל בין אוף גווארן אנגדרער
מענש אונ אז אוף בין גקומן צום בע"ש
הט ער מור ארום גגעבן אתשובה אונ הט
מיר גהייסון אום טיילון מיין פר מעג אוף
דריי חלקים אטייל ארומו לייט אונ איין
חלק אפ געבין דם מלכות ער זאל מוך
ארום לזון פון זייז מדינה אונ איין חלק
זל אוך הלטן ביי מור אונ הט מור אנגזגט
אז מען וועט דור דר ציילון דיין מעשה
וועסטו ווייסן אז דו תשובה אוז נתקבל
גווארון . אונ אוף הב אלים גטון אונ בין
ארום אהער אוף הב גקופט דם הויף אונ
טו תשובה מיטן גנצין הרץ אונ ווי אוף
הב דוך דר זעה הב אוף דוף תיכף דר
קענט אונ הב גוועלט דו זלבט מור דר
ציילון דו מעשה אבער אז אוף הב גזעהן
אז דו הסט פר געסון אלו מעשיות הב
איך פר שטנן אז דם אוז צו לוב מור הב
איך נאך מער רעכט תשובה גטון וום דר
בע"ש הט מוך גלערינט בוז וואנן גאט
הט מור גהלפון דו הסט דוך דר מאנט
היינט ווייס אוך אז מיינו חטאים זענונשון
פר געבין גווארון . אצינד וועל אוך דור
געבן אסך געלד דו וועסט שון נוט דרפין
נע ווגד זיינוא היינט זעט מען ווי דר כח
פון תשובה אוז גרוס אז פון איין מומר
איז גווארן אזא גרוסר צדיק השי"י זאל
אונז העלפין מור זאלון זוכה זיין אמתה
בעלי תשובה זיין אונ גוף צוא זעהן
בנחמות ציון וירושלים אמן :

מעשה הרב החסיד ר' יחיאל אז ער איז
גוועען בק"ק קאוועלו אונ ער איז גווארן
ארינגדר הט ער געהערט פון דם בע"ש אונ
הט גשיקט צוא אום אתה"ח ער זאל היקר
ודורש זיינואוב עס איז עפים איין ממשות
אין דם בע"ש איז דר שליח קרנק גוורן
איבטר וועגינם אונ איז גקומן קיין מעזביז
אין איין הרבריג אונ הט זוך גלייגט פר דם
אובון ווארום ער הט גיהט גרוס הויץ הט

סיפורי אנשי שם

אוועק נווארפון דאס גביינו לעבון אונ זוך נעמון צום לערנן ער הט גלאזט שטיין
דוא קוה מוט דעם אקער אונ איז אנטלפי קיין ירושלים אונ איז אריין אונ ביהמ"ד
אין דער ישיבה פון ר' יוחנן בן זכאי . זיינו ברידר האבן גזעהן אז זייער ברידער
אליעזר איז נוט דא זענן זייא באלד גלאפון צום פאטר אונ הבון אום דר ציילט
אז אליעזר איז גווארון אהילטייא אונ איז אנטלפון צוא טון אלים ביין הט דער

דר בע"ש גשיקט צו אום זיין שוואגיר ר' גרשון איז ר' גרשון גקומן צו אום אונ הט זיך גזעצט לעבון אום באם אובון אונ הט גזגט צו אום שטיי גיך אוף אונ גייא מיט מור דאווינן מנחה הט ער אום גפאלגט ער הט גמיינט ער איז דר בעש. ווי ער הט אן גהובון צו גיין אביסל הט ער אן גהובן צו פילן אונ זיך אז ער ווערט גזינד הט ער אום גפרעגט אונ זענט דר בע"ש ענפרט אום ר' גרשון אוך וואלט מור גווינשן אוך זאל הבן דם עולם הבא ווס אונזר רבי פר רעכט אז ער רייכרט דו לילקו הט ער שון פר שטאנון ווס דר בע"ש איז ווען זיין שליח הט אזו גפולט מיט זיינו דיבורים אונ איז גקומן להרב ר' יחיאל או' הט אום דר ציילט הט ער אן גהובון צו פארן צום בע"ש אונ איז מיט אום זייער נתקרב גווארן :

מעשה אמל איז גפארן הרב הגדול ר' דוד מקלייווער צום בע"ש אויף יו"כ זיין שטייגר פלעגט צו זיין ער פלעגט הלטין ביי דעם בע"ש גאנץ ימים נוראים דם הייסט פון ר"ה ביז נאך סוכ"ת נאר דענצמל הט זיך גראד גמכט איין מניעה ער הט נוט גקנט פרון אוף ר"ה איז ער גפרון א ף י"כ נור עם הט זיך אלץ גמכט מניעות ער הט גמוזט פרון עיו"כ אגנצין טאג נוא עס איז שון גוועון פר נכט ער איז שון גוועון נוט וייט פו' מעזבוז איז ער דורך גפרון דורך אקליינו קרעטשמו זענן ארום גלפון יודן פון דר קרעטשמו אונ הבון אום אוף גהלטן זיי זגון מור זענן ניין יודן אונז פעלט איין יוד צו מנין זייט אזו גוט אונ הלט דא י"כ ער הט תחילת גוולט בלייבן ווערן דם איז אגרוסו זאך משלים זייןאיין מנין נור נאך דם הט ער זיךווידר ברכינט ווי פיל צער ער הט גהט ביז ווגן גאט הט אום גהלפון צו זיין דריי פערטילמייל פון דם היילוגון בע"ש זל ער נוט הלטון יו"כ ביי דם בע"ש הט ער גישט גוולט אונ הט גהייסן דם משרת אטרייב געבון דוא פערד אונ איז גקומן צו דם בע"ש דר בע"ש הט שון גהאט גדאווינט מנחה הט ער נוט געבון קיין שלום צו ר' דוד אונ נך יו"כ הט ער אום געבון שלום מוט אטרוריג גמוט אונ הט צו אום נוט גרעט קיין ווערט דם איז גוועען ר' דודין אגרום חידוש וורום ער איז גוועען תמיד ביי אונ א רוסר חשוב אונ עס איז אזו איבר גגאנגן גנץ סוכות אונ ר' דוד הט גהט גרום צער דר פון ער הט זיך גשרקן פיליכט זעהט דר בע"ש אוף אום איין עבירה ער הט ביי זיך איבר גרכינט ער גפינט אבר נוט ב. יצור נאך שבת בראשית שוקט נאך אום דר בע"ש אונ זגט צו אום ר' דוד דו ביסט אהורג נפש בשוגג דם איז טייטש דו הסט אום גערן גהרגית אנפש וורום אונ יענר קרטשמו האט אויף דור גווארט איין נשמה פון זיבציג יאר ווס דוא האסט גדרפט איין טובה טאן אונ ווי דו בוסט אוועק הט מען זוא ארום גשטיפט דאדורך מוסטו אוף דור מקבל זיין גלות אזו ווי דר דין איז פון דם ווס הרגית איינום בשוגג אין דרפסט זא לנג זיין אונ גלות ביז וואנן די וועסט דו נשמה מתקן זייןאונ ר' דוד האט אום געענפרט אוך וועל אודאי אזו טאן ווס דר רבי וועט מור הייסון זגט דר בע"ש דו זלסט זיין נע ונד פון איין שטאט אונ דר אנדרר מען זאל דוך נ ט קענון ווער דו בוסט אונ זלסט זגון אונ יעדר שטאט אז דו בוסט אקליינר בעל דרשר אונ זלסט דרשינן אונ אלו שטעט פרגט אום ר' דוד ווי לנג זאל דם דוערן זגט דר בע"ש דו וועסט שון אליין וויסן ווען דו וועסט דרפין אהיים גיין נוא דר ר' דוד הט אזו גטון ער איז פון מעזבוז אוועק גגאנגין גלות אפ רעכטין ער הט זיךאן גטוןאונ ארימו קליידר מען זאל אום ניט דר קענון ווארום ער הט שון גהט חסידים ווס פלעגון צו אום פארון אונ איז גגאנגון פון איין שטאט צו דו אנדרו

עס הָט גדוּעָרְט צְוֵויי יָאר אוּז עֶר אָן ג־וּמֶז אוּנ אַגְרוֹסוּ שְׁטָאט אוּנ דֶר לוּטָא אִין סְלָאבְנִ־ם עֶר אוּז גְגַאנְגוּן צ דֶם פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ אוּנ עֶר הָט גמוּזְט שְׁטֵיין בַּיים פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ אוּנ עֶר הָט זוּךְ אוּם גְזָגְט פַּר אַבַּעל דַרְשָׁר אוּנ דֶר פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ הָט אִים שֵׁיין אוּף גְנוּמֶן אוּנ פְרֶעגְט אוּם וִוי עֶר ווִיל דַרְשִׁינֶן אוּנ בּהמ״ד צוּ אוּנ שִׁיל הָט עֶר גְזָגְט אוּנ בּהמ״ד דֶר פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ בֶּעט אוּם אָבֶּר עֶר זָאל אוּם עֶפִּים זָגְן פוּן זַיינוּ דְרָשׁוֹת עֶר זָאגְט אוּם אוּנ עֶס גְפֶ־לְט אוּם זָגְט עֶר אוּךְ וִויל אוּר זָלְט דַרְשִׁינֶן אוּנ שִׁיל דַוְקָא אוּנ דֶר ר׳ דוד הָאט גשְׁוִויגֶן וִוי עֶס אוּז גְקוּמֶן פְּרַייטוּג אִיז אָן גְקוּמֶן אַגְרוֹסֶר בַּעַל דַרְשָׁר וָוס מֶען הָט אוּם שׁוֹן גֶקֶענְט אוּנ שְׁטָאט זֶענְן אַרוּם גְגַנְגְן אַלוּ שְׁטָאט לַייט אָקֶעגוּן אוּנ דֶר פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ הָט אוּם אַרַיין גְנוּמֶן צוּ זִיךְ עֶר הָט אוּם אָפּ גְגֶעבּוּן דָם בֶּעסְטוּ צִימֶר בַּיי זוּךְ אוּנ נֶעמְט אוּם אוּף זֵייעֶר שֵׁיין אוּנ עֶס אוּז גְקוּמֶ פְּרַייטוּג צוּ נַכְט הָבֶּן זֵיי אַלוּ זוּךְ גְזֶעצְט צוּם טוּשׁ פְרֶעגְט דֶר בַּעַל דַרְשָׁר אוּף ר׳ דוד וֶוער אוּז עֶר זָאגְט אוּם דֶר פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ דָם אוּז אוּיךְ אַבַּעל דַרְשָׁר וֶוען אוּר וָואלְט נוּט גְוֶוען וָ־אלְט אוּךְ אוּם גְלָזְט דַרְשִׁינֶן אוּנ שִׁיל אִיךְ הָב גְהֶערְט זַיינוּ דְרָשׁוֹת זֶענְן זֵיי מוּר ווֹאל גְפֶעלוּן נָאר אַצִינְד אַז אוּר זֶענְט שׁוֹן דָא וֶועט עֶר מוּזֶען וַורְטִין נָאךְ אוּיף אַשַׁבָּת. דר בַּעַל דַרְשָׁר בֶּעט דֶם ר׳ דוד עֶר זָאל עֶפִּים זָאגְן עֶר ווִיל אוּבֶּר נוּט

דֶר בַּעַל דַרְשָׁר הָט זוּךְ גְבֵייזֶרְט אוּף אוּם אִין זָאגְט עֶס שְׁטֵייט אֵין מְסָרְבִין לְגָדוֹל דָם אוּז טַייטְשׁ מְטָאר נוּט לָזוּן זוּךְ בֶּעטְן צוּ אַגְרוֹסְן מֶענְשׁ; מִדַּרְךְ גְלַייךְ טוּן וָוס עֶר הֵייסְט הָט דֶר ר׳ דוד גְמוּזְט זָאגְן עֶפִּים אַקְלֵיינִיקַייט הָט דֶר בַּעַל דַרְשָׁר גְשְׁפֶּט פוּן אוּם עֶר זָגְט וָוס אוּז דָם פַּר אַדְרָשָׁה אִין הָמִי גְלַאכְט פוּן דֶם פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ וָוס אִים אוּז גְפֶעלוּן זַיינוּ דְרָשׁוֹת נָאךְ דֶם הָט דֶר בַּעַל דַרְשָׁר גְזָגְט תּוֹרָה מוּסָר מִהָאט גְגֶעסוּן אוּנ מְהָט גְטְרוּנְקוּן אַסַךְ מַשְׁקֶה לְכָבוֹד דֶם אוֹרֵחַ . דֶר פַּרְנֵס ח׳דֶשׁ אוּז גְבְּלִיבֶּן שְׁלָפוּן אוּפוּן טוּשׁ עֶר הָ־ זוּךְ פַּר שִׁיכְּרְת . נוּא זֵיי הָבּוּן זוּךְ אַלוּ גְלֵייגְט שְׁלָפוּן אוּנ ר׳ דוד עֶר הָאט זוּךְ גְלֵייגְט אוּף דֶר עֶרְד וָורוּם עֶר הָט נוּט גְשְׁלָפוּן אוּיף קַיין בֶּעט זִינְד עֶר אוּז אוּנ גָלוּת אַוֶועק עֶר פְלֶעגְט זָאגוּן וִוי אַהִין עֶר אוּז גְקוּמֶן אוּךְ הָב לוּב צוּ שְׁלָפוּן אוּף דֶר עֶרְד דֶר בַּעַל דַרְשָׁר אוּז אָבֶּר גְוֶועז אַרָשָׁע עֶר הָט זוּךְ גְטְרַכְט דֶר פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ אוּז צִינְד שִׁיכּוּר אוּנ זַיין וַוייבּ וֵויסְט דֶר פוּן נוּט אִיז צִינְד צַייט צוּ גֵיין צוּ אוּר עֶר הָט גְטְרַכְט זוּ וֶועט אוּם נוּט דֶר קֶענְנֶאבֶּר זוּא הָט תֵּיכֶף זוּךְ אוּף גְחַפְּט אוּנ פְּרֶעגְט וֶוער בִּיסְטוּ זוּ הָט אוּם נוּט גְקֶנְט אַיין הַלְטִין הָט זוּ גְחַפְּט דָם קַאפּוּל פוּן אוּם אוּנ עֶר אִיז אַנְטְלוּפוּן אוּנ זוּ הָט גְמַכְט אַרַעשׁ אוּנ שְׁטִיבּ דֶר בַּעַל דַרְשָׁר אוּז זוּךְ מְיַישֵׁב אוּנ גֵייט צוּ שְׁטִילֶר הֵייט צוּ דֶם ר׳ דוד אוּנ נֶעמְט בַּיי אוּם דָם קַאפִּיל שְׁטִילֶר הֵייט



פָּאטֶר אוּם מַעֲבִ־ר נַחֲלָה גְוֶועזְ עֶר זָאל נָאךְ זַיין שְׁטַרְבִּין קַיין חֵלֶק נוּט הָאבּוּן אוּנ זַיין בַּר מֶעגוּן : ר׳ אליעזר הָט זוּךְ גְנוּמֶען מוּט גְרוּס תְּמָדָה צוּם לֶערְנוּן . עֶר אִיז גְוֶועזְן אַזוֹ פַּר טִיפְט אוּנ תּוֹרָה דָם עֶר הָט פַּר גֶעסוּן צוּ עֶסוּן גַאנְצוּ טֶעג פְלֶעגְט עֶר נוּט צוּא עֶסוּן עֶר הָאט גֶלֶעבְּט מוּט דֶעם חַיּוּת פוּן דֶער תּוֹרָה אָבֶּר דוּרְךְ דֶעם אִיז זַיין פָּנִים גְווֹארוּן אָפּ גְמָאגֶרְט אוּנ אַרַיחַ רַע הָט זוּךְ גְפִילְט פוּן זַיין מוֹיל . ר׳ יוֹחנן זַיין רֶבִּי הָאט זוּךְ עֶרְקִינְדִיגְט נָאךְ דֶער סִבָּה אַז עֶר לַייט הוּנְגֶער . הָאט ר׳ יוֹחנן צוּ אוּם גְזָאגְט אַזוֹ ווִי עֶס הֶערְט. זוּךְ דֶער שְׁלֶעכְטֶר גְרוּךְ פוּן דַיין מוֹיל וֶועגוּן דַיין חֵשֶׁק אוּנ דֶר תּוֹרָה אַזוֹ זָאל דֶ־ בֵּיחַ הַתּוֹרָה גְהֶערְט וֶוערוּן וַוי־ אוּנ בְּרַייט אוּנ דַיין נָאמֶן זָאל קְלִינְגוּן אוּנ דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט

אונ טוט זוך אן אונ האט זוך צוא רוק גליגט אופן בעט נוא ווי דוא בני בית חאפון זוך אוף הט זוך דר בעל הרשר אוך גמכט ווי ער אוז ערשט אוף גוואָרן אין הט אגשריי גטון וואס אוז דם אונ ווער איז דם רופט אגוי צוגט אן אלעבט געך וועלון מור זעהן ווער דער רשע אוז בקיצור מהט נאר אן גצינדן אלעבט אוז דר בעל הרשן צו גגאנגון צו דם ר׳ דוד אין הט אום גשטארקוט מוט דעם פוס אין זגט די רשע דו ליגסט אן אקפיל אין הט תיכף גהייסן אום בינדן אונ מזאל איסאפ פירן אונ קעך אונ מזאל אום היטן ביז זינטאג נוא מען הט אזו גלייך גטון אונ מעוהט אום נעביך גפירט אונ דר קעך אונ מהאטאום גהוט בוז אוף מארגן הט דר רשע גדרשת אונ שול אונ הט גזגט אז דו שטאט איז נושט ריין אז עס קען זוך טרעפן אזא מעשה ביי דם פרנס חודש נאך דם הט ער גהייסן אז דר גנצר עולם זאל זוך צו נוה קומן ביי נכט זעהן ווי מען וועט דן זיין איין חוטא בכדי מעז זאל זוך מוסר ארום נעמון כדי איטליכר זאל תשובה טון נוא דר עולם אוז זוך צו נוף גקומן נאך הבדלה אונ מהט גברכט דם ר׳ דוד אונ דר בעל הרשר הט אום אן גהובן זאגן מוסר אונ זאגט זיי מודה פר אונז אז דוא הסט גוועלט טון איין עבירה דר ר׳ דוד שווייגט ער ענפרט קיין ווארט נוט הט דר בעל הרשר אגשריי גטון מזל אום לייגון שמייסון בוז ער וועט מודה זיין נוא ווי מען האט אום אנידער גלייגט אוז גווארען אגקלפריי מוט גרוס רעש אונ אלו פנסטר מיט אשטרקק ל ר׳ דוד מקלייעואר אוז דא אוז דר גאנצר עולם ארום גלפון זעהן ווער עס הט גקלפט מהט אבר קיינום נוט גטראפון שטיין לעבן דו פנסטר עס אוז גוועען אגרוס חידוש מהט אן גהובן קלערן ווער קען דם זיין אונ ר׳ דודין הט מען דר וויל אפ גלזט אונ ווי עס אוז גווארן אביסל שטילר הט מען ווייטר גנומון דם ר׳ דוד

אין מעז הט אום גלייגט נאך אל אוז ווידר גווארן אגקלפריי אונ אלו פענסטר מען פרעגט ווידר ר׳ דוד אוז דא אוז מען ארום גלפן אוף אלו זייטן מען זעהט אבר קיינום נושט מען הט גגעבון אחרים מען זאל זאגן ווער עס ווייסט דר פון אבר מען הערט נוט מען זעהט נוט זגט דר בעל הרשר נוט אנדרש דר רשע אוז אמכשף לאז מען אום שלגון וועט ער מודה זיין דרוף נוא מען נעמט נעביך דם ר׳ דוד נאך אמל מען לייגט אום אנידר ווערט ווידר אגקלפריי אונ מען הערט ווידר אקול שרייט ר׳ דוד וואס שווייגט אור אונ ר׳ דוד ענפרט נוא וואס זאל אוך שרייען אוך מוז לידון פר מיינו זונד דר עולם הט דס דר זעהן הבן אלו גאר נוט גקענט פר שטיין וואס דם בטייט מעז הט אן גהובן קלערן הבון זוך דר מנט די שטאט לייט אז עס איז דא אונ שטאט צוויי מענשן וואס קענן דם ר׳ דוד הט מען גשיקט נאך זיי זענן זיי גקומן אונ זיי הבון אום דר קענט אונ הבן זייער גוויינט אונ פרעגון אום רבי ווי קומט איר אהער וואס הט זוך דא מוט אייך גטון ער ענפרט זיי אוך בין גר נוט שולדיג דר בעש״ט הט מוך גשיקט גלות אפ רעכטן פר דם וואס אוך הב נושט מתקן גוועןאיין נשמה אונ הט מור אן גזגט אז אוך זאל ניט מגלה זיין אונ ערגיץ ווער אוך בון ע״כ הב אוך גמוזט שווייגן בוז ווען מען הט מן השמים גזאגט ר׳ דוד וואס שווייגט איר הב אוך שון פר שטנן וואס דר בע״ש הט מור גזגט דו וועסט אליין וויסן ווען צו פרןאהיים נאר דר בעל דרשר הט מור אבילבול גמכט ער אוז אליין דר בעל מעשה דר פון ער הט ארפ גנומען דם קאפול פון מור אסימן אז עס אוז אמת אופן אונטר שלק איז אן גנייט אקמיעה וואס אוך טראג זו תמיד נעמט ארפ דם קפול פון אום וועט אור וויסן אז אוך זאג אמת אונ מהט תיכף אזו גטון מען הט ארפ גנומן דם קפול אונ מען הט גזעהן

אז עס אוז אמת אזו ווי ער הט גזגט הט
מענאום זייער איבר גבטון אונ דם רשע
דם בעל דרשר הט מען גגבן אז עס וולט
זיך גווינשן דר לעזר צו זעהן דם אונ ר׳
ד״ד אוז שון גפרן אהיים בכבוד גדול :

סעשה עס אוז גוועזן איי ר אין מעזריטש
גדול ער אוז גוועזן אשיינר בעל הבית אז
ער אוז גקומן אויף דר עלטר הט ער זוך
אנגהובן צו טרכטן וואס הב איך מיינע יארן
פר ברכט אז תורה ומצ״ת אונ הב נוט
גוויסט וואס צו טון אוז אום אונ זוז אריין
גקומן ער זאל געבון צדקה בסתר צו דם
צדיק ר׳ יצחק ר׳ יוסף קמינקרס ברידר
פלגט ער צו לייגון געלד אונ זיין תפילין
זאק דר ר׳ יצחק הט גזעהן ער גפינט
געלד אונ זיין תפילין זאק אונ ווייסט נוט
ווער דם טוט ווארום ער פלגט לאזון דם
תפילין זאק אונ בהמ״ד האט ר׳ יצחק
גבעטון דם שמש פון בהמ״ד אז ער זאל
אכטינג געבן ווער עס טוט דם נאר זלסט
פר קיינום נוט זגן נאר מור דר בהמ״ד
שמש הט נאך גשפירט אונ הט מודיע
גוועזן ר׳ יצחק הט ר׳ יצחק גנומן דם
מענש אונ הט מוט אום אן גהובון צו
לערנן אונ הט מוט אום גלרינט משניות
אין הט מוט אום גחזרת בוז ר הט גקנט
בע״פ אונ הט אום גלרינט עין יעקב בוז
ער אוז גווארן איין יודע ספר אונ הט שון
אליין תמיד גלרנט בוז זיינטוט איידר ער
איז גשטרבן אוז ר׳ יצחק גקומן צו אום
אין הט ביי אום גנומן תקיעת כף ער זאל
קומן אום זגן וואס טוט זוך מוט אום אויף
יענום עולם נך שלשים אוז ער גקומן אונ
הט אום גזגט אז ער אוז אונ ג״ע אונ הט
אים גפרגט עטליכו שטיקלך מאמרי זוהר
הט ער אום גזגט דם פירוש אמאל הט
ר׳ יצחק אום גזגט פר איין אנדרן אפירוש
וואס ער הט אום גזגט אוז ער איין צייט
נים גקומן צו אום נך דם אוז ער גקומן
הט ר׳ יצחק אום גפרעגט פר וואס ביזטו
אזו אגנצו צייט נוט גקומן זאגט ער פר
דם וואס דו הסט גזגט דם פיר ש פון זוהר
וואס איך הב דור גזגט איך וולט נך נושט
גקומן נאר מחמת דעם תקיעת כף מוז
איך קומן אונ הט וו דר גזגט וואס ער הט
אים גפרגט נאך דם הט ער זוך ווידר פר
זומט אלנגו צייט אונ איז גקומן זאגט
ר׳ יצחק צו אום איך הב היינט נוט אום
גזגט פר וואס ביסטו אזו אלנגו צייט נוט
גק מן זגט ער צו אום מעז האט מוך ארוף
גבראכט אונ העכרו עולמות אוז מור זייער
שווער ארפ צו גיין אונ איך בעט דוך זייער
אז דו זלסט מור שון מוחל זיין דם תקיעת
כף הט ער אום מוחל גוועזן :

סעשה ר׳ יוסף קמינקער אונ ר׳ יצחק הט
זייער מוטר גוונט אונ סטאניב דר בע״ש
איז אמל גפרן קיין סטאניב אז ער אוז
גקומן אינטר דר שטאט נוט וייט הט ער
גזעהן אגרוס אור אוז אונ שט ט הט ער
זיך אנידר גשטעלט זעהן אויף וועמוז הט
ער גזעהן אז דר אור אוז שורה אויף איין
אשה אז ער אוז גקומן אונ שטאט אריין
זענון גוקומן בקנטו לייט צו אום מקבל
פנים זיין זגט ער אור גהרט אויך שעמון
איך הב גזעהן איין אור אונ שטאט אויף
איין אשה אונ נוט אויף קיין זכר זגט ער
קאנט אור אזו איין אשה הבן זיי גזגט
דם גהער זיין דו פרומע ריבעלו הט ער
בדיעה גהט צו שוקון נאך אור הבן זיי
גזגט אור דרפט נוט שוקון זו וועט אליין
בוודאי קומון צו אייך נאך אנדבה ווארום
זו אוז עוסק במצות מרגן נאך דם דווינן



ר׳ אליעזר אוז גווארן אלו מאל מער למדן אונ זיין פאטר הט נוט גוויסט
ווי ער אוז איין מאל אוז הורקנוס גקומן קיין ירושלים אונ גרובט אן צו צייגון
דם זיין זון אליעזר אוז פון אום אנטלפון אונ ער הט אום מעביר נחלה גוועזן
אז ער הט קיין חלק נוט מער אונ דער ירושה . ר׳ יוחנן בן זכאי הט דר פון

ז דֶר בע״ש גְזֶעהְן זו נַיין זָגְט עֶר זוא הָט זוּךְ אַיין גֶרעט צוּ נֶמִין בַּיי מוּר פֶּרְצִיג גוּלְדִין אוּר וֶועט זֶעהְן וִוי אוּךְ וֶועל מוּט אִיר מַכוּן זו אוּז גְקוּמֶן אוּנ הָט גְזָגְט עֶס אִיז פַּר הַגֶּדן קְרַנְקוּ עֲנִיִים בֶּעט אוּךְ אוּר זָאלְט גֶעבּוּן אַרֶעכְטוּ נְדָבָה הָט עֶר אוּר גְגֶעבּוּן אַזֶעקְסֶר הָט זוא גָאר נוּט גֶערעט נָאר זו הָט זוּךְ גְמַכְט גְלַייךְ וִוי זו וִויל נוּט גֶעמוּן הָט עֶר אוּר גְגֶעבּוּן נָאךְ אַזֶעקְסֶר הָט זו אוּךְ נוּט גְוָואלְט זָגְט עֶר צוּ אוּר וֶוער הָט דוּךְ גְמאכְט פַּר אַגַאבֶּטוּ דוּא זָלְסְט בַּגַנְבֶנוּן דוּ צְדָקוֹת זו הָט עֶס גָאר נִיט גְהַאְרט וַוייל זוּא הָאט זוּךְ גְהַלְטֶען בִּשְׁפְלוּת אוּנ אוּז נוּט אַוֶעק גְגַנְגוּן פוּן אִים בּוּז עֶר הָט אוּר גְגֶעבְּן פֶּרְצוּג גוּלְדְן פַּר נַכְט אוּז זו וִוידֶר גְקוּמֶן אוּנ הָט גְזָגְט עֶס אוּז דָא אַרוּפֶא אוּז זַייעֶר שְׁלַף מְסוּכָּן זַייט מִתְפַּלֵּל פַּר אוּם זָאגְט עֶר וֶוען עֶר וֶועט אָפּ גַיין אַנוּאַךְ צוּ זַיין זָגְט זו וֶוער זָגְט דָם אַז עֶס אוּז אֱמֶת זָגְט דֶר בע״ש צוּ דוּ לַייט וָוס זֶענְן דָרְטוּן אוּנ שְׁטִיבּ זָאג אִיךְ אֱמֶת זָאגְן זַיי יוֹא זָגְט זוּא הָבֶּן זַיי דֶען גְזֶעהְן וִוי מֶען זָל אוּם דַן זַיין בב״ד דְרוּף אוּנ דָם אַנְדֶרוּ עֶר אוּז אַגְרוֹסֶר עַם הָאָרֶץ וֶוען עֶר זָאל וִויסֶן דָם הַארְבֶּקַייט פוּן דֶר עֲבֵירָה וָולְט עֶר דָם בְּוַודַאי נוּט גְטוּן הָט דֶר בע״ש גְזָגְט עֶר הָט גְהֶערְט פוּן אוֹבּוּן דֶם קִטְרוּג אוּף דֶם רוֹפֵא הָט עֶר אַמִיסְנוּ פַּר אוּר אִיבֶּר גֶערט דֶם קִטְרוּג כְּדֵי זוּא זָאל מַמְלִיץ זַיין פַּר אוּם אוּז אָן גְנוּמֶן גְוָורוּן אוּר מְלִיצָה אוּנ דֶר ר׳ פַּא אִיז גְזִינְד גְוָורוּן אוּנ אַז דוּ אִשָּׁה פְּלֶעגְט צוּ גַיין אוּף אוּר מַאנְס קֶבֶר פְּלֶעגְט זו בֶּעטְן בָּזֶה הַלָּשׁוֹן הֶערְשׁוּל גֵיי פַּר דֶעם כִּסֵּא הַכָּבוֹד אוּנ זַיי מִתְפַּלֵּל אוּפְדַיינוּ קוּנְדֶר אַז זַיי זָאלֶן זַיין עֲנִיִים וְאֶבְיוֹנִים כְּדֵי זַיי זָלֶן נִיט אָפּ טְרֶעטוּן פוּן גָאטְס וֶועג הַיינְט זֶעהְט מֶען אַז דֶר בע״ש הָט רֶעכְט גְזֶעהְן אַיין אוּר אוּף אוּר וָוארְנוּוִי גְפִינְט זוּךְ אַזוּ

אַפְּרוּסֶע אִשָּׁה אוּף דֶר וֶועלְט :

מַעֲשֶׂה עֶס אוּז גְוֶוען אַמוֹכְסָן מֶטֶעזְבּוּז הָט מֶען אוּף אוּם גְגֶעבּוּן אַהוֹסָפָה אוּף דֶר אוּרַאנְדְרוּ אוּז עֶר שׁוּלְדִיג גְבְלִיבֶּן דֶם שַׂר גֶעלְד פַּר דֶר רַאטוּ אוּנ הָט נוּט גְהַט צוּ צָאלוּן הָט דֶר שַׂר גְהֵיסוּן מֶען זָאל דֶם עֶרְשְׁטוּן מוֹכְסוּן נוּט אַרוּם לָאזוּן עֶרְגוּץ פָאארוּן הָט דֶר מוֹכְסוּן זוּךְ פָּארְט אַרוּם גְחַפְּט אוּנ אוּז גְפָרוּן צוּם בע״ש וִוי דֶר נַייעֶר מוֹכְסוּן אוּז גְוָואר גְוָורן אַז עֶר אוּז אַוֶועק גְפָרְן הָט עֶר אוּם גְמַסֶרְתְּ פַּר דֶם פָּרוּץ הָט דֶר שַׂר גְנוּמֶן תָּפוּס זַיין זוּז דֶר עֶרְשְׁטֶר מוֹכְסִין אוּז גְפָרְן קַיין מֶעזְבּוּז אוּנ הָט דֶם בע״ש נוּט דֶר וִוישְׁט אוּנ דֶר הֵיים עֶר אוּז גְפָרוּן קַיין קַאמֶנְקוּ אוּנ הָט דֶם בע״ש בַּגֶעגוּנְט אוּפוּן וֶועג אוּנ הָט אוּם דֶר צֵיילְט זָגְט עֶר צוּ אוּם וָוס זָל אוּךְ דוּר טוּן אוּפוּן וֶועג פָאר מוּר נָאךְ אַהֵיים דֶר וַוייל הָט דֶר בע״ש אַבְּלוּק גְטוּן אַז הֶער שַׂר הָט גְנוּמוּן זַיין זוּן תָּפוּס וַוייל מֶען הָט אוּם גְמַסֶרְתְּ דֶר נַייאוּר מוֹכְסָן הָט גְזָאגְט דֶם פָּרוּץ אַז עֶר אוּז גְפָרוּן אוּם כִּשׁוּף טוּן זָגְט דֶר בע״ש עֶס אוּז נוּט צַייט צוּ וַורְטוּן זֶענוּן זַיי גְפָרוּן אוּנ זֶענוּן גְקוּמוּן צוּ אַיין טַייךְ אוּז דֶר בע״ש גְגַנְגוּן אוּנ טַייךְ אוּנ הָט זוּךְ גְטוּבוּלְתְּ אַז עֶר אוּז אַרוּם גְגַנְגוּן פוּן דֶם טַייךְ זָגְט עֶר צוּם מוֹכְסָן פָאר גֶעךְ אַהֵיים א נַוִוי דוּ וֶועסְט קוּמֶן זָלְסְטוּ תֵּיכֶף גַיין אוּנ הוֹף צוּם שַׂר וִוי עֶר אוּז גְקוּמוּן אַהֵייםאוּנ אוּז גְגַנְגוּן צוּם שַׂר הָט עֶר מ רָא בַּקוּמוּן הָט עֶר אַוֶועק גְטְרוּבּוּן דֶם זוּן פוּן דֶר תְּפִיסָה אוּנ הָט גְשׁוּקְט אַז מְזָאל דֶם עֶרְשְׁטְן מוֹכְסָן אַרוּם טְרַייבּוּן פוּן דֶם דָארְף מוּט גָאר וָוס עֶר הָאט גְהַאט :

דִי מַעֲשֶׂה הָאט דֶר צֵיילְט הָרַב ר׳ פסח בנו של ר׳ יעקב מקאמינקע :

דֶר בעש״ט אוּז אַמָל גְפָרוּן אוּנְטֶר וֶועגְנְס אוּנ אִיז גְקוּמוּן אוּנ אַשְׁטָאט הָט עֶר גְהֶערְט אַכְרוּז אַז עֶר זָאל אַנְשְׁטֵיין דָרְטוּן



גְוִויסְט הָאט עֶר נוּט גְוָואלְט דֶעם הוֹרקנוס אִיבֶּר רַאשׁוֹן מוּט אַשִׂמְחָה עֶר זָאל

און דר שטוב פון דם בעה״ב איז ער פר
פרון צו דר שטוב הט מעןאוסנוט גוועלט
אריין לאזון וואריום דארטון איז איונגול
שלאף גוועזן הט דר בעש״ט גשוקט זיין
סופר אין שטוב אריין הט זו גזאגט מען
קע דא נוט אן שטיין אור זעהט אז דם
קונד איז שלאף און אוך בון מוך מצער
און הט גשלטון דם בע״ש און אור מאן
דער בעה״ב הט פארמי נוט גקאנט אזו
גראב מעיז זיין אזו ווי די אשה און איז
חטשו ארום גגנגון צום בע״ש צום וואגן
און הט גזאגט עם איז גאר נוט מגלוך אז
אר זאלט דא אנשטיין און דר בע״ש הט
זוך גשפרט דווקא ער זאל דא אנשטיין
און דר בעה״ב הט אום אפ גווענט וויל
דם קונד איז שלאף הט דר בע״ש אזו
גשוורון אז ער וועט דא אנשטיין וועט
דם קונד לעבון און איז תיכף גגנגון און
מקוה אריין הט ער גזעהן עם איז נוט גוט
מיט דם קונד דם איז גוועזן ערב שבת
הט דר בע״ש גהייסון עם זל קיינר נוט
זיין און דר שטוב אלו זאלון ארום גיין
און זיין סופר הט ער אוך גהייסו ארום גיין
בוז ער וועט אום רופון ער זל אום געבון
ווייןאוףקידוש איז ער גאר אליין גבלובן
מוט דםקונד און הט גדווינט מנחה באם
קונד און אלו הבון גמוזט גיין אין איין
אנדרו שטוב וורוסער הט אנגזגט אז עם
זל זוך נוט גפונון קיין שום מנש און איז
גשטנון מנחה שמונה עשרה בוז נכט עם
הט זייער לאנג גווערט בוז דר סופר הט
מורא גהט דר בע״ש זל נוט מסוכן זיין ווי
ער שטארקט זוך און דר תפלה מכה דם
קונד הט דר סופר געפונט דו טור שטולר
הייט הט ער גהערט ווי ער הט גזגט צו
דר נשמה פון דם קונד גיי אריין און גוף
פון דם קונד וורום דו וועסט דך מוזן אריין
גיין קען דען זיין אוך זאל פלש שווערין
איז דר סופר צורוק גגנגוןאון הט זיךנוט
גקנט אוף הלטון און הט ווידר שטולור
הייט געפונט און האט גזעהן ווי דער
בעל שם לוגט אום גשטרעקט אוף דר
ערד און איז אוף גשטנון און הט גזגט
איך הב דיר גזגט אז דו וועסט מוזון און
גוף אריינגיין און הט אגשריי גטון הירש
גיב וויין אוף קידוש און הט גגסון דרטן
מיט דם ספר און הט אגנצו נאכט ניט
גשלפין מרגון פרו הט ער געבון רפואות
צום סופר און אום אן גזגט ווי ער זאל
זיך נוהג זיין מוט דם קונד און אליין איז
ער גגאנגין און ביהמ״ד דאווינין דם
קינדס מוטר הט גזעהן אז דם קונד איז
אביסל גזונד גוואורון הט זוא זייער אן
גהובן צו וויינון פרעגט זוא דר סופר וום
ווינסטו זגט זו ווי זל איך ניט וויינן אז
איך הב גשלטון אזו אצדיק זאגט דער
סופר נושט קשה מיין רבי איז אגוטור
ער וועט אייך מוחל זיין אז דר בעש״ט
איז גקומן פון דם דאווינון הט ער אוך
גהערט זו וויינט הט ער גפרעגט דם ספר
הט ר סופר אוסגזגט הט ער גשוקט צו
איר לאז זו נוט וויינן לאז זו מכון אגוטן
שלש סעודות און דם קונד הט גלעבט מיין
פון זעבציג יאר און הט גהט קונדר און
אנוטו פרנסה כל ימיו ווס ער הט גלעבט
וואריין די יארין פון דעם קונד איז שון
גוועזן אום גגנגון גאר ווייל דר בע״ש הט
גשוורון הט דו נשמה גמוזט צורוק גיין
הט דער בע״ש גמוזט אום אום בעטון
לעבין און פרנסה און קונדר:

די מעשה הט דר ציילט הרב ר׳ פסח
בנו של ר׳ יעקב מקאמינקע:

דר בע״ש איז אמל גפרון פון קאמונקע
אהיים און ר׳ ברוך קאמינקר איז אוך



פליצלינג וויסון ווער זיין זון איז הט ער גהייסון זיין תלמיד ר׳ אליעזר ער זאל
זיך אן גרייטון צו אדרשה. צו דער דרשה הט ר׳ יוחנן איין גלאדון אלו גרוסו
לייט פון ירושלים אוך הורקנוס איז גוועזן צווישן זיי:

גפרון אויף אבזונדרו פור און דר סופר פון דם בע"ש איז גזעסן באם בע"ש אויף דם וואגן און דו פור מיט מעל איז אויך נך גגנגן הט דר בע"ש גזגט אויף דם אורט וועלן מיר מנחה דאווינן און עס איז גוועץ ווינטר און אפרסט און דם אורט איז ווייט גוועץ עטליכו מייל און די קלט הט זיי דורך גנומן הבון זיי גזגט עס איז ניט מעגליך צ קומן אהיים איינם איז זייער ווייט פון דנן און ווידר מיר זעני זייער דר פרורן גוורן און דר פורמאן הט אויך גזאגט ער איז זייער דר פרורן גוואר זעגן זי גפרן דורך אוולד הט דר בע"ש גהייסן אז מען זאל זיך שטעלן און הט אן גרורט אין אבוים מוט זיין פינגר הט דר בוים אן גהובן צו ברענין און עס איז גווארן אגרוס פייאר האבן זיך אלעדר ווארומט ביים פייאר און דר פורמאן הט אום גטון דו פאסטולם און הט גווארימט דו פוס און דר נאך זנון זיי אוועק גפרון פון דרטן און זענין גקומן צו דם אורט ווי דר בע"ש הט גזגט הבון זיי דארטין גדווינט מנחה און רבי ברוך הט גקוקט וואס וועט זיך טון מיט דם בוים הט דר בע"ש אגשריי גטון אויף אום אז ער זאל ניט קוקן :

## מעשה

רבי שמעריל מווערחיבקי איז דר בע"ש ביי אום איין גשטנן און דו ווייבר זנון גאר נוט גוון און דר שטוב ווי דר בע"ש איז גוועץ און פלגון צו קבין און איין אנדרו שטוב נאר מען האט גבראכט דם עסן בשעת סעודה צום בעש"ט און ר' שמעריל הט גוועלט רעדן מוט דם בע"ש אז זיין ווייב זאל הבון אבן זכר נאר ער הט זיך גשעמט אן צו מוטזפר זיין אוועק פרון הט ער אויך אן גהובן צו ריידן מוט אום ער הט גוולט ער זאל ארוס קומן דר אויף און דם הט ער זיך זייער גשעמט אן צו מוטן פלוצלונג טוט דר בע"ש אגשריי שוק נאך דיין ווייב און דם ווייב גקומן זאגט ער צו איר זעה אז די זלסט מוליד זיין אזכר אז נוט ברעך אויך דור די ביינר מוט דם שטקן און אזו איז גוועזן זו הט גהאט אבי' זכר ר' דוד וואס איז גוועץ אב"ד משעלניק דער מנהג פון ר' שמעריל איז גוועזן ווען זיין ווייב הט גהט אקינד חמשו איין נקבה פלעגט ער צו פארין צום בע"ש און פלעגט אום געבן צוויי גולדן אודר מיין און פלעגט נעמן ביים אום אקמיע ווארום ער איז גוועזן איין עושר פון דריי טוזנד גולדן און אז

סיפורי אנשי שם

ר' אליעזר הט גהלטין זיין דרשה פר אלו גרוסו לייט און פונקין פייער הט גפלוגן פון זיין מויל . ער האט בוויזן זיין גרוס חכמה און דער תורה און אלו צוא העדער הבן זיך פר גגינט איבר זיינו רייד . הורקנוס איז גשטנן ווי צו מישט אזו ווי און חלום ער הט נוט גגלייבט זיין אייגנו אוגן . ער הט דער קענט זיין זון אליעזר אבר ער הט דאך נוט גוואלט גליבן אז ער זאל אזו גרוס ווערן אין חכמת התורה אבר דער נאך איז ער צוא גגאנגן צוא ר' יוחנן בן זכאי און הט גזאגט אויך בון גקומן מיין זון אליעזר מעביר נחלה זיין . יעצט גוב אויך אום אפ מיין גאנץ פר מעגן און זיינו ברידר זאלן גאר נוט האבן אבער ר' אליעזר האט נוט גוואלט דם אז נעמן און האט גזאגט צום פאטר אויך וויל נוט אן רורן אפילו וואס אפדים וועדט זייער חלק זאלון זיי נעמון וואס צו זיי גהערט :

ר' אליעזר איז גווארן זייער ברימט און דר נשיא ר' שמעון בן גמליאל הט אים געגעבן זיין טאכטר אימא שלום פר אווייב נאך דעם חורבן ביהמ"ק איז ער גגאנגן מוט זיין רבי ר' יוחנן בן זכאי קיי יבנה דארטן הט ר' יוחנן גגרינדט זיין ישיבה און ר' אליעזר איז גוועזן פון דו גרעסטע תלמידים . אויף אים הט ר' יוחנן

זיין ווייב האט געהאט דעם זכר ר' דוד הנ"ל איז ר' שמעריל גפארון צום בע"ש פרעגט איהם דער בע"ש האט דיין ווייב געהאט איין זכר אגט ער יוא זאגט דער בע"ש צו איהם זאלסט וויסון דו ווערסט שון נוט האבן קיין געלט ווארום מעז האט דוד אבריירה געגעבון אודער דו זאלסט האבן געלד אודער איין בן זכר האב אוך איהם גקליבן בעסער אז דו זאלסט האבן איין בן זכר אונ אזו איז גוועזן ער האט אן גווארן זיין געלט אונ דער סחורה איז ער דער נאך גווארן איין מגיד בק"ק ווערחיבקי :

מעשה פון סלוצק

עס איז גוועזן אסוחר ר' שמואל סלוצקער ער פלעגט תמיד איהם צו פארון אונ פולון איז ער גוועזן אונ מעזבוז אונ האט דארט דער קענט דעם בע"ש אז ער איז אקדוש עליון פלעגט ער שון פון דענסטמאל אן אפ טרעטון צום בע"ש אונ איז גווארון אמקורב אז ער איז גקומען אהיים אונ האט דער ציילט אונ דער היים דעם גרוסקייט פון דעם בע"ש האט איהם זיין ווייב גבעטון ער זאל איהם ארפ ברענגין קיין סלוצק ער האט אזו גטון ער האט גבעטון דעם בע"ש ער זאל פארן נאך סלוצק אונ האט גשיקט נאך איהם אפיר אבער ר' שמואל אליין האט דענסטמאל קיין צייט נוט געהאט צו פארון אהיים ער האט בדארפט צו זיין אין קיוב ווי דער בע"ש איז גקומען קיין סלוצק האט ער תיכף געהייסן דער שוחט זאל ברענגן דעם חלף ער וויל איהם זעהן צו ער איז כשר האט דו נגידה טובעלו דעם ר' שמואלס ווייב ווס דערט איז דער בע"ש איין גשטאנן געהייסון תיכף ברענגיז דעם חלף אונ דער בע"ש האט איהם געזעהן איז ער איהם געפעלון דעם שוחט האט דעם פר דרסון אופון בע"ש ווס ער קוקט איהם נאך האט ער זוך מיישב גוועזן ער וועט אפ טון אשפיצול וועט ער זעהן צו דער בע"ש פר שטייט צו נוט ווי ער איז גוועזן אופון דריטן שבת האט גנומן דער שוחט דעם חלף ווס ער האט איהם גשטעלט אונ האט מוט גפירט צוויי עדות אונ איז גגנגן ווי זו דעם בע"ש דעם חלוף נוא דער בע"ש האט געזעהן דעם חלף אונ האט גאר נוט גזאגט ווי זיי זענן ארוס גגאנגן פון דעם בע"ש האט גנומן דער שוחט אונ האט גגעבן אקלפ דעם חלף אוף דו העקלוך פון זיין זיפעצו דו עדות האבן דעם נוט געזעהן ער האט זיי אבער גרופן זיי זאלן גיין כוט איהם זעה ווי ער וועט קולון אונ ער האט אזו גקולוט מוט דעם טרייפינום חלףנאך דעם האט ער גרופן די עדות זיי זאלון זעהן ווי ער בדקינט אונ דו בהמה איז גוען אגלאטו כשרה. ווי עס איז גקומען פרייטוג צו נאכט איז צו נוף גקומען דער גאנצור עולם צו דעם בע"ש צו טוש דער שוחט איז אוך גוועזן מיהט גגעסן דגים נאך דעם האט מען גגעבן דוא יוך האט דער בע"ש גנומן אביסול אונ לעפול אונ האט אשמעק גטאן אונ זאגט עס שמעקט מור נבילה אונ האט אוועק גשטעלט דו יוך אונ זיי האבן גנץ שבת ניט פר זוכט קיין פלייש דעם עולם האט דעם זייער פר דראסון זיי זאגון דעם דריטון שבת איז ער דא האט ער געגעסון צוויי שבתים אונ היינט זאגט ער אז עס איז אנבילה נושט טריפה איז דאך עפוס אונ דער שחיטה אפסול אדער דער חלף איז נוט גוט אבער דער שוחט האט דאך גוויזון עדות אז דער חלף איז גוועזן גוט אונ דער צו האט דער שוחט דער רשע זייער גארבוט בקיצור עס איז גוועזן איין רעש עס איז גבליבון

סיפורי אנשי שם

גזאגט דעם ער איז בור סוד שאינו מאבד טפה . ער איז איין אוים גיקאלעכטער גריב ווס דאס וואסר דרינען ווערט נוט פר לורען קיין טראפן וואסער . וואס ר' אליעזר האט גלערינט האט ער אלץ גדענקט האט ער קיין ווארט נוט פר געסן נאך ר' יוחנן ס טוט האט ער גגרינדעט איין איגינע ישיבה אונ דער שטאט לוד נאר

בַּיי זַיי אַז זֵיי זָלְין אוּם אָן טוּן אַבִּזְיוֹן זֵיי הָבּוּן אוֹבֵּר מוֹרָא גְּהַאט פַאר דֶר גְּזֵירָה זֶענוּן זֵיי גַאנְגֶען צוּ דֶר דוּכְּסָה אוּנ הָבִּין זִיא גְּבֶּעטוּן זוּא זָאל זֵיי גֶעבּוּן תְּקוּפוֹת וָודוּם דוּ דוּכְּסָה אִיז דֶענְסְמָאל גְוֶועזֶען צוּ קְרִיגְט מוּט דֶר טוּבֶּלוּ נָאר זֵיי הָבּוּן נוּט גְוָולְט מְחַלֵּל שַׁבָּת זַיין הָבִּן זֵיי גְּבֶּעטוּן אַז מֶען זָאל אוּם הוּטוּן בּוּז זוּנְטִיג אוּנ דֶר פְּרֵיהּ דוּ דוּכְּסָה הָט אַזוּ גְּטוּן אוּנ הָט גְשִׁיקְט אִיהְ הֶעֶרְגוּן אַשְׁלָם אוּנ דֶם טוֶּוער וָוס דֶר בַּע״ש אִיז גְּשְׁטַנוּן אוּנ בַּיי אַלוּ טִירוּ הָט זוּ גְּשְׁטֶעלְט שׁוֹמְרִים זֵיי הָבֶּן אוּם גּוּהוּט אַגַנְצִין שַׁבָּת זֵיי הָאבּוּן נוּט גְּלָסְט קֵיינוּם אַרוּם גֵּיין ווי עֶס אִיז גְּקוּמֶן נָאךְ הַבְדָלָה הָט דֶר בַּע״ש גְּהֵייסְן אַיין שְׁפַּנִן דִּיא פֶּערְד אוּנ הָט זוּךְ אוֹיךְ גְּזֶעצְט אוּנ הָט גְהֵייסְן דֶם מְשָׁרֵת פָּארוּן. נוּא ווי זֵיי זֶענוּן גוּקוּמֶן צוּ דֶעם טוֶּוער הָאט זוּךְ אוֹיף גְהוֹבִּן דֶר גַאנְצוּר טוֶּוער מוּט דוּ סְלִיפִּים אִין זֶענוּן אַרוּם גְּפָארוּן אוּנ דוּ שׁוֹמְרִים וָואס זֶענוּן גְּשְׁטַאנוּן הָאבּוּן נוּט גְּהֶערְט אִין נוּט גְּזֶעהוּן. אוּנ דֶר בַּעש״ט אִיז פוּן דָארְטִן גְּפָארוּן מוּט קְפִיצוֹת הַדֶּרֶךְ אוּנ אִיז גְּקוּמֶן אוֹיף מָרְגְן אַהֵיים הָט עֶר גְּזָאגְט צוּ דֶעם ר׳ לֵיבּ דֶם פּוּלְנָאֶער מוֹכִיחַ עֶר זָאל פָּרְן קֵיין סְלוּצְק אוּנ זָאל דָרְט פַּאר עֶנְפֶערְן דֶם בַּע״ש עֶר הָט נוּט גְּזָאגְט וָוס אִיז גְוֶועזֶן נָאר עֶר הָט אוּם גְּהֵייסוּן פָּארוּן אַהִין אוּנ פַּאר עֶנְפוּר מוּךְ עֶס זָל דֶם עוֹלָם גָאר נוּשְׁט קָשֶׁה זַיין אוֹיף מוּר דֶר ר׳ לֵיבּ אִיז גוּקוּמֶן קֵיין סְלוּצְק אוּנ הָט גְזָגְט אַז עֶר אִיז אַגְרוּסוּר בַּעַל דַרְשָׁר עֶר הָאט גְּהֵייסוּן קְלַפּוּן אוּנ שׁוּל אוּנ הָט גְזָאגְט אַיין פַּיינוּ דְרָשָׁה עֶס אִיז דֶם עוֹלָם זֵייעֶר גְּפֶעלוּן זֵיי הָאבּוּן אוּם גֶעגֶעבּוּן דְרַייסִיג רֶענְדְלִיךְ בְּקִיצוּר עֶר אִיז דָרְט גְּשְׁטַנִין דְרַייא שַׁבָּתִים אַלוּ שַׁבָּת הָט עֶר גְּזָאגְט אַנַנְדֶרוּ דְרָשָׁה דֶער עוֹלָם הָט גָאר נוּט גֶּקֶענְט אָפּ לוֹבּוּן זַיינוּ דְרָשׁוֹת עֶס אִיז אָבֶּר גְּקוּמָן דֶר פֶערְדֶר שַׁבָּת הֵייסְט ר׳ לֵיבּ קְלַפּוּן אוּנ שׁוּל מוּזָל צוּ נוּף קְלוּבִּין דָם גַנְצוּן עוֹלָם אֵיינֶר זָאל נוּשְׁט אִיבֶּר בְּלַייבּוּן מֶען הָט כַּלְד אַזוּ גְטוּן עֶס אִיז צוּ נוּף גוּקוּמֶ דֶר גַנְצֶר עוֹלָם הֵייבְּט ר׳ לֵיבּ אוֹיף דוּ אוֹגוּן אוּנ זָגְט ווי אִיז דֶר שׁוֹחֵט פוּן דֶר שְׁטָאט וָורוּם אִיז עֶר נוּט גְּקוּמֶן הֶערְנַמְיין דְרָשָׁה עֶר הֵייסְט שִׁיקֶן נָאךְ אוּם אִין ווייל נוּט זָגִין בּוּז וַואנְן עֶר וֶועט קוּמֶן דִי שַׁמָּשִׁים גֵּייעֶן נָאךְ אוּם זֵיי קוּמֶן צוּ אוּם זֶעהֶנְזֵיי עֶס אִיז פַּאר מַכְט טוּר אוּנ פֶענְסְטֶר זֵיי קְלַפּוּן אוּנ קֵיינֶר עֶנְפֶערְט נוּט קוּמוּ זֵיי צוּ רוּק אוּנ שׁוּל אוּנ דֶר צֵיילְזָגְט ר׳ לֵיבּ מֶען זָל נֶעמוּן גוֹיִם זֵיי זָלוּן צוּ בְּרֶעכוּן דוּ טִיר מִזָאל זֶעהְוָוס דֶרְט טוּט זוּךְ עֶר זָגְט אָן דוּא שַׁמָּשִׁים אַז זֵיי זָאלוּן גוּט קוּקוּן וָוס עֶר טוּט זֵיי הָבֶּן אַזוּ גְּטָאן זֵיי הָאבִּן אִים דֶר ווישְׁט עֶר לִיגְט מוּט זַיין טָכְטֶר זֵיי הָבִּן אִים אַרוּם גְשְׁלֶעפְּט פוּן דֶם בֶּעט אִין הָבּוּן אוּם אָפּ גְּטְרָגוּן אוּנ שׁוּל אַרַיין אִין הָבִּן דֶר צֵיילְט אוּנ שׁוּל בַּיי וָוס זֵיי הָאבּוּן אוּם דֶר ווישְׁט דוּא שְׁטָאט לַייט הָבּוּן זוּךְ שְׁטַרְק גְּווּנְדֶערְט זֵיי הָבּוּן אוּם גִיט גְּהַאלְטְן פַּאר אַזוּ אַרָשָׁע זֵיי פְרֶעגוּן אִים וָוס אִיז דוּר גְוָורְן אָבֶּר ר׳ לֵיבּ הָט אָן גְּהוֹבּוּן צוּ שְׁרַייעֶן רָשָׁע זַיי מוֹדֶה וָוס הָאסְטוּ גְּטָאן בְּעֵת דֶער בַּע״ש אִיז דָא גְוֶועזֶן הָט עֶר אוֹיךְ גְּמוּזְט מוֹדֶה זַיין אַז עֶר הָט דֶם חֵלֶף אָן גְּקְלַאפְּט אָן זַיינוּ הָעקְלוּךְ אוּז שׁוֹן טַאקִי גְוֶועזֶן דֶם פְלֵייש נְבֵלָה הָבִּן זֵיי שׁוֹן אַלוּ גְוִויסְט אַז דֶער בַּע״ש הָט אֶמֶת גְּזָאגְט אוּנ דֶר ר׳ לֵיבּ הָט

סיפורי אנשי שם

עֶר הָט אוֹיךְ גְּהֶערְט צוּ דוּ סַנְהֶדְרִין וָוס זֶענְן גְוֶועזֶן אוּנ יבנה . זַיין שְׁוָואֶגֶער ר׳ נמליאל אִיז דַמָאלְס גְוֶועזֶן דֶער נָשִׂיא פוּן דוּא סַנְהֶדְרִין בַּאלד אִיז צְווִישֶׁען זֵייא גְוָוארוּן אַגְרוּס מַחֲלוֹקֶת . דוּא חֲכָמִים הָאבְּן זוּךְ גְקְרִיגְט וֶועגְן אַדִין אוּנ טוּמְאָה וְטַהֲרָה אַלוּ הָאבְּן גְזָאגְט טָמֵא אוּנ עֶר הָאט גְזָאגְט טָהוֹר . אוּנ וַוייל דֶם גֶעזֶעץ אִיז בַּיי אַמַחֲלוֹקֶת פוּן אַדִין מוּז מֶען טוּן ווי רוֹב דֵעוֹת . אוּנ רוֹב דֵעוֹת הָאבְּן גְזָאגְט

האָט גזאָגט אַז דער שוחט איז נוט גוועזן אזוי אַרשע נור ווייל ער האָט גטון די עבירה האָט עס אים שון גשלעפּט צו דער אַנדערער אזוי ווי אונזרי חכמים זגוי עבירה גוררת עבירה דאָס איז טייטש איין עבירה ברענגט די אנדרו אזוי ווי עס שטייט שלח ידיו בשלומיו חלל בריתו דאָס איז טייטש אַז ער שיקט זיין האַנד אין די לייט וואָס זענען גאַנץ אונ גאָט וואָס זיי טואון גאָטס ווילון קומט אים דער פון אַז ער איז מחלל זיין ברית אונ פון דער מעשה קען מען זעהן ווי גרוס די עבירה איז אַז מען איז דער ווידער אצדיק דער זכות פון צדיקים זאָל מגין זיין מיר זאָלן אָפּ גהוט ווערן פון עבירות מיר זאָלן זעהן בנחמות ציון אָמן: עס איז גוועזן איינר האָט גהייסן ר' לייב ער פלעגט אלע נאַכט ברעכונג וואָס ער האָט אנגצוין טאָג גטון אזוי פלעגט ער זוך תמיד נוהג זיין אונ האָט גרוס חרטה גהאַט אַז ער האָט גפונן עפּוס אַזאַך וואָס נוט רעכט איז האָט ער תשובה גטאָן דרויף אונ דעם טאָג אַז ער איז נפטר גוואָרון דער ר' לייב איז ער גגנגון אונ מקוה אַריין אַז ער איז אַרוס גגנגון פון דער מקוה האָט אים בגעגנט דער בע"ש אונ זאָגט צו אים גיי טו געך דיינו זכון וואָרום זיין מנהג איז גוועזן אַז ער פלעגט אַרוס גיין אין אַלו שולון צו הערין קדושה וברכו אין דער שטאָט איז גוועזן אַבלאָטו האָט ר' לייב גנומן אַפּערד אין האָט גריטן פון איין שול צו דער אַנדערו אונ האָט גהערט קדושה וברכו אונ אין דעם טאָג איז דער ר' לייב גשטאָרבון זכותו יגן עלינו:

**מעשה** הרב הבע"ש איז גפאָרוז אונ האָט גנכטיגט אין איין אורט אונ האָט גהערט אַקול פאַר געך אַהיים וואָרום ר' יוסף איז זייער שלאַף האָט ער גזגט צו זיינו משרתים ער וויל אַהיים פאָרון האָבון די משרתים נוט גוועלט צורוק פאָרון וואָרים זיי האָבון אזוי גזאָגט אור זענט דאָך אב"ח איז ער פאָרט אַהיים גפאָרון אונ איז גקומן אום ערב שבת אונ איז גוועזן אונ מקוה קודם שחרית נאָך דעם דאַווינון איז ער גקומען צום חולה האָט ער גזעהן ער איז זייער שלאַף אונ האָט ניט גקענט רייד האָט ער גהייסן רופן אַרופא ער זאָל אים בלוט לאָזון האָט דער רופא נוט גוואָלט וואָרום ער האָט גזאָגט ער איז זייער מסוכן אַז מען וועט אים אָדער לאָזון האָט דער בע"ש געענפערט בוסטו אזוי אַמבין אַז מען וועט אים נוט לאָזן אָדער וועט ער לעבון אונ האָט גהייסן אַז מען זאָל אים עפנון איין אָדער אונ לאָזון בלוט אונ דער עולם האָט גמומלט אופדעם בע"ש ווייל ער האָט גהייסן אָדער עפנון אונ דער בע"ש איז גקומען אַהיים אונ אַהלבו שעה האָט דער חולה גבעטון אַז מען זאָל אים ברענגן וואַסור צו טרונקן אונ איז בעז"ה גזונד גוואָרון:

**מעשה** אַמאָל איז דער בע"ש גפאָרון קיין חמעלניק האָט ער גהערט אונ וועג אַז ר' יוסף מלמד פון חמעלניק שטאַרבט אַז ער איז גקומען אין שטאָט אַריין זענון גקומען שטאָט לייט אונ האָבון אים גוואָלט צלון ער זאָל אים היילון האָט ער נוט גוואָלט נאָך דעם אַז דער בע"ש איז אַוועק גפאָרון איז גקומען אַדאָקטער אונ האָט אים גהיילט אונ איז גזונד גוואָרון אַז דער דאָקטער איז נאָך אין שטאָט גוועזן דער ווייל איז דער בע"ש צורוק גקומען אונ מען האָט אים דער ציילט דורך דו רפואות פון דעם דאָקטור איז ר' יוסף גזונד גוואָרון דער נאָך איז דער בע"ש אַוועק גפאָרון פון דער שטאָט האָט ר' יוסף גבעטן דעם דאָקטור ער זאָל אים מאַכון אַפלאַסטער צו פאַר טרייבון דו כנים פון דעם קאָפּ האָט אים דער דאָקטור גגעבון אזלב ער זאָל זוך דעם קאָפּ שמורון ווי ער האָט זוך גשמורט מוט דער זאַלב איז ער גשטאָרבון האָט שון דער בעש"ט מגלה גוועזן זיין טעם וואָס ער האָט נוט גוואָלט היילן ווייל ער האָט גהערט דעם כרוז:

**מעשה** הרב בעש"ט האָט אַשי' זוך גטון מוט החסיד המפורסים ר' וואָלף קוצס איתום

מִיט אַיִת'מָה דִי יְתוֹמָה אִיז גְוֶוקסִין גְוֶוִרין
בַּיים בעש"ט אוּנ דֶר יָתוֹם בַּיי ר' וָואלְף הָט
דֶר בעש"ט צוּ גְזָאגְט גְרֶדן צְוֵוי הוּנְדֶערְט
גוּלְדֶן אוּנ אַז עֶס אִיז גְקוּמֶן זְמַן הַחֲתוּנָה
קוֹדֶם הַחוּפָּה זָגְט ר' וָואלְף צוּם בעש"ט עֶר
וֶועט נוּט גֵיךְ יוֹמוּט דֶם חָתָן צוּם בַּדֶעקוּנְס
בּוּז עֶר ווֶעט מְסַלֵק זַיין דֶם גֶעלְד וָואס עֶר הָט
צוּ גְזָאגְט אִיז דֶם בעש"ט גְוֶועזְווִי אַגְלֶכְטֶר
אוּנ זָגְט צוּ אוּם אִיר גְלֵייבְּט מִיר נוּט אוּף
דִי צְוֵוייא הוּנְדֶערְט גוּלְדֶן הָאט ר' וָואלְף
גֶעעֶנְפֶרְט אוּם אוּף מַיין נֶאֱמָנוּת אוּךְ וֶועל
נוּט מְשַׁנֶה זַיין מַיין וָוארְט אוּךְ דַארְף
הַלְטוּן דֶם חָתָן בַּיי מִיר אוּנ לֶערְנוּן מִיט
אוּם מוּז מֶען הָבוּן גֶעלְד וָורוּם עֶס שְׁטֵייט
אִם אֵין קֶמַח אֵין תּוֹרָה אוּנ דֶם אִיז אָן
גְקוּמֶן צוּם בעש"ט ר' לֵיבּ קַמִינֶקֶר דָט אוּם
דֶר בעש"ט אַנוּדֶר גְזֶעצְט בְּכָבוֹד אוּנ אוּם
מְכַבֵּד גְוֶועזְן מִיט אַגְלָאז וַויין אוּנ עֶר הָט
אַבְּרָכָה גְמַאכְט אוּנ דֶר נָאךְ הָט ר' לֵיבּ
אַז גְהוֹבּוּן צוּ דֶער צֵיילֶן דֶעם בעש"ט פוּן
וֶועסְט וֶועגֶן עֶר אִיז גְקוּמֶן בַּאֲשֶׁר דֶער
קַאמִיסֶער פוּן דֶר שְׁטָאט הָט גְשׁוּקְט
נָךְ אוּם אוּנ הָט אוּם דֶר צֵיילְט אוּנ וַוייזְט
אוּם אַבְּרוּף פוּן אֵיין אָדוֹן פוּנוּף מַייל פוּן
מֶעזְבּוּז שְׁרַייבְּט עֶר צוּם קָמִיסֶר אַז דֶר
בעש"ט אִיז שׁוּלְדִיג טוֹיזְנְד גוּלְדֶן וָואס עֶר
הָט בַּיי אוּם גְלֵייֶגְן אוֹיף פִּדְיוֹן שְׁבוּיִם עֶר
הָט אוּף אוּם אַשְׁטַר חוֹב אוּנ עֶר זָל אוּם
תֵּיכֶף מְסַלֵק זַיין אוּנ דֶר קָמִיסֶר הָט אוּם
גְזָגְט אַז אִיר וֶועט נוּט תֵּיכֶף מְסַלֵק זַיין
וֶועט עֶר אַייךְ נֶעמוּן אוּנ קֵייטוּן אוּנ וֶועט
אַייךְ שִׁיקְן צוּם אָדוֹן וָואס אִיר זֶענְט אַבַּעַל
חוֹב וִוי דֶר בעש"ט הָט גְהֶערְט דִי וֶוערְטֶר
הָט עֶר אַגְשְׁרֵיי גְטוּן מֶען זָאל אוּם אַיין
שְׁפַּנוּן זַיין גְרוֹיסוּ בּוֹיד אוּנ הָט גְזָאגְט צוּ
ר' לֵיבּ תֵּיכֶף זָלְסְטוּ פָרוּן צוּם אָדוֹן אוּנ

זָאלְסְט מְסַלֵק זַיין דֶם גֶעלְד אוּנ זָלְסְט
דוּךְ מְזָרֵז זַיין צוּא קוּמֶען אַהֶער פַר דֶם
בַּדֶעקוּנְס אוּנ הָט נוּט גְלָאזְט ר' לֵייבְּן
אַהֵיים גֵיין נָאר עֶר זָאל פָרוּן אִיז דֶם בַּיי
ר' לֵיבּ גְוֶועזְן אַחִידוּשׁ נָאר עֶר הָט פָרְט
גְשְׁווִייגוּן אוּנ הָט אוּם גְפָאלְגְט אוּנ מִוּטֶן
וֶועג אִיז דֶר ר' לֵיבּ גְוֶועזְן אוּנ אַקְרֶעטְשְׁמוּ
מִיט אַבַּקַנְטוּן אוּנ הָט אוּם דֶר צֵיילְט דִי
מַעֲשֶׂה וָואס עֶר פָארְט נָאר עֶר הָאט זוּךְ
גְאַיילְט אַוֶועק צוּ פָרוּן אִיז דֶם גְוֶועזְן אֵיין
פֶּלֶא בַּיים קְרֶעטְשְׁמִיר אוּנ אִיז אַוֶועק
גְפָארוּן אִיז עֶר אָן גְקוּמוּן צוּם אָדוֹן אַז
מְהָט זוּךְ גְזֶעצְט עֶסוּן הָט עֶר גְוַוארְט בּוּז
דֶער אָדוֹן הָט אָפּ גְגֶעסוּן אוּנ אִיז אַרַיין
גְקוּמוּן צוּם אָדוֹן פְרֶעגְט אוּם דֶער אָדוֹן
אוּב עֶר הָט גְבְּרַכְט גֶעלְד פוּן דֶם בעש"ט
וָורוּם עֶר הָט גְוִויסְט אַז עֶר אִיז פוּן בעש"ט
לַייט הָט אוּם ר' לֵיבּ גֶעעֶנְפֶרְט יוֹא הָט עֶר
אוּם אַנוּדֶר גְזֶעצְט בְּכָבוֹד אוּנ דֶר ר' לֵיבּ
הָט זוּךְ מְתַמֶה גְוֶועזְן אוּנ הַארְץ וִוי אַזוֹ
וֶועט זַיין דֶר סוֹף וִוי עֶר טְרַאכְט אִיז אוּם
אַיינְגְפָאלוּן אוּנ זִינֶען וָואס עֶר זָל רֶעדוּן
מִיט דֶעם אָדוֹן אוּנ זָאגְט צוּ דֶם אָדוֹן
אוּךְ דַארְף מִיט דִיר עֶפּוּס שְׁמוּסֶן שְׁטוּלֶר
הַייט אוּנ גֵייט מִיט אוּם אוּנ אַחֶדֶר אַרַיין
אוּנ זָאגְט צוּ אוּם אוּךְ וַויים דָאךְ וואל
אַז דוּ בּוּסְט אַפְרוּמֶר אֵיין עֶרְלוּכֶר מַאן
אוּנ דוּ וִוילְסְט נִיט אַפֶּרְמְדִין גְרָאשׁוּן אוּנ
הַיינְט וַוייל אוּךְ דוּר מְסַלֵק זַיין דֶעם חוֹב
וָואס דֶר בעש"ט הָט זוּךְ בַּיי דִיר גְחַתְמֶת
טָאמֶר קוּמְט נוּט אַזוֹ פוּל פוּן דִי רִינְדַארֶס
וָואס דֶר בעש"ט הָט זוּךְ בַּיי דוּר גְחַתְמֶת
וֶועסְטוּ נִכְשַׁל וֶוערִין ח"ו אִין דֶר עֲבֵירָה
פוּן גָזֵל עֶנְפֶרְט אוּם דֶער אָדוֹן עֶס אִיז
זֵייעֶר גְרוֹס דֶר יְלוּבְּשַׁפְט וַוייל דוּ וִוילְסְט
מִיךְ מַצִיל זַיין פוּן עוֹנֶשׁ אוּף יֶענֶר וֶועלְט



טָמֵא הָט ר' אליעזר גְדַרְפְּט נָאךְ גֶעבּוּן. עֶר אִיז אָבֶּר גְוֶועזְן אַיינְגִישְׁפַּארְט אוּנ הָט
נִיט גְוואלְט נָאךְ גֶעבּוּן הָט מֶען אוּם אוּנ הֶערֶם אַרַיין גִילֵייגְט . פוּן דֶער צַייט אָן
הָט עֶר גְלֶעבְּט אָפּ גְזִינְדֶערְט פוּן אַלוּ חֲבֵרִים נָאר אַז עֶר אִיז קְרַאנְק גְוָוארֶען
זֶענוּן זֵיי צוּ אוּם גְקוּמֶן מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין עֶר הָט גְהַאט גְרוֹיסוּ יִסוּרִים הָט עֶר גְזָאגְט

אוּנ הָט תֵּיכֶף אוּם גזוּכְט דוּ קְוִויטֶעם פוּן
דִי רוּנְדַארְם וָואס זֵיי הָאבּוּן אִים גֶגֶעבּוּן
רַאטָם הָט עֶר אַרֵיין גנוּמֶן דֶם שְׁטַר חוֹב
פוּן הבעש"ט אוּנ הָט אַרוּף גוָוארְפֶן אוּף
דֶם פַייֶער אוּנ הָט גְזָאגְט נָאכְדֶם חֶשְׁבּוֹן
וָוס דֶר בעש"ט הָט אוּם גֶגֶעבּן פַר דִיא
שְׁבוּיִם אוּנ נָאכְדֶם חֶשְׁבּוֹן פוּן דִי קְוִויטֶעם
לוּגְט דֶער שְׁטַר חוֹב בַּיי אוּם אוּמְזוּסְט
עֶס קוּמְט נָאךְ אוּם אַרוּם צְוַויי הוּנְדֶרְט
גוּלְדִין אוּנ הָאט אוּם אָפּ גְצֵיילְט עֶלוּף
רֶענְדְלִיךְ הָט ר' לֵיבּ גְזָגְט עַל פִּי חֶשְׁבּוֹן
קוּמְט נָאךְ צְוַויי גוּלְדִין הָט אוּם דֶר אָדוֹן
נָךְ מֶער גְדַאנְקְט וַוייל עֶר חַנֶפֶת אוּם נוּט
אוּנ הָט אִים גֶגֶעבּן דוּ צְוַויי גוּלְדִין אוּנ
ר' לֵיבּ אוּז צוּרִיק גפָרוּן פַר דִי קְרֶעטְשְׁמֶע
אִיז עֶר אַרָפּ אוּנ קְרֶעטְשְׁמֶע אַרֵיין אוּנ הָט
דָר צֵיילְט דוּ וְוִי דֶר אוּנ דוּ גְדוּלָה אוּנ דֶר
בעש"ט הָט גְזָגְט אִינ דֶר הַיְים זֶעהְט נָר
וָוס דֶר נַאר טוּט עֶר הָט זוּךְ גשְׁטֶעלְט אוּנ
קְרֶעטְשְׁמֶע רֶעדוּן וְוִי עֶר אוּז אַהֵיים גְקוּמֶן
צוּם בעש"ט הָט עֶר גְוָואלְט דֶר צֵיילֶן דִי
מַעֲשֶׂה הָט דֶר בעש"ט אַגְשְׁרַיי גְטוּן אוּף
וַוייסוּ אַל גִיבּ נָאר דָם גֶעלְד לָאמִר זֶעהְן
דִיא נִפְלָאוֹת וָוס דָא אוּז גְוָועזְן אוּנ דֶער
בעש"ט אוּז גְגַאנְגֶן צוּ דָם בַּעֲקוּנְס אוּנ
אִיז גְוֶוען לוּסְטִיג אוּף דֶר חֲתוּנָה וָוס נִיט
צוּ בַּשְׁרַייבֶּן :

מעשה אַמָל הָט זוּךְ גְטְרָפוּן אַז אַסוּחֵר אִיז
גְקוּמֶן פוּן בְּרֶעסְלֶע מוּט אֵיין בְּרִיקֶע
סְחוֹרָה אוּנ הָט גְלָאזְט דִי בְּרוּקוּ שְׁטֵיין
אוּף דֶר גַאס עֶר הָט זוּךְ גְטְרַכְט וֶוער וֶוט
גַנְבִינֶען אַזַא גְרוֹסוּ בְּרוּקוּ אִיז גְקוּמֶן אַגַנָב
אוּנ הָט אַיין גְשְׁפַּאנְט אַנְדֶרוּ פֶּערְד אוּנ
הָט אַוֶועק גְפוּרְט בַּגַנְבְט דִי בְּרוּקוּ סְחוֹרָה
מִיט אַלוּ זַאכוּן אוּנ דֶר פְרוּ אַז מֶען הָט
גֶזֶעהְן אַז דִי בְּרוּקוּ אוּז נוּט דָא הָט מֶען
גְשׁוּקְט שְׁלוּחִים אוּף אַלוּ וֶועגְן זוּכֶן דִיא
בְּרוּקוּ מִיט סְחוֹרָה אוּנ מֶען הָט נוּט גְפוּנֶען
אוּנ דֶר גַנָב אִיז אַוֶועק גְפָארוּן מוּט דֶער
סְחוֹרָה אוּנ טִיפֶן וַואלְד אוּנ אִיז גְשְׁטַנוּן
דָרְטוּן מִיט דֶר בְּרוּקוּ דְרַיי טָאג אוּנ דְרַיי
נֶעכְט בּוּז אַלוּ הָבּוּ זוּךְ אוּם גֶקֶרְט אַהֵיים
הָט דֶר סוֹחֵר גְשׁוּקְט אַשָׁלִיחַ מִיט אַבְּרוּף
צוּם בעש"ט מִכּחַ דֶר גְנֵיבָה דֶר שָׁלִיחַ אִיז
אָן גְקוּמֶן אַז דֶר בעש"ט אִיז גְשְׁטַאנֶען בַּיי
דֶר מְזוּזָה עֶר אוּז גְפָרוּן קֵיין דְרַאזְנֵי אוּף
אַבְּרִית מִילָה מֶען הָאט אִים מְכַבֵּד
גְוֶוען מוּט מוֹהֵל שַׁאפְט הָט עֶר אִיבֶּער
גְלֵיינְט דֶם בְּרִיף הָט עֶר גְזָגְט צוּם שָׁלִיחַ
ווארְט דָא בּוּז אוּךְ וֶועל מוּךְ אוּם קֶערְן



צוּא זַייא אַגְרוֹסֶר צָארוּן פוּן גָאט אוּז גְקוּמֶן אוּף דֶער וֶועלְט אוּנ דֶער צָארוּן אוּז
גְוָוארוּן אוּף מוּר אוּים גֶגָאסוּן . הָאבֶּן זַיי אַלוּ אָן גְהוֹבּוּן צוּ וֵויינְן נָאר ר' עקיבא
הָט זוּךְ גְפְרֵייט הָאבֶּן זַיי גְזָאגְט צוּ ר' עקיבא דוּ סֵפֶר תּוֹרָה אוּז אוּנ צַעַר אוּנ דוּ
פְרֵייסְט דוּךְ הָט ר' עקיבא גֶענְפֶּרְט דְרִיבֶּר פְרֵיי אוּךְ מוּךְ דֶען אַז אוּךְ הָב גְזֶעהְן
אַז אוּנְזֶער רבּי אוּז גְלִיקְלִיךְ הָב אוּךְ גְרֶעכֶנְט אַז מֶען הָט אוּם שׁוֹן זַיין שְׂכַר אָפּ
גְגֶעבּוּן אוּף דֶער וֶועלְט אָבֶּר יֶעצְט אַז אוּךְ זֶעה דָם עֶר הָט יִסוּרִים בִּין אוּךְ זִיכֶר
דָם זַיין שְׂכַר אוּז אָנְגְגְרֵייט פַר אוּם אוּנ גַן עֵדֶן . הָט ר' אליעזר גְזָאגְט הָב אוּךְ
עֶפּוּס פַר פֶעהְלְט פוּן דֶער הֵיילִיגֶר תּוֹרָה וָוס אוּךְ הָאבּ נוּט גְהִיטֶן . הָט ר' עקיבא
צוּ אוּם גְזָאגְט דוּ הָאסְט אוּנְז אַלֵיין גְזָאגְט אֵין צַדִיק בָּאָרֶץ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה טוֹב וְלֹא
יֶחְטָא עֶס אוּז נִיטָא אַצַדִיק אוֹיף דֶער וֶועלְט וָוס עֶר זָאל טוּן נָאר גִיטְס אוּנ נוּט
זִינְדִיגוּן . זַיי הָאבְּן בַּיי אוּם גְלֶערְנְט זַייעֶר פוּל הֲלָכוֹת אוּנ טוּמְאָה וְטַהֲרָה אוּנ וְוִי
עֶר הָט גְזָאגְט אוֹיף דֶער לֶעצְטֶער שַׁאֲלָה טָהוֹר אוּז אַרוּם זַיין הֵיילִיגוּ נְשָׁמָה . אַלוּ
הָאבּוּן צוּ רִיסוּן דוּ קְלֵיידֶר אוּנ ר' אליעזר בן עזריה הָט גְזָאגְט רֵיין אוּז עֶר אוּנְזֶער
רַבִּי רֵיין קוּמְט עֶר אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט זַיין נְשָׁמָה אוּז אַרוּם בְּטַהֲרָה אוּנ ר' יהושע
הָט גְזָאגְט דֶער חֵרֶם אוּז אָפּ גְשְׁפְּט מֵעֲהֶר פוּן אַלוּ הָט גְקְלָאגְט אוּנ גְוֵויינְט ר'

עקיבא

חם דער שליח גוואַרט. דער בעש"ט איז אַוועק גפֿאָרן און הט גנעכטיגט אין וועג און דער פֿר׳ ווי דער בעש"ט פֿאָרט ניט ווייט פֿון דער שטאָט הט ער גזעהן אפֿור פֿון ווייטונס פֿאָרט אויף קיין דראזני פֿון איין אנדרן וועג זאָגט דער בעש"ט צו זיין סופֿר ר׳ הירש דאָרטן פֿורט מען די בּרוקי וואָס מען הט גגנבֿת וואָס דער שליח הט מיר גבּראַכט אַבּרוף אַז מיר וועלין קומען און שטאָט אַריין זאָלסטו תיכּף נאָך פֿרעגן אויף זיין סטאַנציע און זאָלסט אים זאָגן אַז ער הט גגנבֿת די בּרוקי דער ר׳ הירש איז גגאַנגן הט ער אים גטראָפֿן דאַווינען ווי איין ערליכער מאַן האָט ער גאַר קיין העזה נוט געהאַט צו זאָגן אים די ווערטער וואָס דער בעש"ט הט אים גהייסן און איז אַוועק גגאַנגן פֿון אים און הט גזאָגט צום בעש"ט אויך קען אים גאַר ניט זאָגן הט דער בעש"ט גשיקט רבּי יעקב האַניפּאָליר ער זאָל אים דאָס זאָגן איז ר׳ יעקב גקומען אויף דעם האַרבּריג פֿון דעם גנבֿ הט ער אים גטראָפֿן וואַשן צום עסן און ער הט גאַר קיין פּנים ניט בּיי אים פֿון אַגנבֿ און איז אויך צוריק גגאַנגן צום בעש"ט און הט אים אויך אַזו דער ציילט הט שוין דער בעש"ט אַגשרייא גטון אויף ר׳ יעקב גיי געך און זאָג אים אַזו ווי איך האָב דיר גזאָגט וואָרום ער וועט אַוועק פֿאָרן וועט פֿאַרפֿאַלין ווערין די בּרוקי מיט אַלימען איז ר׳ יעקב גגנגן און הט גזאָגט ווי דער בעש"ט האָט אים גזאָגט מיט אַלו סימנים ווי ער איז גשטאַנן אין וואַלד דרייא טעג און וויא ער הט גנעכטיגט אַלו נעכט בּיז ער איז גקומען קיין דראזני ווי דער גנבֿ הט דער הערט אַלו סימנים הט ער מודה גוועזן און הט גזאָגט נעמט אייך צוריק די בּרוקי מיט אַלו זאַכן נאָך דעם אַז מען איז גגאַנגן אויף דעם בּרית מילה עסין די סעודה איז דער גנבֿ אויך גגאַנגן אויף דעם בּרית מילה און זאָגט עס איז מיר אַגרויסו קשיא אויף אייך רבּי אַז איך בּין איינגיל גוועזן פֿלעגט מיך דער רבּי שמייסן אַז איך זאָל ניט אַרום קוקן אין דעם סידור וואָרום איך וועל אַרום קוקן וועל איך ניט וויסן וואָס אין סידור שטייט און היינט רבּי אַז איר קענט זעהן אַז איך האָב גגנבֿת מסתּמא קאָנט איר בּוודאַי גרעסירו זאַכען און העכורו זעהן פֿון דעסט וועגין הט איר אַרום גקוקט אויף אַזעלכו נידריגו זאַכן ווי דער בעש"ט הט דער הערט איז מלאה שׂמחה גוואָרן און האָט רופֿ תּורה גזאָגט בּיז מנחה און דעם גנבֿ הט ער גשענקט איין מתּנה:

און דער מעשׂה ווערט דער ציילט ווערין די תּולדה פֿון הרב הקדוש כש"ת ר׳ ישׂראל מקאָזניץ וואָס איז גרופֿן גוואָרן דער קאָזניצער מגיד זכותו יגן עלינו:

דער בעש"ט ז"ל איז אַמאָל גזסן מיט זיינו תּלמידים פֿרייטוג צו נאַכט בּיי דעם טיש זיין סדר פֿלעגט זיין אַז ער איז גזסן מיט גרוס דביקות צו השי"ת ער איז נושט גוועזן אויף דעם עולם זיין היילוגו מחשבה איז תּמיד גוועזן דבוק צו הש"י אַמאָל תּיכּף נאָך קידוש הט ער זייער אָן גהויבן צו לאַכן עס איז גוועזן בּיי אַלו תּלמידים אַגרוס וואונדער און אַנייע זאַך ווייל זיי האָבן דאָס קיין מאָל פֿון אים ניט גזעהן די תּלמידים האָבן אָבר פֿאַר אים פּחד געהאַט איבּער צו פֿרעגן און האָבין לעת עתּה גאַר גשוויגון ווי זיי זענין ווידער גזעסן בּיי דעם טיש און מיטן דעם עסן אַזו הט ווידער דער בעש"ט הקדוש אָן גהויבן זייער שטאַרק צו לאַכן עס איז אַגרוס וואונדער גוועזן און אַזו איז גוועדריי מאָל עס הט קיינער נוט וואוסט זיין כּוונה אונטער די תּלמידים איז גוועזן הרב הקדוש ר׳ וואָלף קיצס ער איז בּיי דעם בעש"ט זייער חשוב גוועזן און דער סדר פֿלעגט זיין אַז אַלו מוצאי שבּת האָט ער אים די לילקע פֿאַר רייכערט און דער בעש"ט האָט אויסדר ציילט אַלו זאַכן וואָס ער האָט דעם שבּת מתקן גוועזן:

בכיצור

בְּקיצור וִוי עֶס אִיז גְקוּמֶען דֶם מוֹצָאֵי שַׁבָּת קוֹדֶשׁ אַזוֹ הָאבֶּען אַלוּ תַּלְמִידִים גְבֶּעטִין דֶעם צַדִיק ר׳ וואלף קִיצֶעס אַז עֶר זָאל בַּייא דֶעם בעש״ט ז״ל פְרֶעגִין וָוס דוּא כַּוָונָה אִיז גְוֶועֶן מִיט דֶם לַאכִין דֶער ר׳ וואלף קִיצֶעס הָט דָם גִיפְרֶעגְט הָט אִים דֶער בעש״ט גְעֶנְטְפֶרְט אַז עֶר זָל אַלוּ תַּלְמִידִים זָאגִין זָאלִין זִיךְ אָן טוּעֶן בִּגְדֵי חוֹל אוּנ זָאלִין מִיט אִים אַרוּם פָּרְן אוּים דֶער שְׁטָאט זֵייא דָאבֶּן תֵּיכֶּף אַזוֹ גִיטוּן אוּנ זֶענִין מִיט אִים גְפָארְן זֵיי הָבֶּן אָבֶּר נִיט גְוִויסְט וִוי אַהִין עֶר וֶועט פָּארְן דֶער בעש״ט ז״ל אִיז אַזוֹ מִיט זֵיי גְפָארְן אַגַאנְצוּ נַאכְט בִּיז אִין דֶר פְרִי זֶענִין זֵיי אָן גְקוּמֶען קֵיין קָאזְנִיץ דֶער בעש״ט אִיז אַרֵיין גְפָארִין צוּם פַּרְנֵס חוֹדֶשׁ. מִסְתָּמָא הָט מֶען אִים מִיט זַיינוּ תַּלְמִידִים זֵייעֶר שַׁיין אוֹיף גְנוּמֶען וָוארוּם זַיין נָא וּן אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס גְוֶועֶן אוֹיף דֶר וֶועלְט. בִּכְלָל דְרוּף אִיז אָן גְקוּמֶען שְׁטָאט מֶענְטְשִׁן דֶר בעש״ט הָט זִיךְ גְשְׁטֶעלְט דַאוִוינֶען דָער נָאךְ הָאט עֶר גְהֵייסִין רוּפִין ר׳ שַׁבְּתַי אַיינְבִּינְדֶער מִיט זַיין פְּרוֹיא דוּא שְׁטָאט מֶענְטְשִׁן אִיז גְוֶועֶן אַגְרוֹס דְבַר פֶּלֶא דֶער ר׳ שַׁבְּתַי אִיז גְוֶועֶן גָאר אַפְּרָסְטֶר מֶענְשׁ עֶר הָאט נִיט גְקָאנְט לֶערְנִין נָאר אָבֶּר אַיין עֶרְלִיכֶער יוּד. בְּקִיצוּר מֶען הָאט גְבְּרַאכְט דֶעם ר׳ שַׁבְּתַי אַיינְבִּינְדֶר מִיט זַיין וַוייבּ. וִוי זֵיי זֶענִין צוּ אִים גְקוּמֶען אַזוֹ זָאגְט דֶר בעש״ט צוּ דֶעם ר׳ שַׁבְּתַי הנ״ל אִיךְ בֶּעט דוּךְ זָלְסְט דֶר צֵיילִין וָוס דוּ הָסְט גְטוּן דֶעם פְרַייטָאג צוּ נַאכְט זָלְסְט גָאר קֵיין שׁוּם זַאךְ נִישְׁט פַר לֵייקִינִן אַזוֹ הָאט אִים ר׳ שַׁבְּתַי אַיינְבִּינְדֶר גְעֶנְטְפֶרְט אִיךְ בֶּעט אַייךְ רֶבִּי פְלֵייכְט הָאבּ אִיךְ עֶפִּים ח״ו נִיט גוּט גִיטָעֶן זָלְט אִיר מִיר אַתְּשׁוּבָה אַרוּם גֶעבִּין אוּךְ וֶועל אַייךְ אַלְדִינְג דֶר צֵיילִין דִי מַעֲשֶׂה אִיז אַזוֹ גְוֶועֶן אִיךְ בִּין אַיין בַּעַל מְלָאכָה אוּנ אוּךְ הָבּ מִיךְ תָּמִיד פוּן דֶר מְלָאכָה מְפַרְנֵס גְוֶועֶן אִיךְ הָבּ ח״ו צוּ קֵיין מֶענְטְשׁ נִיט בַּדַרְפְט

גַם פְלֶעג אוּךְ הָבִּין אַמִנְהָג אַז תֵּיכֶּף אִים דָאנֶערְשְׁטִיג הָט מֶען שׁוֹן אָן גְגְרֵייט אוֹיף שַׁבָּת לְכָבוֹד שַׁבָּת פְרַי טִיג נָאךְ זֵייגֶער צֶעהְן בִּין אוּךְ שׁוֹין גְגַאנְגֶען אוּנ בִּהמ״ד אַרֵיין זָגוּן שִׁיר הַשִּׁירִים אָבֶּר תְּהִלִּים בִּיז נַאכְט אוּנ הָאבּ מְכַבֵּד גְוֶועֶן שַׁבָּת בְּכָל הַיְכוֹלֶת יֶעצְט אָבֶּער אוֹיף דָער עֶלְטֶער הָאבּ אוּךְ שׁוֹן נִיט אַזוֹ פִיל כֹּחַ אוּנ הָבּ נִיט פַר דִינְט אוּנ אוּךְ הָבּ גְמוּזְט אַלִים פַר קוֹפִין מִיךְ מְפַרְנֵס צוּ זַיין נָאר אוֹיף דֶעם שַׁבָּת הָבּ אוּךְ שׁוֹן נִיט גְהַט קֵיין שׁוּם זַאךְ וָוס צוּ פַר קוֹפִין ע״כ הָבּ אוּךְ גָאר נִיט גֶקֶענְט קוֹפִין לְכָבוֹד שַׁבָּת אֲפִילוּ אַשְׁטִיקֶל בְּרוֹט אוּךְ הָבּ דָאנֶערְשְׁטִיג אַגַאנְצִין טָאג גְהָפְט צוּ הש״י אַז עֶר וֶועט מִיר בְּוַודַאי בַּשֶׁערִין עֶפִּים צוּ קוֹפִין לְכָבוֹד שַׁבָּת וֶוען אִיךְ וָולְט וֶועלִין מְגַלֶה זַיין פַר אַיין מֶענְשׁ מַיין דַחֲקוּת וָולְט מֶען מִיר בְּוַודַאי גְגֶעבִּין וָורוּם דִי הַיילִיגִי יוּדִין וָואלְטִין מִיךְ נִיט גְלָזְט פַסְטִין אוּם שַׁבָּת וַוייל אוּךְ הָבּ אָבֶּר נִיט גְוָולְט נֶהֱנֶה זַיין מִמַּתְּנַת בָּשָׂר וָדָם הָבּ אוּךְ אוֹיף מִיר גְנוּמֶען עֶס אִיז בֶּעסֶער שַׁבָּת צוּ פַסְטִין אוּנ זָאל נִיט נֶהֱנֶה זַיין מִבָּשָׂר וָדָם אוּנ בַּ רַט הש״י קֶען נָאךְ אוּנ אַיין רֶגַע הֶעלְפִין אוּךְ הָבּ מוֹרָא גְהַאט מַיין וַוייבּ וֶועט אֶפְשַׁר דָם מְגַלֶה זַיין פַר אַלוּ שְׁכֵנִים אַזוֹ אֵיידֶר אוּךְ בִּין גְגַאנְגֶן אִין בהמ״ד הָבּ אוּךְ בַּיי אוּר גְנוּמֶען תְּקִיעַת כַּף אַז זוּא זָאל פַר קֵיינֶעם נִישְׁט זָאגְן גַם הָבּ אוּךְ אוּר גְזָגְט אַז זוּא זָאל וִויסְן אַז אִיךְ וֶועל מִיךְ זוּימֶען אוּנ בִּיהמ״ד בִּיז דֶער גַאנְצֶר עוֹלָם וֶועט שׁוֹן הָבִּין אַוֶועק גְגַאנְגְן וָורוּם אוּךְ הָבּ מוֹרָא אַז אוּךְ וֶועל גֵיין אוּנ אֵיינוּם מִיט אַנְדֶערוּ מֶענְטְשִׁן אַזוֹ וֶועלִין זֵיי מִיךְ פְרֶעגְן וָוס בְּרֶענְט נִישְׁט קֵיין לֶעכְט בַּיי מִיר אוּךְ וֶועל נִישְׁט וִויסְן וָוס צוּ עֶנְפֶרְן: בְּקִיצוּר אוּךְ הָבּ אַזוֹ גְטוּן אוּנ בִּין גְגַאנְגִין אוּנ בִּיהמ״ד אַרֵיין זֵייגֶער צֶעהְן אוּם גְגֶעסִין אוּנ הָבּ גְזָאגְט שִׁיר הַשִּׁירִים אוּנ וָוס אוּךְ קֶען אוּנ מַיין וַוייבּ הָאט אָן גְהוֹבִּן רֵיינִיגִין דוּא שְׁטִיבּ

לכבוד

לכב"ד שבת דם שפין וועב אפ צו ווישן אום צו קערון וכדומה דער ווייל ווי זוא דט אזו אלדינג ריין גמכט הט זוא גפינגן אפאר ארבעליך איז דרינגן גוועזן אפאר זילבערנו קנעפליך דם איז שון זייער לנג פון אונז פר לורון גוואֵרן יעצט הט זוא דם פליצלינג גפינון נוא ווי זוא הט נאר דם גהט הט זוא עס ־ר קופט דם געלד הט אבר מספיק גוועזן אויף אלו הוצאות שבת חלה ונרות ודגים אזו ווי דר סדר איז תמיד גוועזן ביי מור נאר לעכט הט זיא אבר גרעסערו אן גצינדן ווייל זו הט גוויכט אז איך וויל מוך היינט לענגר פר זוימון ווי תמיד אזו ווי איך הב אור גזגט אין ווי עס איז גקומן פרייטיג צו נאכט גאך דעם דווינון אונ בון גגאנגן לביתי אזו זעה איך ווי עס לייכט זוך ביי מור אין שטיב אזו קלער איך ביי מור אונ הרץ זוא הט זוך בוודאי נוט גקענט איין הלטון אונ הט דר ציילט דו שכנים אזו הט מען אור גשענקט לעכט נוא איך קום לביתי זעה איך דער טוש איז גרייט זייער שיין מיט פיש אונ חלות יין לקידוש אזו הענק איך אז דם איז בוודאי אמתנה פון אמענטש מיין אלטע הט עובר גוועזן תקיעת כף איך האב אבער שון נושט גוולט שבת פר שטערון איך זאל זוא תיכף פרעגן מוט כעס נאר איך הב גזגט שלום עליכם אונ הב גמכט קידוש אונ איך הב מוך גזעצט צוסמטוש עסון אונ מיטען עסון הייב איך אן צו זאגון מיין ווייב דו הסט דוך נוט גקענט איך הלטן אין צו בשטיין דעם נסיון קוים איך זאג די ווערטער פרעגט זוא מוך גידענקסטו עס איז מור פר לורון גווארון ארבעליך מיט דו זילבערנו קנעפליך שון לאנג דם

הב איך היינט גפינון אונ דאס האט מור מספיק גוועזן אויף הוצאות שבת יעצט זעה איך ווי השי"ת פר לזט נוט קיינום ווס פר לזט זוך אויף אום אליין נוט אויף קיין מענש נוא ווי איך הב דם גהערט בון א ך גווארן מלא שמחה והדוה אויף דם גרוסון חסד פון השי"ת אונ איך הב אן גנומן מיין ווייב ביי דער האנד אונ האב מוט אור גטנצט אגנצו שעה אזו הב איך אבר גטון דריי מאל פר גרוס שמחה וחדוה ווס השי"ת הט מור בשערט אויף שבת בלי מתנת בשר ודם יעצט בעט איך אייך רבי פילייכט איז דם נוט גלייך גוועזן ווס איך הב מוט מיין ווייב גטנצט גיט מור ארום איין תשובה ווארום איך הב דם גנץ ערינסט גמיינט צו לובון השי"ת ווי ער הט אום דר ציילט דם בעש"ט זגט דר בעש"ט צו זיינו תלמידים גלייבט מור אז עס איז גוועזן אשמחה בכל העולמות אונ ביי דו גאנצו פמליא של מעלה אציגד הבן זיי שון גוויסט ווס דר בעש"ט הט דריי מאל גלכט דר נאך פרעגט דער בעש"ט דו פרויספון דעם איינבינדר ווס זוא וויל אוב זיא וויל בעסער ווערון איין עשירות אונ זאל אפ לעבון דו וועלט בכבוד אדר זוא וויל בעסער איין בן זכר הבן ווארום זיי הבן קיין קינדר נוט גהט אונ זענון שון אויף דער עלטר גוועזן ענטפרט זוא דעם בעש"טו ילנג וועל איך הען נאך לעבון ווס נוצט מור עשירות בעסער איך זאל הבן אבן זכר אויף דער וועלט אזו הט איר דר בעש"ט מבטיח גוועזן אז בוז צום יאר וועט זוא האבן אבן זכר וועט ער לייכטון אויף דער וועלט זיין נאמן וועט זיין זייער גרוס זלסט אום געבון אנמן ישראל אזו ווי מיין נמון איז אונ אז דו

סיפורי אנשי שם

עקיבא אונ הט גזאגט אויף אום אגרוסון הספד . ר' אליעזר פלעגט צו זאגון טוא תשובה איין טאג פר דיין טוט . האבען דוא תלמידים אום גפרעגט פון וואנען ווייסט אמענטש ווען ער וועט שטארבן האט ער זיי גענפרט אז טאקע דורך דעם ווייל אמענש קען נוט וויסן ווען ער וועט שטרבן דרום זאל ער אלו טאג תשובה טון:

חיסט מור מודיע זיין וועל אוך קומען אויף דם ברית מילה אונ וועל זיין סנדק עס איז אזו גוועזן אונ עס איז גבארען גווארען דער קאז' יצער מגיד אונ ווס פר אגרוסר צדיק. ער איז גוועז איז ידוע לכל חטשו ער איז גוועזן אגרוסר חלוש ווארום ער איז גבורין פון אזו אלטו פאטער אונ מוטר וועלכים נאך דר טבע האבן זיי שון לנג אן גווארן דם כח המוליד אונ פלעגט צו ליגן תמיד אוף זיין בעטיל ווי אשלפר אין פון דעסט וועג' אז עס איז גקומון דו צייט פון דאווינן פלעגט ער שפרינגן ווי אלייב זיין זכות זאל אונז ביי שטיין מור זאלון זוכה זיין צו דינען גאט ב"ה אונ מיר זאלן דר לעבן גרוס פרייד אמן:

פון דער מעשה קען יעדער מענטש אגרוסון מוסר נעמון ערליך צו הלטען שבת. וי ווייט מעגליך איז דורך דעם קען מען זוכה זיין צוא האבען קונדער צדיקים אונ תלמידי חכמים אמן:

מעשה אונ פאווליטש איז גוועזן בעוה"ר איין בלבול אונ דו קדושים זענון בעוה"ר נהרג גוורן זענון דו מענשן פון אלו שטעט ארוס גלפן זיי זענן אלו אנטלפן גווארון עס איז גוועז זייער אשרפר בלבול הרב ר' דוד מקראטשוב הט גוואלט אנטלופן קיין וואלחיי איז ער גפרן קיין מעזבוז הט אום דער בעש"ט אויף גהלטון אונ עטליכו מאל הט דער בעש"ט גזגט אז זיי וועלון ניצול ווערון אונ דער נאך אז זיי זענון בעוה"ר נהרג גווארון איז גקומן אבריף צו ר' דוד הנ"ל אונ דר ר' דוד איז גוועזן אונ מעזבוז איז ער גוואר גוורן אונ אין דעם בריף איז גשטנן אז מען האט זיי פריער גרויסו יסורים אן גטאן עס איז גוועזן אום ערב שבת איז דער בעש"ט זייער אומעדיג גוועזן אז ער איז גקומון אונ מקוה אריין האט ער זייער גוויינט אונ דר מקוה אונ ער האט זוך גשטעלט דווינן מנחה מוט גרוס ציטרניש זיי הבן גמיינט אז עס וועט קומען צוא קבלת שבת וועט ער הבן שמחה אבער ער הט מקבל שבת גוועז מוט ציטרניש אין הט גמכט קידוש מוט גוויין ער הט זיך גזוימט איין רגע ביי דעם טיש איז ער אוועק גגאנגון אונ זיין הדר ווי ער שלאפט אונ הט זוך גיליגט אויף דער ערד אונ שטיבול צו שפרייט איז ער אזו גלעגן גאנץ לאנג מען הט אוך אום זייער לאנג גווארט דו אורחים אונ דם הויז גזינד אונ זיין ווייב איז צוא אום גקומון אונ שטיב אריין אונ זגט אום דו לעכט וועלון שוין אויס גיין זגט ער צו איר לאזן זיי אפ עסון אונ לזן זיי אוועק גיין איז גקומן הרב ר' דוד מקראטשוב אין הט זוך גשטעלט ביי דער טור ער זאל זעהן ווס דער סוף וועט זיין ווארום אין דער טור איז גוועזן איין שפלט איז ער זייער מיד גווארון שטייענדיג עס הט זייער לאנג גדוערט האט ער גנומען אבענקול אונ גשטעלט ביי דר טור אונ הט זוך גזעצט נעבן דער טור ער זאל ווייטור זעהן דעם סוף ווס דא וועט זוך טאן עס איז גקומען ארום הלבו נאכט הט ר' דוד גהערט ווי דער בעש"ט הט גזאגט צום ווייב דעק דור צו דיין פנים אין איין רגע איז דאס שטיבול לעכטיג גווארון עס איז דורך דעם שפלט פון דער טור ארויס דו שיין הט דר בעש"ט גזגט ברוך הבא ר"ע אונ צו אלו קדושים הט ער ביי דו נעמון גזגט ברוך הבא הט דער בעש"ט גזאגט צו דו קדושים אוך בון אויף אייך גוזר אז איר זלט גיין טאן אנקמה אונ דם צורר דם סענאטאר הבון דו קדושים אום גבעטון מור בעטון אייך אז עס זאל שון נוט מער ארוס גיין פון אייער מויל דוא ווערטר אונ ווס איר הט גזגט זלט איר מבטל זיין ווארום איר ווייסט גאר נוט פון אייער כח דם איר זאלט וויסון אז איר הט מקבל שבת גוועזן איז גווארון אגרוסור רעש אונ אלו וועלטון אונ מור הבון נוט גוויסט ווס דם

בטייט

בַּמַיְיט מִיר זֶענֶען גְקוּמֶען אוּנ הֶעכֶערֶע הֵיכָלוֹת אִיז מֶען פוּן דָרטְוּן אוֹיךְ אַנְטְלָפְן גְוָוארוּן מֵחֲמַת גְרוֹס רַעַשׁ וָוס אִיז גְוֶועֶן אִין מִיר הָבְּן אַלִיץ נִיט גְוִויסְט וָוס דָס אִיז בִּיז מִיר זֶענֶען גְקוּמֶען אוּנ אַגַנְץ הוֹיבְן הֵיכָל הָט מֶען צוּ אוּנְז גְזָגְט גֵייט אַרָפּ גִיכֶער מַאכְט שְׁטִיל דוּא מְרֶערְן פוּן ר' יִשְׂרָאֵל בעש"ט הַיינְט וֶועלוּן מִיר דֶר צֵיילוּן אִיר זָלְט וִויסְן אַז אַלוּ יְסוּרִים וָוס אֵיין מֶענְשׁ הָט בַּיי זַיין לֶעבּוּן הֵייבְּט זוּךְ נִיט אָן אַקֶעגְנוּן דוּ יְסוּרִים וָוס מִיר הָבְּן גְלִיטְן אוּף קִידוּשׁ הַשֵׁם יִתְבָּרֵךְ אוּנ דֶער יצה"ר הָט אוּנְז מְבַלְבֵּל גְוֶועֶן אוּנְזֶר מַחֲשָׁבָה חָטְשׁוּ מִיר הָבְּן אוּם אַוֶועק גְשְׁטוּסוּן מִיט בַּיידוּ הֶענְד הָט עֶר פֶּרְט בַּיי אוּנְז גְמַכְט אֵיין צֵייכוּן אוּנ דֶר מַחֲשָׁבָה אִיבֶּר דֶעם הָבְּן מִיר גְמוּזְט קוּמֶען אוּנ גֵיהִנָם אַרַיין אוּיף אַהַלְבּוּ שָׁעָה לַיידֶן צַער פוּן דֶם אוּנ כָּל הַיְסוּרִים שֶׁבָּעוֹלָם וָואס מִיר הָבְּן גְלִיטֶען הֵייבְּט זוּךְ גָאר נִיט אָן אַקֶעגְנוּן דוּ יְסוּרִים וָוס מִיר הָבְּן גְהַט אוּף דֶער הַלְבּוּ שָׁעָה אִין גֵיהִנָם אַז מִיר זֶענֶען גְקוּמֶען אוּנ גַן עֵדֶן אַרַיין הָבּ מִיר גְזָגְט מִיר וֶועלוּן זוּךְ נוֹקֵם זַיין פוּן אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים הָאט מֶען אוּנְז גֶיעֶנְפֶּרְט עֶס אִיז נָאךְ נִיט זֵייעֶר צֵייט גְכ מֶן גָאר אוּב אִיר וִוילְט זוּךְ פֶּרְט נוֹקֵם זַיין תֵּיכֶף מוּזְט אִיר מְגוּלְגָל וֶוערְן נָאךְ אַבָּל אוּף דֶער וֶועלְט הָאבְּן מִיר גְזָאגְט מִיר לוֹבּוּן אוּנ דַנְקוּן הַשֵׁ"י אַז מִיר זֶענֶן בַּשְׁטַנְוּן אוּיף קִידוּשׁ הַשֵׁם אוּנ מִיר הָבְּן גְלִיטֶען גְרוֹסוּ יְסוּרִים אוּנ גֵיהִנָם אַהַלְבּוּ שָׁעָה אוּנ הַיינְט אַז מִיר וֶועלוּן מְגוּלְגָל וֶוערוּן טָאמֶר וֶועלוּן מִיר עֶרְגֶער וֶוערְן בֶּעסֶר מִיר זָלְן נִיט מְגוּלְגָל וֶוערְן דְרוּם בֶּעטְוּן מִיר אֵייךְ אַז אִיר זָלְט מְבַטֵל זַיין דִיא רֵייד וָוס אִיר הָט דָא גְרֶעט אַז מִיר זָלְן אַנְקָמָה טוּן פְרֶעגְט זֵיי דֶר בעש"ט פַר וָוס הָט מֶען מִיר פוּן דֶם הִימֶל נִיט אוֹיס גְזָגְט אַז אִיר וֶועט גַהַרְגֶת וֶוערְן עֶס הָט זִיךְ פַר קֶערְט אוּם גְוִויזְן הָאבְּן זֵיי גְזָגְט מֶען הָט אוֹיבּוּן מוֹרָא גְהַט אַז מֶען וֶועט אַייךְ מוֹדִיעַ זַיין וֶועט אִיר זוּךְ זֵייעֶר שְׁטַרְקוּן מִיט תְּפִלוֹת וֶועט אִיר מְבַטֵל זַיין דִי גְזֵירָה אָבֶּר עֶס וָולְט אַגֶרעֶסֶערוּ צָרָה גְוֶועֶן דְרִיבֶּער הָאט מֶען אַייךְ נִיט מוֹדִיעַ גְוֶועֶן :

מַעֲשֶׂה אַז דֶער בעש"ט אִיז אָן גְקוּמֶען קֵיין מֶעזְבּוּז אִיז עֶר גָאר נִיט חָשׁוּב גְוֶועֶן בַּיי דוּ חֲסִידִים בַּיי ר' וואלף קִיצֶעס אוּנ ר' דוד סוּרְקֶס מֵחֲמַת דֶעם נָאמוּן וָוס עֶר הָט זוּךְ גְרוּפֶן מִיט דֶעם נָאמוּן בעש"ט עֶס שְׁטֵייט נִיט אָן אַזוֹ אַנָאמוּן צוּ אַצַדִיק אִיז בַּיי זֵיי גְוֶועֶן אֵיין עֶרְלִיכֶר תַּלְמִיד אוּנ אַפְּרִימֶער זֵיי זֶענוּן גְגַאנְגֶן מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין צוּ אוּם הָט מֶען גְוָואלְט רוּפֶן דֶעם בעש"ט הָאבֶּן זֵיי נִיט מַסְכִּים גְוֶועֶן דֶר נָךְ אַז עֶר אִיז נָאךְ מֶער שְׁלַאפֶר גְוָוארוּן הָט ר' וואלף ור' דוד אוֹיךְ מַסְכִּים גְוֶועֶן אַז מֶען זָאל רוּפֶען דֶעם בעש"ט אוּנ זֵייא הָאבְּן אָן גְזָאגְט דֶעם חוֹלֶה אַז וָוס דֶער בעש"ט וֶועט מִיט דוּר רֵיידְן זָלְסְט דוּ אוּנְז אַלִיץ דֶר צֵיילוּן אוּנ אַז דֶר בעש"ט אִיז אַרַיין גְקוּמֶען הָט עֶר גְהֵייסְן אַז אַלוּ זָאלוּן אַרוֹיס גֵיין פוּן דֶער שְׁטִיבּ זֶענוּן אַלוּ אַרוֹיס גְגַאנְגְן נָאר אֵיינֶער הָאט זוּךְ בַּהַלְטְן הָט דֶער בעש"ט גְזָאגְט צוּ דֶעם

### סיפורי אנשי שם

בעשרייבונג פון בנימין הצדיק בִּנְיָמִין הַצַדִיק אִיז גְוֶועֶן אַגַבָּאִי פוּן צְדָקָה . אֵיין מָאל אִיז גְוֶועֶן אַגְרוֹסֶער הוּנְגֶער אוּנ שְׁטָאט אִיז גְקוּמֶען אֵיין אָרִימֶע פְרוֹיא צוּא אִים בֶּעטוּן עֶר זָאל זוּא אוּנְטֶר שְׁטִיצוּן . הָט עֶר אִיר גֶיעֶנְפֶּרְט אַז אוּנ דֶר צְדָקָה אִיז קֵיין גְרָאשְׁן נִיט דָא אָבֶּר דוּ פְרוֹי הָט אָן גְהוֹבְּן שְׁטַרְק צוּ וֵויינְן אַז זוּא וֶועט מִיט זִיבְּן קִינְדֶר שְׁטַרְבְּן פוּן הוּנְגֶער וֶוען עֶר וֶועט אִיר נִיט אוּנְטֶר שְׁטִיצֶן . הָט עֶר אוּיף אִיר רַחֲמָנוּת בַּקוּמֶען אוּנ הָט זוּא אוּנְטֶר גְשְׁטִיצְט פוּן זַיין קֶעשִׁינֶע וִוי פִיל זוּא הָט גְדַרְפְּט אֵיין מָאל אִיז בנימין הצדיק קְרַאנְק גְוָוארוּן אוּנ עֶר אִיז גְוָוארְן נָאהֶנְט צוּם

חוֹלֶה ווִיסוּן זָאלְסְטוּ אַז דוּא וָועסְט שְׁמַ־בּוּן אוּנ אַיין זַאךְ הָסְט דוּא נָאךְ נוּט פַּר רֶעכְט דַרְפִּסְט דוּ תְּשׁוּבָה טוּן דְרוֹיף אִין עֶר הָט אוּם גְזָגְט דוּא זַאךְ וָוס דָם אִיז עֶנְפֶּרְט אוּם דֶער חוֹלֶה אוּךְ הָאבּ אוּנ דָעם אֱמֶת גְוָואלְט פַּר רֶעכְטוּן אָבֶּר וָוס קָאן אוּךְ הַיינְט טוּן זָאגְט דֶר בעש״ט צוּ אוּם זָארְג דִיךְ נִיט אוּךְ וֶועל זֶעהְן אַז דוּ זָאלְסְט הוּרְךְ דֶם קֵיין עִיכּוּב נִיט הָאבּוּן אוּנ אוּךְ וֶועל דוּךְ אַרַיין בְּרֶעגְן אִינ ג״ע נָאר דוּ זָאלְסְט פַּר קֵיינֶם נוּט מְגַלֶה זַיין וָוס אוּךְ רֵייד דָא מוּט דוּר אוּנ דֶר בעש אִיז פוּנְאוּם אַוֶועק גְגַנְגוּן הָבּוּן זֵיי גְפְּרֶעגְט דֶם חוֹלֶה וָוס הָט דֶר בעש״ט גְרֶעט מוּט דוּר הָט עֶר נוּט גְוָואלְט אוּס זָאגוּן הָט זוּךְ אָן גוּרוּפוּן דָם יוּנְגוּל אוּנ הָט זֵיי דֶר צֵיילְט וָוס דֶר בעש״ט הָט מוּט אוּם גְרֶעט הָבּוּן זֵיי גְפְּרֶעגְט דֶם הוֹלֶה אוּבּ עֶס אִיז אֱמֶת וָוס דָם יוּנְגוּל זָאגְט הָט עֶר גְזָאגְט עֶס אִיז אֱמֶת אוּז זֵייא אַיין גְרוֹסוּ תְּמִיָה גְוֶוען וִוי קוּמְט עֶר צוּ וִויסוּן וָוס אוּבֶן טוּט זִיךְ אוּנ וֶוער עֶס וֶועט זַיין אִין ג״ע דְרוּם הָאבּוּן זֵיי גְבֵייט דֶם הוֹלֶה אַז עֶר זָל זֵיי גֶעבּוּן תְּקִיעַת כַּף אַז עֶר זָאל קוּמֶ זָאגִין וָואס מוּט אוּם וֶועט זוּךְ טוּעֶן נָאךְ זַיינְטוּט. נָאךְ זַיין טוּט אוּז עֶר גְקוּמֶן אוּנ הָט זֵייא גְזָאגְט מֶען הָט אוּם אַרַיין גְבְּרַאכְט אוּנ גַן עֶדֶן וִוי דֶר בעש״ט הָאט גְזָאגְט:

מַעֲשֶׂה עֶס אִיז גְוֶוען אַמְלַמֵד עֶר הָט גְהֵייסֶן ר׳ מֹשֶׁה עֶר אִיז גְוֶוען אֵיין גָדוֹל בַּתּוֹרָה דֶר בעש״ט אִיז בֵּיי אוּם גָאר נוּט חָשׁוּב גְוֶוען אוּנ זַיין מִנְהָג אִיז גְוֶוען עֶר פְּלֶעגְט צוּ שִׁיקֶן אֵיין שָׁלִיחַ גְוָואר וֶוערְן אוּבּ מֶען הַאלְט שׁוֹן נָאוּנְט צוּ בָּרְכוּ פְּלֶעגְט עֶר קוּמֶן דַאוִוינוּן אַמָל אִיז אוּם זֵייעֶר הַארְבּ גְוֶועז אֵיין תּוֹסְפוֹת בְּמַסֶכֶת שְׁבוּעוֹת צְווֵיי וָואכוּן אִיז עֶר גְשְׁטַאנֶן אוּבֶּר דֶם תּוֹסְפוֹת אוּנ הָט נוּט קֶענוּן קוּמֶן אוּף דֶעם פְּשַׁט אַמָל הָט עֶר גְזֶעהְן אוּנ חָלוֹם אַז עֶר אִיז אַרַיין גְקוּמֶן אוּנ אֵיין הֵיכָל הָט אוּם דֶר בעש״ט גְזֶעהְן אוּנ צוּ אוּם גְזָאגְט פַּר וָוס קָאנְסְטוּ נוּט דֶעם פְּשַׁט פוּן דֶם תּוֹסְפוֹת אוּנ הָט אוּם גְזָגְט אַזוֹ אִיז דֶר פְּשַׁט הָט עֶר זוּךְ אוּף גְהַאפְּט פוּן דֶם שְׁלָאף אוּנ הָט גֶדֶענְקְט דֶם פְּשַׁט אוּנ עֶר אִיז בַּלְד אוּף גְשְׁטַאנוּן אוּנ הָט גְנוּמֶן דוּ גְמָרָא אוּנ הָט אַרַיין גְקוּקְט אוּנ תּוֹסְפוֹת אוּנ הָאט גְזֶעהְן אַז דָר פְּשַׁט אִיז זֵייעֶר גוּט הָט עֶר זוּךְ גְטְרַאכְט טָאמֶר אִיז דָם אַהָלוֹם אוּנ דֶער בעש״ט ווַייסְט דֶר פוּן גָאר נוּט עֶס אִיז גְקוּמֶען צוּ שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת הָאט דֶער בעש״ט גְשׁוּקְט נָאךְ דֶם מְלַמֵד רוּפֶן אוּנ הָט גְזָאגְט צוּ אִים דֶר פְּשַׁט פוּן תּוֹסָפוֹת אִיז רֶעכְט הָאט עֶר שׁוֹן גְוִויסְט אַז דֶער בעש״ט הָט אוּם גְזָאגְט אוּנ אִיז מוּט אוּם מְקוֹרָב גְוָורוּן אוּנ אִיז גְוָורוּן אַצַדִיק גָמוּר:

מַעֲשֶׂה אַז הָרַב הַגָאוֹן הֶחָסִיד ר׳ יְחִיאֵל אִיז גְוָורוּן הוֹרָאדְנֶר רַב אִיז דֶר בעש״ט מִיט אִים גְפָארוּן אַז ר׳ יְחִיאֵל אִיז גְפָרוּן אוּף דֶם רַבָּנוּת אוּנ וֶועג דָאנֶרְשְׁטָאג אוּף דֶר נַאכְט זֶענוּן זֵיי פַּר בְּלָאנְזִיט גְוָורוּן אוּנ עֶס אִיז זֵייעֶר פוּנְצְטֶר גְוֶוען אוּנ דֶר בעש״ט אִיז אַרָפּ גְגַאנְגוּן פוּן דֶם וָואגוּן זִיבֶּן דֶם וֶועג אוּנ הָרַב ר׳ יְחִיאֵל אִיז אוּךְ אַרָפּ גְגַאנְגוּן פוּן דֶעם וָואגְ הָט עֶר אָן גְטְרָאפוּן וִוי דֶר בעש״ט אִיז גְלֶעגוּן אוּף דֶר עֶרְד אוּנ דָאז גְווֵיינְט אַז מֶען זָאל נוּט מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין הָט ר׳ יְחִיאֵל גְזָגְט צוּ זַיינוּ לַייט זֶעהְט נָאר דָם צִדְקוּת פוּן אוּם אַז עֶר ווַיינְט אַזוֹ שְׁטַארְק אוּנ בֶּעט עֶר זָאל נוּט מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין אוּנ אַלֵיין ווִיל עֶר זוּךְ נוּט הֶעלְפֶן אַז זֵיי זֶענִין גְקוּמֶן קֵיין הוֹרָאדְנֶע הָט הָרַב ר׳ יְחִיאֵל גְדַרְשֶׁת דוּ עֶרְשְׁטוּ דְרָשָׁה אוּנ דָארְטִין אִיז גְוֶועז אַגְרוֹסֶר לַמְדָן עֶר הָט אָן גְהוֹבֶּן מִיט דֶעם רָב מְפַלְפֵּל זַיין אוּנ דֶר דְרָשָׁה הָט דֶר רָב גְבֶּעטְן אוּם עֶר זָאל ווַארְטֶן אוּף שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת וֶועט עֶר אוּם פַּאר עֶנְפָרוּן דוּ קַשְׁיוֹת אוּנ דֶר דְרָשָׁה אַז עֶס אִיז גְקוּמֶן צוּ שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת אוּנ דָארְטֶן בַּיי קָהָל אִיז פַּר הַנְהָגֶן אַבַּאזִינְדֶרוּ שְׁטוּבּ וָוס מֶען מַאכְט אַגְרוֹס שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת אַז

מען נעכט אין רב זענן געוועזן אגרוס עדה וחשובים אונ דר ר' מיכל דיין הט זוך געזעצט נעבן דם רב א"נ ר' וואלף קיצס ווס איז אויך גפרן מוט דם בעש"ט הט זוך געזעצט אונ עק טיש זגט דער בעש"ט אויך האב פיינד אין עניו זען דוך דא מוט אונז הט דער רב אן גהובן צו זאגן די דרשה אונ דער ר' מיכל הט זוך מפלפל געווען מוט אום הט זוך ר' וואלף קיצס אן גרופן אונ האט זוך מפלפל געווען מוט דם ר' מיכל אונ הט אום מנצח געווען נר דער ר' מיכל הט זוך זייער גשפארט מוט קרומע סברות הט שון דר בעש"ט אן גהובן צו בעטן זייט מוחל נוט מבלבל דעם טוש זענען זיי שטול געווארן נאך שבת זענען זיי גפרן אויף אברית מילה דר בעש"ט אונ הרב ר' וואלף קיצעס הט זוך ר' מיכל אויך גשפארט צו פארן מיט זיי אויף דם ברית הט ר' מיכל אן גהובן צו רעדן בחכמת התכונה ער הט זוך גטראכט ווער וועט אים דר צו אריין רעדן הט זוך ר' וואלף קיצס אן גרופן אונ דר חכמת התכונה ער הט אום גוויזן ער איז אונ דעם מיין חכם איידור ער רופט זוך אן ר' מיכל עס איז אחידוש אחסיד זאל דם קענון איידר דר בעש"ט איז אוועק גפרן הט ער מורא גהאט אז דר ר' מיכל זאל נוט מצער זיין דעם רב ר' יחיאל ער וועט אום מבזה זיין פר דעם עולם מוט זיינע אונ מוט זיינו פאלשו סברות הט דר בעש"ט אזו גומאכט אז ר' מיכל חט גר פר געסן דם לערנון ער עפונט דם ספר אונ קאן גאר נוט הט ער גמיינט דר קאפ איז עפוס נוט קלאר ווייל ער הט מער גטרונקן הט ער פר מאכט דם ספר אונ הט גורייכרט אלולקו אונ הט זיך גלייגט שלאפין בוז אונ דר פרו איז ער גקומון דאווינון הט ער גוולט לערנון דם שיעור ווי זיין סדר איז ווי ער עפונט דאס ספר אונ וויל לערנון קאן ער גאר ניט דרונן הט ער שון גוויסט אז דם איז ווייל ער הט פר שעמט ר' יחיאל אונ איז תיכף גפארין צום בעש"ט מיט גרוס הכנעה אונ הט גבעטן דם בעש"ט אז ער זל אום אום צוריק געבן זיין תורה דט אים דער בעש"ט גשטראפט א"נ זאגט אום פון דעסט וועגון הט הש"י געגעבון די תורה צו ישראל אז מען זאל זוך מפלפל זיין מען זאל יענום מנצח זיין. הט ר' מיכל אויף זוך מקבל געווען ער זאל דם שוין ווייטער נוט טון אונ איז גווארון איין ערלוכר יוד :

**מעשה** איינר איז ר' אליהו פון סקלובקו ער איז גוון איונגר מאן הט ער גהערט אמאל פון דעם בעש"ט ווער עס וויל זיין תפלה זל ארויף גיין זל דאווינון מיט אום ווארט ביי ווארט דר ר' אליהו טוט אזו אונ הט זוך אמל גשטעלט דאווינון מוט דעם בעש"ט איז גקומן צו די ווערטער שקר הסוס לתשועה הט ער דם גוזאגט עטלוכו מאל מיט גרוס כוונה אונ מוט גרוס שהיות הט ער אריין גקוקט אין דעם משנת חסידים זעהן אוב עס איז דא אויף דעם כוונות הט ער גזעהן עס שטייט דרויף קיין כוונות נוט ווייל עס הט לאנג גדוערט דם בעל שמס זאגון דוא עטלוכו ווערטר הט ר' אליהו אוועק גווארפן צו דאווינון מיט דעם בעש"ט ווארט ביי ווארט אונ ער הט זוך גדאווינט ווייטר

סיפורי אנשי שם

שטארבין איז גקומן די ארימע פרוי אונ הט אן גהויבען צו שרייען צוא גאט . רבונו של עולם דער ווס איז מקיים איין נפש פון ישראל איז גלייך ווי מען הלט אויף דיא גאנצו וועלט אונ בנימין הצדיק הט מוך ערנערט מוט מיינו זיבן קינדר פר ווס זאל ער שטארבן . הט גאט דוא תפלה צו גיהערט אונ בנימין הצדיק הט נאך גילעבט צוויי אונ צוואנציג יאר :

אמל איז ר' אליהו אריין גקומען צום בעש"ט פרעגט אים דר בעש"ט פר וואס הסטו איך גהערט מיט מיר צו דאווינן אזו הט ער אים גענפרט ווייל איר האט דעם פסוק גזאגט פול מאל זאגט דער בעש"ט די מעשה איז אזו איינער הט זיך פר שפעטיגט אום פרייטאג און איז שבת גבליבן און פעלד איז גוואר גווארן אגזלן אז איהודי איז אין פעלד שבת הט ער גנומען אפערד צו רייטן צום יהודי מוט דעם וואס איך הב מכוין גוועזן און פסוק שקר הסוס לתשועה איז טייטש עס איז לוגינט אז אפערד זאל העלפן מוט דעם הב איך דם גזלן דם וועג פר דרייט ער הט אגנצו טאג גבלאנזוט בוז דר יהודי איז שבת צו נאכט פון דם ארט אוועק גפארן:

מעשה אמל זאגט דער בעש"ט צו זיינו לייט נאך שבת ווי זיין סדר איז ער זאל אוף מוצ"ש זאגן וואס ער האט גזעהן אום שבת זגט ער עס איז מיר אהידוש פרייטאג צו נאכט הב איך נוט גזעהן ר' גרשון אין א"י איך הב אום גזוכט און גאנץ א"י און איך הב אום נוט גפונן און מארגון שבת פרו הב איך אום שון יא גזעהן און עטליכו יאר איז ר' גרשון גקומען פון א"י הט ער דר ציילט די מעשה מען הט אום מכבד גוועזן מוט מצות מילה און עכו און דרטון איז דא צוויי שולן איז איין שוהל און חוץ לארץ און איינו איז ארץ ישראל הב איך גדאווינט אום פרייטאג צו נאכט און דר שוהל פון חוץ לארץ דר נאך הט מור דם הארץ ווי נעמון פר וואס הב איך נוט גדאווינט און און דר שוהל פון ארץ ישראל בון איך שון מארגון גקומען דאווינון און שוהל פון ארץ ישראל דרוובר הט אור מוך נוט גזעהן פרייטאג צו נאכט און ארץ ישראל:

מעשה הרב ר' מיכל זלאטשובר מגיד איז אמל גוועזן ביי דם בעש"ט פרייטאג און דר פרו זגט דר בעש"ט צו אם פאר אהיים הט ער זוך נוטרכט ווי וועל איך היינט נעמון היינט אום ערב שבת אפור און איז גקומען און ביהמ"ד אריין דאווינון און הט מעביר גוועזן דו סדרה עס איז גקומען צום אן בייכן דו אורחים זלון עסון הט דם בעש"ט ווייב גפרעגט ווי איז ר' מיכל האט מען גזגט דר רבי הט אום גהייסן אהיים פארון הט זו געשוקט און ביהמ"ד אריין אום רופון איז ער גקומען הט דר בעש"ט גזגט זעץ דוך עסון זלסט תיכף אהיים פארון דו וועסט הבון אפור אהיים ווי ער הט אפ גוגעסון איז ער גקומען ארום הט ער גזעהן איינור שטייט מוט אוואגון פרעגט א"ם ר' מיכל פון וואנען בוסט דו זאגט ער פון אלוק איך פאר אהיים און אלוק פון מעזבוז איז זיבעצין מייל פרעגט אום דר בעל עגלה ווי וועלן מיר שבת הלטון זגט ר' מיכל ווי עס וועט אום קומון הט ער גדונגען דעם בעל עגלה און ער איז גקומען צום בעש"ט גזעגנען זוך זאגט דר בעש"ט צו אים די וועסט קומן אהיים וועסטו טרפון דיין ווייב גייט שווער צו קונד זאלסט אלו ווייבער אוועק טרייבון און דו זלסט איר איין רוימען און אוד אויער וועט זוא



בעשרייבונג פון הלל הזקן הלל איז גוועז פון בבל גקומען איז ער קיין ירושלים גאנץ ארום און דער צייט זענן גוועזן דוא ראש הסנהדרין שמעיה און אבטליון זיי האבן גמאכט אתקנה מעז זאל הלטון צוא גישלסען דם ביהמ"ד איז גשטנן אוועכטער ביי דער טור און הט קיינום נוט אריין גילאזט הלל הט גמוזט ביי טאג ארבייטון דוא העלפט הט ער גהאט פר זוך צום עסון. דוא צווייטע העלפט הט ער גגעבון דעם וועכטר ער זאל אום אריין לאזון און דעם ביהמ"ד איין מאל האט הילל דעם טאג נוט פר דינט האט דער שומר אום נוט אריין גילאזט און

האבן דאס קונד גיך דער ר׳ מיכל אוז
אַוועק גפָרון אונ גקומֶי אַהיים צוויי
שָׁעה פַר נַכְט אונ עֶס איז אַזוֹ גווען ווי
דער בעש״ט האָט גזאגט אונ זוא האָט
גהאט אַזְבַר דאס איז גווען ר׳ יוסף
מַאמְפֶּעלֶע ז״ל :

מעשה דער בעש״ט איז גפרון אונטער
וועגינס אונ איז גקומן אונ אַדאָרף וואס
דער רענדר איז גווען פון זיינו לייט האָט
ער גמַכְט פון זיינוט וועגן אַסעודה דער
ווייל האָט ער גרעט מיט דעם רענדר ווי
עס פירט זוך מיט אים וועגן דר פַּרְנָסָה
זאָגט ער או בון אונ גמיינעם שטייגער
פרעגט אים דר בעש״ט דו האָסט עפּים
גוטע פערד זאָגט ער יא זאָגט דר בעש״ט
לאָמיר גיין אונ שטאל אַריין זעהן דיינו
פערד וועגן זיי גנגנון אוז דעם בעש״ט
גיפעלן אַקליין פערדיל אונ בעט אים ער
זאָל עס אים שענקן זאָגט ער דם קליינע
פערדל איז ביי מור זייער חשוב ווָרוּם עס
גישטייט פַר דריי פערד אויף דעם אֶרְט
ווי דריי פערד קענון נוט אַר״ים שלעפּין
שלעפט ער אַרוּים עס האָט זוך שון כַּמָה
פְּעָמִים גיטְרָפן אַז אור ווילט איין אַנְדֶר
פערד דם בעסטו וועל אוך אייך שענקין
דר בעש״ט האָט זוך נוט וויסענדיג גמַכְט
איזעט ווייטער אונ אַשָׁעה אַ״וּם מכח זיין
מַעֲמָד אויב ער האָט עפּוּס חובות זאָגט ער
איך הָב חובות ביי פול מענְשְׁן זאָגט דר
בעש״ט אוך בעט דוך דו זָלְסְט מור ווייזן
די שטרֵי חובות ווייזט ער אים האָט דר
בעש״ט דר זעהן איין שטַר חוב זאָגט ער
צו אים אוך בעט דוך שענק מור דם שט״ח
זאָגט דער רענדר רבי וואס טויג אייך דר
וואס איז גיהתמת אויף דם שט״ח איז שון
לאַנג טוט אונ עס איז גאָר נוט גיבליבן
פון אים צו צָלן זאָגט ער אוך וויל פרט
די זָלסט מור שענקן דעם שט״ח האָט ער
אים גישענקט האָט גנומען דער בעש״ט
דם שט״ח אונ ער האָט אים צו רוסן אי״ף
שטיבר אונ האָט דם מת מוחל גוועזן דם
שט״ח דר נאָך זאָגט דר בעש״ט צום רענדר
גיי זעה נאָר וואס טוהט דם קליינו פערדל
ווי ער גייט זעהט ער דם פערד איז טוט
דער רענדאר האָט פר שטאַנ דאס איז
בוודאי גוט אומזיסט האָט דר בעש״ט אים
גזאָגט דר מענש וואס איז דור שולדיג דם
שט״ח האָט מען אובון גיפסקת ער זאָל
דיר אָפּ אַרבייטן פַר דם געלד מיט נחת
רוח וואס ער וועט דיר נחת אָן טון איז ער
מגולגל גוואָרן אונ דם פערד דרום האָט
ער דיר גרוס נחת רוח אָן גטון אונ אַז דו
האָסט מור גשענקט דעם שט״ח אונ אוך
הָב אים מוחל גוועזן דעם חוב איז ער
שון פריי גוואָרן דרום איז דם פערדיל
גיפגרת ער איז אַרוּם פריי :

מעשה דר בעש״ט איז אַמָל גיוועזן אונ
פולנאַי אונ דר אַלטער שטאָט איז ער
גיפאָרון אויף דער נייַ שטאָט אונ האָט
דרזעהן דם בית החיים פון דער נייא
שטאָט האָט דער בעש״ט דר זעהן אויף
אַקבר איין אור גדול איז ער גגנגנו זעהן
דם קבר איז אויף דער מַצֵבָה גישריבון
משה עבד ה׳ זאָגט דר בעש״ט גענבון אום
וועט לוגנון ר׳ דוד אונ דר נייַ שטאָט איז
גווען איינור מען האָט אים גרופען ר׳ דוד
פרקוס ווי ער האָט דם גיהערט פון דעם
בעש״ט האָט ער זוך דר שרָקון וורוּם ער
האָט גמיינט אַז דר בעש״ט מיינט אַז ער
וועט שטַרבּן זאָגט דער בעש״ט צו אים
שרעק דוך נוט אוך מיין גוט דוך דו בוסט
גיט דער דוד וואס אוך זאג אַז עס איז גווען
צוועלף יאָר נאָך דם בעל שמם טוט איז
גקומון הרב מוהר״ר דוד פורקס קיין
פולנאַי אויף שבת חזון אונ דער אַלטו
שטאָט איז ער גפָרן צום פולנאיר רב אונ
ער האָט רְשות גנומון ביי דם רב אַז ער
זאל



ביהמ״ד איז ער אַרוף אוי׳ דעם דאַך אונ האָט דעם קאָפּ אַריין גיליינט אונ פענסטער צו הערון תורה פון שמעיה אונ אבטליון דם איז גווען אונ מ׳טען ווינטער . דריי
איילן

זָל הַלְטְן שַׁבָּת אוּנ דר נַייֶער שְׁטָאט הָט עֶר נִיט גִּטְרָפִין דֶעם מַגִּיד פוּן דֶר נַייֶער שְׁטָאט הָאט עֶר שַׁבָּת גְּהַלְטוּן אוּנ דֶער נַייא שְׁטָאט אוּנ מַגִּידִם שְׁטִיבּ הָאט זוּךְ ר׳ דוד פַר וִוינְדֶערְט גַנְץ שַׁבָּת וָוס מִוּ אוּךְ דָא אַז דֶר מַגִּיד אוּז נִיט אוּנ דֶר הַיים אוּךְ בִּין דָאךְ נִיט גִקוּמֶן אַהֶער נָאר זֶעהֶן מוּךְ מִיט דֶם מַגִּיד הַיינְט אוּז עֶר נִיט דָא אוּנ אוּךְ בִּין פָּרְט גִיבְּלִיבּוּן דָא שַׁבָּת הַלְטוּן מוֹצָאֵי שַׁבָּת וָוס אוּז גְוֶוען תִּשְׁעָה בְּאָב אוּז עֶר שְׁלַאף גְוָוארוּן הָט עֶר גְרוּפוּן דוּא חֶבְרָה קַדִּשָּׁה אוּנ הָט זֵיי צְוָואָה גִילָזְט אַז מֶען זָאל אוּם לֵייגוּן בַּיי דֶעם קֶבֶר וָוס אוּף דֶר מַצֵּבָה שְׁטֵייט מֹשֶׁה עֶבֶד ה׳ אוּנ אוּז מָרְגִן אוּם זוּנְטָאג בְּיוֹם תִּשְׁעָה בְּאָב נִפְטַר גְוָורִן אַז דֶר עוֹלָם אוּז גִקוּמֶן אוּף דֶם בֵּית הַחַיִּים הָבּוּן זֵיי זוּךְ גִחִידוּשְׁת ווי עֶר הָט גִיטְרָפוּן אִיז דָרְטְן גִוֶוען דוּ מוּטֶר פוּן דֶם מוֹכִיחַ אַזְקֵנָה הָט זוּא זוּךְ דֶר מַנְט אַז זוּא הָט גְהֶערְט פוּן דֶעם בעש״ט אַז דֶר בעש״ט הָט גְזָאגְט דָא וֶועט לוּגֶען דוד בַּיי דֶעם קֶבֶר הָבּן זֵיי גְזֶעהֶן אַז דַעם בַּעַל שֶׁמְס רֵייד אוּז אֱמֶת:

מעשׂה אֵיינֶר אוּז גִפָרוּן צוּם בעש״ט אוּיף יוֹם כִּפּוּר אוּז עֶר גִפָרוּן דוּ נַאבִּ וָואס גְהֶער צוּ עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר אֵיין נַכְט כְּדֵי עֶר זָאל אָן קוּמֶן צוּם בעש״ט אוּיף יוֹם כִּפּוּר עֶר אוּז גִקוּמֶן אַמַייל פוּז מֶעזְבּוּז אַז עֶם אוּז טָאג גְוָורִן הָט עֶר זוּךְ גִטְרַכְט עֶם אוּז דָאךְ שׁוּין וָגְהִינְט פוּן דֶר שְׁטָאט מֶעזְבּוּז אוּנ דֶם פֶערְד אוּז אוּךְ מִיד אוּךְ וֶועל מוּךְ דָא שְׁטֶעלוּן אוּנ פֶעלְד דַוִוינְן אִין דֶם פֶערְד וֶועט זוּךְ אָפּ רוּעֶן נָאךְ דֶם דַוִוינוּן אוּז עֶר זֵייעֶר שְׁלֶפְרִיג גְוָוארִן הָט עֶר זוּךְ גְלֵייגְט שְׁלָאפוּן אַז עֶר שְׁטַארְק אַנְשְׁלָפִן גְוָורוּן אוּיף אַגַנְצוּ טָאג ווי עֶר חַפְּט זוּךְ אוּף פוּן דֶם שְׁלָף זֶעהְט עֶר עֶם אִיז שׁוּן בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת מֶען טָאר שׁוּן נִיט פָאָרוּן הָאט עֶר זוּךְ מְצַעֵר גְוֶועזְן ווי פוּל יְגִיעוֹת עֶר הָט גְהַט כְּדֵי עֶר זָאל קוּמוּן צוּם בעש״ט אוּף יו״כ אוּנ הַיינְט מוּז עֶר הַלְטוּן יו״כ אוּף דֶם פֶעלְד נִיט וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאט אוּנ הָט גְוֵיינְט אוּנ גְשְׁרִיגְן אַגַאנְצוּ נַאכְט אוּנ אַגַנְצוּן טָאג אַז עֶר הָאט דֶם גְטוּן מִיט זַיין פְּשִׁיעָה אוּנ אַז עֶר אוּז גִקוּמוּן צוּם בעש״ט הָט עֶר גְמַכְט פוּן דֶעם אַגְלֶעכְטִיר אוּנ הָט גְזָאגְט עֶר אוּז נִיט שׁוּלְדִיג מֶען הָט אוּם אַזוּ פוּן אוּבִּן גִינֵייט אַז עֶר זָאל בְּלַייבּוּן אוּנ פֶעלְד יו״כ כְּדֵי עֶר זָאל מַעֲלָה זַיין אַלוּ תְּפִלּוֹת וָוס אוּנ פֶעלְד:

מעשׂה אוּנ אַלְט קָאסַנְטִין אוּז גְוֶוען אֵיינֶר הָט קֵיין קוּנְדֶר נִיט גִיהַט אוּנ אוּז גְוֶוען מְקוֹרָב צוּם בעש״ט אוּנ אוּז עֶטְלִיכוּ מָאל גְוֶוען בַּיי דֶם בעש״ט מִכֹּחַ קִינְדֶר אַמָּל הָט אוּם דֶר בעש״ט מַבְטִיחַ גְוֶוען אַז עֶר וֶועט הָבְּן אַבֶּן זָכָר אוּנ הָט גְהֵייסְן זִיךְ מוֹדִיעַ זַיין אַז דֶם קִינְד וֶועט גְבָּרוּן וֶוערוּן ווי דָאס קִינְד אוּז גְבָּרוּן גְוָוארוּן אִיז עֶר גִקוּמֶן צוּם בעש״ט עֶר הָט גְמֵיינְט עֶר אוּז מְבַשֵּׂר אַבְּשׂוֹרָה דֶם בעש״ט עֶר וֶועט הַנָּאָה הָבִּן וָוס זַיין וָורְט אוּז מְקוּיָּם גְוָוארֶן אָבֶּר דֶר בעש״ט הָט זוּךְ פְרִיעֶר אַיין גְהַלְטְן פַר אוּם אוּנ הָט אָן גְהוֹבּוּן שְׁטַרְק טְרֶערוּן לָאזְן הָט זוּךְ דֶר פָּטֶר דֶר שְׁרָקוּן אוּנ פְרֶעגְט אוּם וָוס וַויינְט אוּר הָט עֶר אוּם גֶענְפֶערְט אוּךְ זָעה אַז וֶוען דָאס קוּנְד וֶועט זַיין בַּר מִצְוָה וָועט עֶר דֶער טְרִינְקוּן וֶוערוּן נָאר עֶם אוּז פַאר הַאנְדְן אֵיין תַּקָּנָה דְרוּף מֶען זָאל אוּם דֶעם טָאג הִיטֶן שְׁטַרְק מֶען זָאל אוּם נִיט לָאזוּן דֶעם טָאג גֵיין צוּם וַוסֶער קֶען עֶר נִיצוֹל וֶוערוּן אַבִּי דֶער טָאג זָאל נָאר אַוֶועק גֵיין אוּךְ הָבּ מוֹרָא דוּ וֶועסְט בּוּז זַיין בַּר מִצְוָה פַר גֶעסוּן דוּ זַאךְ וָוס אוּךְ זָאג דוּר אֵיין סִימָן זָאג אוּךְ דוּר אַז דֶם טָאג פוּן זַיין בַּר מִצְוָה וֶועט עֶר אָן טָאן צְוֵויי זָאקוּן אוּיף אֵיין פִּים אוּנ וֶועט זוּכֶן דֶם אַנְדֶערְן זָאק בְּכֵן בּוּן אוּךְ דוּר מַזְהִיר דִי זָלְסְט אוּם הִיטֶן דֶם טָאג אוּנ אַז נִיט וֶועט עֶר בְּוַדַּאי דֶר טְרוּנְקִן וֶוערוּן בְּכֵן זָלְסְטוּ מַזְהִיר זַיין דַיין וַוייבּ אוּנ דַיין הוּיז

גזינד אז זיי זאלין דם גדענקין עס הט גהערט אזו אציט בוז דרייצין יאר איז פר געסין גוו ריין דוא מעשה פון דעם קינד און פון אלו הויז גזינד עס איז גקומן דעם טאג אז דם קונד איז גווארן בר מצוה איז דר פאטר גגנגין און שול אריין און דר פרי און זיין זוהן דר וואס איז גווארין בר מצוה הט ער אום גלזט שלפין אז דער פטר איז גקומין אהיים הט ער געזעהן ווי זיין זון דער בר מצוה זיכט עפוס פון איין ווינקעל צום אנדרן ווינ־יל פרעגט ער אום וואס זוכסטו זגט ער איין זאק אוך ווייס נוט ווי ער איז אהין גקומן נוא ווי דר פטר גיט א בליק גייט ער צוויי זאקין אוף איין פוס האט זיך דער פטר דר מנט און די רייד פון בעש"ט און הט אז גהויבון צו הוטון אום ער זאל נוט גיין צום טייך און דם טאג איז גראד גוועזן איין גרוס הויץ און יאר דער עולם איז גקומען באדון זוך און וואסער און דם קינד הט זוך ארום גחפט פון דער שטיב און ער איז גילפון צום טייך הט מען דם דר וולט איז מען אום נאך גלפון מען האט אום גהפט איידר ער איז אן גקומען צום טייך און דער פטר הט געזעהן אז עס שלעפט אום דוקא צו לופון צום טייך הט ער אום גנומן אין הט אום פ שלסון און אהער גאר אליין מיט אגוטן שלם און הט דם שליסל ביי זיך גהלטון און הט קיינום נוט גוולט גטרויען דם שליסול דם קונד הט זייער גשריגון אגנצון טאג פאטר הב רחמנות עס איז מור זייער היים לאז מוך גיין בדין אין ער הט גשריגון ער איז דרשטיג הט ער מורא גהאט צוא געבון אום אפילו אטרונק וואסר ווארום ער הט מורא גהט כמר וועט ער זוך מוט דעם וואסור דר וואר גן אז עס איז גקומ נאך מנחה איז דער עולם גקומן צום וואסור באדון זוך פון דער גרוסור הויץ וואס עס איז גוועז אגנצונטאג איז גוועזן איין עולם ביי דם טייך האבון זייא געזעהן ווי עס איז ארום גקומון אגשטלט פון איין קאפ מוט צוויי הענד אוף דעם טייך און הט גזגט ויינר איז נוט דא אזו האבון אלי געזעהן און גהערט נאך דעם הט שון דער בר מצוה יונג אויך גהערט חשק האבון לופון צום וואסור און איז אנשלפון גווארון און די ביזע גזרה איז בטל גווארון אז דר טאג הט גפעלט אזו ווי דר בעש"ט הט גזגט אין דם קינד איז מגודל גוורון מוט אלעם גיטם עס איז אום שון אהאר נוט גקרימט גיווארון :

דוא מעשה האבן מור גהערט בשם הרב הקדוש מנחם נחום מטשערנביל זצ"ל :

ניט ווייט פון מעזבוז איז גוועזן איינר אלמדן מופלג איין עושר און פלעגט צו הנדלן קיין לייפסק ער הט פון כמה שנים נאך דר חתונה קיין קינדר נוט גהט און הט נוט גוואלט פרון צום בעש"ט אמל הט ער גדרפט פרן קיין מעזבוז און איז איין גשטנן ביי זיין גוטן פריינד וואס זיי הבן זייער וואל גלעבט ביי אנאנדר הבוי זוך איינר דם אנדרן שלום געבון אין הבן איינר דם אנדרן גפרעגט ווי עס פירט זוך מוט משא ומתן הן און אנדרו זכון דר סוחר דר ציילט ער הט קיין שום קינד נוט גהט פון דר חתונה אן זגט אום דר בעל הבית פון מעזבוז פר וואס גייסטו ניט צום בעש"ט כמה וכמה לייט פרון צו אים און דו ווילסט נוט היינט ביסט דו דא קום מוט מור לאמר גיין צום בעש"ט וואס וועסטו אן ווערון איך וועל אום בעטון אז ער זאל זוך מתאמץ זיי פון דיינוט וועגן דר הט אום נוט גקנט מעיז זיין און איז גקומן מוט אום צום בעש"ט הט אום דר



אײלן שניי איז איף אום אז גפ־ן ער איז שון כמעט גלעגן אן איין נשמה און דער פרי זענן גקומן שמעיה און אבטליון האבן זיי גזעהן אז עס איז טינקיל הט

בעש״ט גזָגט אַז דו וועסט מוּז פָּלְגן. וועט דיין וַוייבּ הָאבּן היינטוּגס יָאר אַזָכר דו זָאלְסט אַוועק וַוארְפִין דיין האַנדל אוּנ זָלְסט פַר קוּפוּן דיין סְחוֹרָה אוּנ יָאלְסט דִינְגן דו רַאנְדו בּיי דַיין שְׂרָרָה אוּז אוּם דו רייד נִיט אַריין גגַנגן וָרוּם עֶר וַוייסְט וואל עֶם אוּז ש ין פּוּפְּצֶען יָאר אַז עֶר הַאלְט נִיט קיין יְהוּדִי בּיי זוּך אִין זַיינוּ דָערְפֶּר עֶר הָט זִיךְ גְטְרַכְט עֶר אוּז אוּם נָאר מַדְחֶה מִיט רייד אַז עֶר אוּז גְקוּמְן אַהיים הָט עֶר נִיט גְוָואלְט גיין צוּם שַׂר וָוארוּם ווי קאן עֶר דָאם גָאר אָן מִיטְעֶן פַּר טָאג הָט דֶער אָד ן נָאךְ אוּם גְשִׁיקְט אוּנ הָט אוּם גְגֶעבְּן דו אָרַאנְדו הָאט עֶר גְזֶעהְן אַז דֶעם בּעש״ט רייד אִיז אֱמֶת הָט עֶר אַזוֹ גְטוּן. ווי דֶער בּעש״ט הָט אִים גְזָגְט אוּנ עֶם אוּז מְקוּיָם גְוָואֶרן זַיין וַוייבּ הָט דָם יָאר גְהַאט אַזָכר אוּנ דֶער בַּעַל שֵׁם הָט אוּם אָן גְזָגְט בְּשַׁעַת אַז עֶר הָט אוּם צוּ גְזָגְט אַז עֶר וֶועט הָאבֶּן אַבֶּן זָכָר אַז דָם קוּנְד וֶועט גְבּוֹירֶן ווערן זָאל עֶר אוּם תֵּיכֶף וּמִיַד מוֹדִיעַ זַיין אַז דָם וַוייבּ הָט גְהַט דֶעם בֶּן זָכָר הָט דֶר פָּאטֶר פַר גֶעסְן אָן דֶעם אוּנ הָט דֶעם בּעש״ט נוּט מוֹדִיעַ גְוֶועֶן דָם קוּנְד הָט אָן גְהוֹבְּן צוּ וַואקְסֶן אִיז עֶר גְוָוארְן אַ מֶענְשׁ עֶם אוּז אוּם נוּט אַיין צוּ הַאלְטְן בּיים רֶבִּי עֶר הָט נוּט גְוָואלְט בְּשׁוּם אוֹפֶן לֶערְנֶן דֶעם פָאטֶר הָט זַייעֶר בַּאנְק גְטוּן אוּנ הָאט גָאר חֲרָטָה גְהַאט וָום עֶר הָאט גְהַאט אַקוּנְד הָט עֶר גְזָאגְט הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ בֶּעסֶער גָאר נִיט גְהַאט קיין קוּנְד ויהי עֶם הָט זוּךְ ווידֶער גְטְרָאפֶן אַז עֶר אוּז ווידֶער אַיין גְשְׁטַאנוּן בּיי זַיין גוּטְן פְרַיינְד אוּנ הָט אוּם דֶער צֵיילְט דו אַנְגֶעסֶען וָום עֶר הָט פוּן זַיין זוּן זָאגְט צוּ אוּם דֶער מֶעזְבּוּזוּר אִיךְ גֶדֶענְק אַז דֶר בּעש״ט הָט גְהֵייסֶן אַז דַיין וַוייבּ וֶועט הָאבֶּן אַזָכָר זָאלְסְטוּ אוּם מוֹדִיעַ זַיין אוּנ דוּא דָאסְט אִים נִיט מוֹדִיעַ גְוֶועֶן זָאגְט עֶר צוּם בַּעַל הַבַּיִת פוּן מֶעזְבּוּז אִיךְ הָבּ מוּר גְטְרַאכְט אַז דָאם אוּז אַלְץ נוּט פוּן דֶעם בּעש״ט

## סיפורי אנשי שם

אַיינֶר גְפְרֶעגְט דֶעם אַנְדֶרן וָום אוּז דו מַעֲשֶׂה וָום עֶם אוּז פִּינְסְטֶער הָבּן זַיי גוּט אָהן גְקְקְט אוּנ הָבּן דֶער זֶעהְן אַמֶענְשׁן גֶזוּכְט הָבּן זַיי גְשִׁיקְט מֶענְשׁן מֶען הָט פוּן אִים אָפּ גְרוּמְט דֶעם שְׁנֵיי הָט מֶען גְפִינְן דֶעם הלל לִיגְן הַאלְבּ טוּט מֶען הָט אִים אַריין גִיבְּרֶענְגְט אוּנ דֶעם ביהמ״ד הָט עֶר זוּךְ אָן גִיוַוארוּמְט בּוּז עֶר אוּז צוּ זִיךְ גְקוּמֶן: דָם עֲנָווּת אוּנ זַיין גֶעדוּלְד אוּנ זַיין גוּט הַרְץ פוּן הלל אוּז גָאר אוּנ בַּשְׁרַייבְּלִיךְ. עֶר אוּז אוּנ זַיין לֶעבּוּן נוּט גְוֶוען אוּנ כַּעַם אַיין מָאל הָאבּן זוּךְ גְוֶועט צְוַויי מֶענְשׁ אַז דֶער וָום וֶועט קֶענוּן הלל בְּייז מַאכְן וֶועט בַּקוּמֶען פִיר הוּנְדֶערט גוּלְדֶען עֶם אוּז גְוֶוען עֶרֶב שַׁבָּת פַר נַכְט הלל הָט זוּךְ אַרוּם גְוַושֶׁען לִכְבוֹד שַׁבָּת אִיז גְקוּמֶען דֶער מַאן וָום הָט זוּךְ גְוֶועט אוּנ הָט זוּךְ גְשְׁטֶעלְט בּיי דו טוּר אוּנ הָט גִישְׁרִיגֶן ווֶער אוּז דָם דָא הלל. ווֶער אוּז דָם דָא הלל. הלל הָט זוּךְ אַיינְגְהִילְט אוּנ אַמַנְטִיל אוּנ עֶר אוּז צוּ אוּם אַרוּם גְגַאנְגְן וָום פַר לַנְגְסְט דוּא מַיין קִינְד הָט הלל דֶעם מַאן גִיפְרֶעגְט. הָט יֶענֶער גִיעֶנְפֶערְט אוּךְ הָבּ דוּךְ צוּ פְרֶעגוּן אַגְרוֹסֶע שַׁאֲלָה. פַר וָואם זֶענוּן דוּא קֶעפּ פוּן דוּא אַיינְוָואנֶר פוּן בָּבֶל קַיילֶעכְדִיג הָט הלל גִיעֶנְפֶערְט אַגְרוֹסוּ שַׁאֲלָה הָסְטוּ גִיפְרֶעגְט מַיין זוּן וַוייל זַיי הָבּן נוּט קיין קְלוּגֶע אוּנ גְשִׁיקְטֶע הֶעבַּאמֶעם (כָּאבִים) דֶער מַאן אוּז אַוֶועק גְגַאנְגְן אוּנ אַפָּאר מִינוּט אוּז עֶר ווידֶער צוּרִיק גְקוּמֶן אוּנ הָט גְרוּפֶן ווֶער אוּז דָם דָא הלל. ווֶער אוּז דָם דָא הלל. אוּז עֶר ווידֶער אַרוּם אוּנ הָט אוּם גְזָגְט וָום פַר לַנְגְסְטוּ מַיין זוּהְן. הָט יֶענֶער גְזָגְט אוּךְ הָבּ אַגְרוֹסוּ שַׁאֲלָה צוּ פְרֶעגִין פַר וָום זֶענוּן דו אוֹגֶען פוּן דו תַּלְמִידִים שְׁוַואךְ אוּנ קְרוּם. הָט הלל גִיעֶנְפֶערְט וַוייל זַיי וואנוּן אוּנ זַאמְדִיגֶע עֶרְטֶער. דֶער מַאן אוּז

מַעֲשִׂים וָוס דָער שַׂר הָט מִיר פַר דִּינְגֶען
דִּי אוֹרֶענְדִי ווייל עֶר הָט גְדַארְפְט גֶעלְד
דְּ־יבֶּר הָט עֶר מִיר פַר דִינְגֶען זָאגְט דֶר
בַּעַל הַבַּיִת וָואס עֶס אוּז גְוֶוען אוּז פַאר
פַאלוֹן הַיינְט קוּם מִיט מִיר צוּם בעש"ט
לְאמִיר הֶערֶן וָוס עֶר וָועט הַיינְט זָאגְן
זֶענִין זַיי גְקוּמֶען צוּם בעש"ט אוּנ הָאבִּין
אוּם הֶער צֵיילְט זָאגְט עֶר צוּ דֶעם סוֹחֵר
וָוס אוּז גְוָוארִין אַ־אַנְדַאר מַיין עֵצָה אִיז
הַיינְט אַז דוּ זָאלְסְט פַר קוֹפְן אַלוּ זַאכִין
פוּן דֶער אוֹרֶענְדוּ בְּ־וֹינְפֶן תְּבוּאוֹת וְכָל
הַכֵּלִים וָוס גְהֶער צוּ אַרִינְדַאר אוּנ זָאלְסְט
ווידֶ־ וֶוערוּ אַסוֹחֵר קֵיין לַייפְּצִיק אוּנ
זָאלְסְט זַיין אַיָאר אוּנְטֶער וֶועגְנֶס אוּנ אַז
דוּ וֶועסְט קוּמֶען אַהֵיים וֶועסְטוּ שׁוֹן דֶער
ווישֶׁן דַיין זוּ אִיז אַלְמָדן מוּפְלָג אוּנ
גָאר אֵיין אַנְדֶרְ־ מֶענְשׁ דֶר הָט אַזוּ גֶעטוּן
אוּנ הָט אַלֶדִינְג פַר קוֹפְט אוּנ אִיז גְפָרִין
קֵיין בְּרֶעסְלָע אוּנ הָט זוּךְ דָארְטֶן בִּיסְלֶךְ
ווייס אָן גְקוֹפְט סְחוֹרָה אַלוּ סוֹחֲרִים זֶענִן
אַוֶועק גְפָארֶן אוּנ עֶר הָט זוּךְ פַר זוּימְט
בִּיז עֶר הָט שׁוֹן פַר גָאר דֶעם גֶעלְד אָן
גְקוֹפְט סְחוֹרָה אָבֶער עֶס אוּז נִיט מֵיין
גְוֶוען ווי פִיר חֲדָשִׁים הָט עֶר זִיךְ מְיַישֵׁב
גְוֶוען עֶר וֶועט פָארְט אַוֶועק פָארוּן פוּן
בְּרֶעסְלוּ מִיט דֶר סְחוֹרָה אוּנ הָט גְהַייסִין
אַיין שְׁפַּאנֶען דוּ בְּרוּקוּ מִיט סְחוֹרָה אוּנ
הָט זוּךְ גְטַרְכְט אוּךְ וֶועל אוּנְטֶר וֶועגְנְס
פַר קוֹפוּ דוּ סְחוֹרָה אוּנ וֶועל ווידֶר פָארֶן
קוֹפוּן סְחוֹרָה אוּךְ וֶועל אַזוּי טוּן בִּיז עֶס
וֶועט זוּךְ אוּס לָאזְן אַיָאר אוּנ אוּז אַוֶועק
גְפָארֶן עֶס אוּז גְקוּמֶען אוּנְטֶער וֶועגוּנְס אוּם
עֶ־ב שַׁבָּת זֶענֶן זַיי פַר בְּלָאנְזְט גְוָוארוּן
אוּנ הָאבִּן אַגַאנְצוּן טָאג גְבְּלָאנְזוּט בִּיז
נַאכְט הָט עֶר זוּךְ מְיַישֵׁב גְוֶוען מִיט דֶעם
מְשָׁרֵת מֶען זָאל דָא לָאזוּן שְׁטֵיין דִיא
בְּרוּקוּ אוּנ זָאלוּן גֵיין זוּכֶען דֶעם וֶועג ווי
דֶער אוּז אַוֶועק גְגַאנְגֶען פוּן דֶעם וָואגְ־
אַקֶעגְן הוּנְדֶערְט אֵיילוּן הָט עֶר דֶר זֶעהְן

אוּנ וַואלְד אַשְׁטִיבֶּל מִיט לֶעכְט בְּרֶענוּן
דְרִינוּן הָט עֶר זוּךְ גְטְרַאכְט עֶס אִיז שׁוֹן
בַּאלְד שַׁבָּת לָאז זַיין וָואס עֶס וויל אוּנ
אוּז אַרַיין גְקוּמֶען הָט עֶר גְזֶעהֶן ווי אֵיינֶער
שְׁטֵייט אוּנ אֵיינֶער אִיז אַמְשָׁרֵת אוּנ עֶר
אוּז גָאר אַזוּ גְקוּמֶן ווי עֶר שְׁטֵייט וָורוּם
אַלֶע בְּגָדִים זֶענִין גְבְּלוּבֶּן אוּךְ דֶם וָואגְן
אִיז גְקוּמְן דֶר מְשָׁרֵת אוּנ הָט גְבְּרַאכְט
אַהֶעמְד אוּנ שַׁבָּת קְלֵיידֶר הָט עֶר זִיךְ אָן
אָן גְטוּן אוּנ הָט זִיךְ אוּךְ גְשְׁטֶעלְט דַווינֶען
נָאךְ קַבָּלַת שַׁבָּת וּתְפִלַּת מַעֲרִיב הָאט
דֶער בַּעַל הַבַּיִת פוּן דֶעם שְׁטִיבֶּל גְזָאגְט
שַׁבְּתָא טָבָא מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה אוּנ מֶען
הָט גְבְּרַאכְט וויין אוּף קִידוּשׁ אוּנ הָאבִּן
גֶעגֶעסְן זֵייעֶר גוּטֶע מַאֲכָלִים אוּנ מֶען הָט
גְבְּרַאכְט אַבֶּעטְשׁוּל אוּם גֶבֶּעט הָט עֶר זוּךְ
גְלֵייגְט שְׁלָאפוּן אוּנ קֵיין שׁוּם אִשָּׁה הָט
עֶר דָארְטְן נִיט גְזֶעהְן עֶס אִיז מֵיין נִיט
גְוֶוען נָאר דֶר מֶענְשׁ אוּנ אַמְשָׁרֵת מָארְגֶן
פְרִיא זֶענוּן זַיי אוּף גְשְׁטַאנוּן אוּנ הָאבּוּן
גְדַאווינְט שַׁחֲרִית וּמוּסָף אוּנ הָבְּן ווידֶער
גְטְ־ינְקֶען קְאסְךְ וויינְדֶר סוֹחֵר הָט זִיךְ גְלֵייגְט
שְׁלָאפוּן ווייל עֶר הָט פוּל וויין גְטְרוּנְקֶן
הָט דֶער סוֹחֵר גְשְׁלָאפוּן בִּיז מִנְחָה אוּנ
אוּז אוּךְ גְשְׁטַאנְן מִנְחָה דַאוְונוּן אוּנ הָבֶּן
אָפּ גְגֶעסוּן שָׁלשׁ סְעוּדוֹת נָאךְ הַבְדָּלָה
גֵייט דֶר בע"ה פוּן דָם שְׁטוּבֶּל צוּם סוֹחֵר
שָׁלוֹם גֶעבּוּן אוּנ הָט אוּם גְפְרֶעגְט וָואס
מִיט אוּם טוּט זִיךְ הָט עֶר אוּם דֶר צֵיילְט
ווי עֶר אוּז פַר־בְּלָאנְזִיט גְוָורֶען אוּנ ווייסְט
נִיט ווי דוּ סְחוֹרָה אוּז זָאגְט צוּ אוּם דֶער
בע"ה אוּבּ דוּ ווילְסְט פַאר קוֹף מִיר דַיין
סְחוֹרָה הָאלְבּ וֶועל אוּךְ דִיר צָאלֶן תֵּיכֶף
אוּנ הַלְבּ וֶועל אוּךְ דִיר צָלְן אִין בְּרֶעסְלוּ
אָדֶר אוּנ לַייפְּצִיק דֶר סוֹחֵ־ הָט אוּם נִיט
גְקָאנְט מְעִיז זַיין אוּנ הָט מִיט אוּם אַמֶקַח
גְמַאכְט חַאטְשְׁעֶ עֶס אִיז דָאךְ אוּם זֵייעֶר
שְׁוֶוער גְוֶוען צוּ פַר בָּארְגֶן אַזוּ פוּל גֶעלְד
ווי עֶר הָט מִיט אוּם אַמֶקַח גְמַאכְט אוּנ



אַוֶועק אוּנ אוּז אוּנ אַפָּאר מִינוּט ווידֶער גְקוּמֶען אוּנ הָאט גְרוּפֶען וֶוער אוּז דָא
הלל

קוקט זיך אום שטייט זיין ברוקו מיט סחורה האט אים זייער פר דראסן וואס ער האט פר קויפט די סחורה אז זוא איז שון דא נאר ער האט מורא געהאט משנה צו זיין ער האט זיך גטראכט ווי וועט ער אפ לייגן די סחורה ער האט דאך דא מיין ניט נאר דם שטיבל און דער בע״ה פון דעם שטיבל זאגט צו אים גיב מיר די סחורה ווי מען האט אראפ גנומן די סחורה האט ער געפונט אטור אין אקעלויר אריין און האט אפ גלייגט די סחורה זיי האבן גהאט איין חשבון ווי פיל די סחורה טרעפט אן און האט מסלק גוועזן האלב געלד כמה אלפים רענדליך פר האלב און אויף דר אנדרר העלפט האט ער אים געגעבן אוועקסל און האט גחתמת נאום יונה האט זיך דר סוחר מיישב גוועזן אויף דארף דאס מוז נאך זוימון ביז דם יאר ווי דער בעש״ט האט גזאגט בכן וועל איך ווידר פארען קיין ברעסלוי און קיין לייפסק און וועל מיר ווידר איין קויפן סחורה ביסלעך ווי ער איז גקומן קיין לייפצוק און האט אן גהויבן נאך פרעגן אויף דעם סוחר יונה ווייסט קיינר ניט ווער ער איז און מען האט גזאגט ווי איז גהערט גווארן אז מען זאל בארגן סחורה אזעלכן וואס מען קען ניט ווי ער איז ארום גפארן פון דר שטאט בגעגנט ער דעם מענש פון דעם שטיבל האט זיך אום גדכט אז דם איז דר מענש רופט זיך אן דר מענש פון דעם שטיבל און זאגט צום סוחר בייא דיר האב איך אוועקסול אויף כמה אלפים רענדליך גיב מיר דאס וועקסול און איך וועל דיר מסלק זיין דיין געלד פרעגט ער אים ווער זענט איר זאגט ער וואס דרפסטו וויסן ווער איך בין אבי איך וועל דיר אפגעבן דיין געלד נאר דו זאלסט מיר אפ געבן מיין וועקסל דער סוחר האט אים אפ געגעבן זיין וועקסול און ער האט אים מסלק גוועזן זיין געלד און דער נאך זאגט ער צום סוחר לאז גריסען דארטן דעם בעש״ט פון מעזבוז פרעגט ער אים ווי אזוי זאל איך זאגן פון וועמס וועגן זאגט ער דו זאלסט זאגן יונה האט איך גלאזט גריסן דר סוחר איז אהיים גפארן מיט גרוס שמחה און איז גקומן אהיים און האט דר ווישט זיין זון איז דר היים ער איז אגרוסר למדן און אגרוסר מתמיד דער נאך איז ער גקומן צום בעש״ט און האט אים דער ציילט גאר די מעשה האט דר בעש״ט גפרעגט אויף יונה וואס טוט זיך מיט אים האט ער גזאגט ער האט איך גהייסן לאזן גריסן האט דער בעש״ט גזאגט דם איז יונה בן אמיתי :

מעשה פון דעם בעש״ט הקדוש וואס הצדיק מקאמינקא האט דם דער ציילט בראפשיץ על היאו צייט :

ווי אלו צדיקים זענען זיך צו זאמן גפארן קיין ראפשיץ אויף דר יאר צייט פון דעם הייליגן ראפשיצער רב איז גקומן איין אשה און האט גוויינט פר אלו צדיקים רבנים איך האב די פריגע וואך גגעבון איווד אכט הונדערט ריינ׳ש כסף ער זאל פארון אויף די דערפר צו זאמן קויפון פלאקס על חצי רוח איז שוין עטליכע טאג האב איך גאר ניט גהערט פון אים און היינט בין איך גוואר גווארון פון היימישע מענשן אז זיי ווייסון זיכר אז ער איז גשטארבן נוט וויט און אדארף וואס מיט מיין געלד טוט זיך ווייס איך ניט רבי טוט מיר איין עצה דא זיצען אלו צדיקים צו זאמן ווי מלאכי אלהים וואס צדיקים זענען גוזר איז השי״ מקיים אזוי האבן אלו צדיקים כבטיח גוועזן דר יודענע אז דם געלד וועט זיך אפ זוכן איז הצדיק ר׳ שלום מקאמינקא אויף גשטאנין אויף זיינו פוס און האט גזאגט אויך צו דר יודענע



הלל ווער איז דא הלל . הלל איז ארום גגאנגען און האט אים גזאגט וואס פאר לנגסטו מיין זון האט דער מאן אים גזאגט איך האב אויבטיגו שאלה צו פרעגן פר

הערט מיך צו איך און איך אז אלע הבטחות זענען גאר גוט און דם געלד איז פר לורן גאר ווער ווייסט וואס פר אגלגול איר זענט אז דער יוד אפשר ערשט אצונד גקומן בעולם הזה ער זאל זיך בייא איך אפ געמון דאס געלד און ווייטר הט ער שון מתקן געווען וואס ער הט בדרפט לבי איז ער שון נפטר געווארן און הט זיך גקערט צו אלו צדיקים און הט צו זיי גזאגט מורי ורבותי הערט מיך אום וועל איך דער ציילן איין מעשה פון בע"ש הקדוש זכותו יגן עלינו:

ביי דעם בעש"ט הקדוש איז געווען אזוי אמעשה אין רישא איז געווען אגדול אגרוסער למדן און אגרוסר יחסן קיין חסיד איז ער נוט געווען הט ער אבר כל ימיו גהערט לויבן דעם בעש"ט הקדוש פר אצדיק פלא וואס טוט אותות נפלאות הט ער משתוקק געווען ער זאל אום קענון הט ער געהייסן איין שפאנן זיין קארטע מיט די פערד און הט זיך מוט גנומן איין משרת וויא אגביר און איז גפארן קיין מעזבוז:

וויא ער איז גקומן קיין מעזבוז איז ער גגנגן צום בעש"ט הקדוש זכותו יגן עלינו ער הט גטראכט דער רבי וועט מיט אום פשטים שמוסן אודר קבלה צום סוף הט ער מוט אום גאר נוט גרעט גאר פון וועלט זאכן הט דער גביר ארוס גנומן עטליכע רובעל און הט גגעבן דעם בעש"ט פר אפדיון פרעגט אום דר בעש"ט א ר גיט מיר אפדיון זאגט מיר וואס פעלט איך ענפרט דער גביר מיר פעלט ברוך השם גאר נוט איך בין איין גרוסער גביר און איך הב גרוס שפע און קינדר זייער שיינע תלמידי חכמים איידמס תלמידי חכמים און קינדס קינדר תלמידי חכמים אלע גרוסע עשירים און איך בין מיר קובע עתים לתורה און בין עוסק בלימודי נסתר גם כן מיר פעלט חוץ גאר גיט אזו אפדיון איז זייער גשמאק צוא נעמון וואורום עס איז זייער זעלטן איוד זאל ברענגן אפדיון דעם רבי און זאל אום נוט צו ברענגן דם הארץ דען יעדר איינציגר יוד ווי זיין בקשה איז איינר אויף איין חולאת רחמנא ליצלן אדער אויף קינדר בעטון און פון תפיסה אפ בעטון אדר פרנסה ווי יעדר יוד קומט מוט זיין צו בראכון הארץ צום רבי און דער גביר גיט דעם רבי אפדיון און זגט עס פעלט אום גאר נוט פרעגט אום דער בעש"ט וואס בוסטו גקומן צו מיר ענפרט דר גביר בלויז אויך זאל קענון דעם רבי ווייל אויך הער אלץ די מופתים פון איין געטליכען מענש הב איך אום גוואלט אליין קענון זאגט צו אום דר בעש"ט נוא אם כן אז דו ביסט גקומן בלוז דו זאלסט מיך קענן קוק מיך גוט אן און ער מוך אום וועל אויך דיר דר ציילון איין מעשה הער מיך אבר גוט אוס: די מעשה איז אזו געווען עס איז אמאל און אשטאט געווען צוויי גבירים זיי האבן גהט צוויי יונגלעך און

סיפורי אנשי שם

וואס די פוס פון די אפריקאנער זענן ברייט. האט הלל אום געענפרט ווייל זייא וואנון צווישן זומפן און בלטים. הט דער מאן צו אום גזאגט איך הב נאך פול שאלות צו פרעגן נאר איך האב מורא דו זאלסט נוט בייז ווערון. הלל הט אום געענפרט אלע שאלות וואס דו הסט מעגסטו פרעגן הט יענער גזאגט צו הלל ביסט דיא דער נשיא פון ישראל קיין סאך זאלון נוט זיין אזו ווי דו ביסט. הט אום הלל גפרעגט פר וואס מיין קונד וואס פר אשלעכטס הב איך דיר גטון. הט ער אום געענפרט ווייל איך האב דורך דיר אן גוואורן פיר הונדרט גולדן. אבר הלל הט צו אום גזאגט זיי ווייטער פאר זיכטיג עס איז כדאי אז דוא זאלסט פר לירן נאך דריי מאל אזו פול און הלל זאל נוט ווערון און כעס:

אַיין עֶלְטֶער אוּנ הָאבְּן גְוואנְט אוּנ שְׁכֵנוּת דוּ יוּנְגְלִיךְ הָאבְּן זוּךְ זַיְיעֶר לִיבּ גְהַט אוּנ הָאבְּן צוּזַאמֶן גְלֶערוּנְט בַּייא אַיין מְלַמֵד אַלְס אִין אַיינוּם נָאר אָבֶּר בַּיי נְגִידִים וִוי לַאנְג קֶענוּן דוּ קוּנְדֶר זַיין צוּ זאמוּן בִּיז דְרַייצוּן פֶּערְצוּן יָאר דָהט מֶעז זַיי חֲתוּנָה גְמַכְט דֶר הָט חֲתוּנָה גְהַט הוּנְדֶרְט מַייל וַוייט מֵעֵבֶר מִזֶה אוּנ דֶער אַנְדֶערֶר צְוֵויי הוּנְדֶערְט מַייל מֵעֵבֶר הַשֵׁנִי הֶערְט מִיךְ אָבֶּר גוּט אוּם מִסְתָּמָא. וִוי דֶער שְׁטֵייגֶר אוּז נָאךְ אַזוּ אַיין אַהֲבָה הָאבּוּן זִיךְ דוּ חֲבֵרִים מַתְחִלָה גְשְׁרוּבֶּן אַלוּ אַכְט טאג אַלוּ צְוֵויי וָואכְן בְּרִיף דֶר נָאךְ האבֶּן זַיי גְשְׁרוּבֶּן אַלוּ ח״דֶשׁ אַלוּ צְוֵויי חֲדָשִׁים אַזוּ בִּיסְלֶעכְוַויז זֶענוּן זַיי אָפּ גְוואנְט גְוָוארֶן בִּיז זַיי זָענוּן גְוָוארֶן גְשֶׁעפְּטִים מֶענְשֶׁן הָבּוּן זַיי זוּךְ גְשְׁרִיבֶּן אַלוּ יָאר אַמָאל אַבְּרִיף וְאַחַר כַּךְ זֶענוּ זַיי שׁוּין טָרוּד גְוָורוּן אוּנ הָאבּוּן זִיךְ שׁוּין גָאר נוּט גְשְׁרִיבּוּן קַיין בְּרִיף נָאר פוּן וַוייטֶן הָבּוּן זַיי גְהֶערְט אַיינֶער פוּן דֶם אַנְדֶערְן בְּשׂוּרוֹת טוֹבוֹת וְהַיְינוּ זַיי זֶענוּן בֵּיידֶע גְוֶועז גְרוֹסוּ גְבִירִים לְיָמִים אִיז אֵיינֶר פוּן זַיי גְפַאלוּן עֶר אוּז גֶוָּורְן אַיין עָנִי הָט עֶר זוּךְ מְיַישֵׁב גְוֶועז אַז אוּךְ הָב יָא אַזוּ אַגוּטֶען פְרַיינְד אַ גְבִיר עֶר ווּעט זוּךְ בְּוַדַאי מְחַיֶה זַיין אַז אוּךְ וֶועל צוּ אוּם קוּמֶן מוּז אִיךְ מוּר זָעהְן עַל הוֹצָאוֹת הַדֶרֶךְ אוּנ צוּ אוּם פָרְן הָט עֶר רִיכְטִיג זִיךְ גְזֶעהְן בִּיגִיעָה רַבָּה עַל הוֹצָאוֹת הַדֶרֶךְ אוּנ אוּז גְפָארְן צוּ זַיין חַבֶר אוּנ אוּז בְּשָׁלוֹם אַהִין גְקוּמוּן אוּנ הָאט זוּךְ גְמֶעלְדְט צוּ אוּם דָהט זַיין חַבֶר אוּם זַייעֶר שֵׁיין אַנְפַּנְגְן אוּנ הָט אוּם גְמַכְט סְעוּדוֹת כִּסְעוּדַת שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ עָלָיו הַשָׁלוֹם: וִוי זַיי זֶענוּן גְזֶעסוּן בַּיי דֶר סְעוּדָה הָט אוּם דֶר חַבֶר גְפְרֶעגְט בְּרִידֶר לֶעבּ וִוי גַיים עָס דוּר הָט עֶר אוּם גְזָאגְט אוּךְ קֶען נוּט פוּל עֶנְפֶרוּן נָאר בְּקִיצוּר זָלְסְט וִויסוּן אַז דוּא מַלְבּוּשִׁים וָוס אוּךְ גַיי זֶענוּן נוּט מַיין אוּךְ הָב זַיי מוּר גְלִיעֶן הָט דֶר חַבֶר מֶער אוּם נוּט גְפְרֶעגְט אוּנ מֶען הָט וַוייטֶר גְגֶעסוּן אוּנ גֶזִינְגוּן אוּנ גְשְׁפִּילְט. נָאךְ דֶם עֶסוּן אוּנ טְרִינְקוּן הָאט דֶער רַייכוּר חַבֶר בַּפֶעלְט זַיין שְׁרַייבּוּר עֶר זָאל מַאכוּן אַרֶעכְנוּנְג פוּן זַיין פַר מֶעגוּן וִוי פוּל עֶס טְרֶעפְט אָז הָאט עֶר זוּךְ גְטֵיילְט מוּט זַיין חַבֶר גְלַייךְ אוּנ דֶר אָרִימֶער חַבֶר אוּז אַהֵיים גְפָארוּן אוּנ הָאט גְהַאט הַצְלָחָה אוּנ אוּז עוֹלָה לְמַעֲלָה גְוָוארוּן אוּנ אוּז גְוָוארוּן נָאךְ מֶער עוֹשֶׁר וִוי פְרִיר אוּנ דֶר חַבֶר וָוס הָט אוּם גְהָאלְפוּן אוּז גְפַאלוּן טָאג פַר טָאג בּוּז עֶר אוּז גְוָוארוּן אַיין אֶבְיוֹן וִוי דֶער חַבֶר אוּז גְוֶועז וָוס עֶר הָט אוּם אוּים גְהָלְפוּן הָאט עֶר זוּךְ גְיטְרַכְט עֶר וֶועט צוּ אוּם פָארוּן וֶועט עֶר אוּם גְוִוים אַקֶעגוּן פָארוּן אוּנ וֶועט אוּם נוּט וְוִיסוּן וִוי דָאס אוֹרְט צוּ גְפִינֶן עֶס אוּז אָבֶער נִיט אַזוּ גְוֶועז וִוי עֶר הָאט גִימֵיינְט עֶר אִיז גְקוּמֶן צוּ אוּם הָאט עֶר אוּם נוּשְׁט גִילָזְט אוּיף דוּ אוֹגוּן דֶר חַבֶר הָאט זוּךְ זַייעֶר גוּט אוּים גְוֵויינְט פַר הַשֵׁ״י אוּנ אוּז אַהֵיים גְפָרוּן. הַשֵׁ״י הָט זוּךְ אוּף אוּם מְרַחֵם גְוֶועז אוּנ הָאט אוּם גְהָאלְפִין עֶר אִיז גְוָורְן נָאךְ מֶער עוֹשֶׁר וִוי פְרִיר אוּנ דֶער שְׁלֶעכְטֶר חַבֶר אוּז צוּרוּק גְפַאלְן עֶר הָט נוּט גְהַט אַיין פְּרוּטָה. הֶערְט מִיךְ גוּט זָאגְט דֶער בעש״ט צוּם רַיישֶׁר גְבִיר נוּא דֶער שְׁלֶעכְטֶר חַבֶר אוּז גְוֶועזְן אַיין עַזוּת פָּנִים אוּנ אוּז נָאךְ אַמָאל גְפָארְן עֶר זָאל אוּם אוּיף הֶעלְפִין דֶער הָט זוּךְ אוּיף אוּם מְרַחֵם גְוֶועז אוּנ הָט זִיךְ וַוייטֶר מוּט אוּם גְטֵיילְט דָם גַאנְצוּ פַר מֶעגְן נָאר אָבֶּר עֶר הָט צוּ אוּם גְזָאגְט בְּרִידֶר לֶעבּ אוּךְ רֶעכוּן דוּר נוּט וָוס דוּ הָסְט קֶעגְן מוּר גְטוּן נָר אָבֶּר אוּךְ שֶׁענְק דִיר נוּט אַצִינְד נָאר אוּךְ לַיי עֶס דוּר אֶפְשַׁר וֶועט הַשֵׁ״י וַוייטֶער דָאס רֶעדִיל אִיבֶּר דְרֵייעֶן ח״ו וִוי פְרִיר אַז דוּ וֶועסְט רַייךְ וֶוערוּן אוּנ אוּךְ וֶועל פַר אָרִימְט וֶוערְן לַייבֶן גִיבּ מוּר שְׁרִיפְטוּן אוּף יוּדוּשׁ אִין דַייטְשׁ אַז אוּךְ הָאבּ בַּיי דוּר צוּא פָדְרְן דֶם גֶעלְד וָוס אוּךְ גִיבּ דוּר אַצִינְד.

דֶר הַבֶר הָט אִים אַלְס מַבְטִיחַ גְוֶועֶן עֶר זָאגְט צוּא אִים אַצִינְד זֶעה אִיךְ אַז דוּא בִּיסְט טַאקִי אַצַדִיק אוּנ אִיךְ בִּין גְוֶועֶן אַרָשָׁע דָם דוּ הָסְט מִיר גְטָאן גִיטְס אוּנ אִיךְ הָב דִיר גְטָאן שְׁלֶעכְץ אוּנ הָט אִים גְגֶעבִּין אַלִים כָּתוּב וְחָתוּם :

הַשׁ״י הָט בַּלְד וַייטֶר אִיבֶּר גִדְרֵייט דָם רֶעדִיל אוּנ דֶר עוֹשֶׁר אִיז גְפַלִין אוּנ דֶער שְׁלֶעכְטֶר הַבֶר הָט גְהַט הַצְלָחָה אִין אִיז גְוָוארְן אַגְבִיר גָדוֹל אֵיינֶער אוּנ דֶר שְׁטָאט אִיז זִיךְ דֶר הַבֶר דֶער גוּטֶר גְפָרִין אוֹיף זִיכֶער אָפּ נֶעמִן זַיין חוֹב אוּנ אִיז צוּ אִים גְפָרִין עֶר אִיז צוּ אִים גְקוּמֶן הָט הֶער רָשָׁע אִים וַייטֶר נוּט גְוָולְט אוֹיף זַיינוּ אוּגִין לָאזִן עֶר הָט אִים אֲפִילוּ אִין שְׁטִיבּ אַרַיין נוּט גְלָזְט הָט דֶר חַבֶר גְפַּרִיבְט מוּט כְּתָבִים עֶר זָאל זִיךְ מִיט אִים לָאדִין אוּבֶּר אַלוּ שׁוֹפְטִים זֶענִין זַיינוּ אוּנְטֶר טַאהְנִין אַלוּ גְרִיכְטֶער הָבִּין נוּט גְוָולְט דָם מִשְׁפָּט אָן גֶעמִין עֶר הָט אִים גָאר נוּט גֶקֶענְט טוּן הָט עֶר זַייעֶר גְוַיינְט פַר הַשׁ״י רבש״ע דוּ וֵייסְט אוּךְ הָב אִים גְגֶעבִּין וַוייל אוּךְ בִּין בָּטוּחַ גְוֶועֶן עֶר וֶועט מִיר צוּ רוּק מְמַלֵא זַיין צוּם סוֹף. ווִיל עֶר מִיךְ נוּט קֶענִין אוּנ דוּא הָאסְט מוּךְ פַר אָרִימְט עֶר הָט אַזוֹ בִּיטֶר גְוַיינְט פַר הַשׁ״י אִין אִיז טַקִי גְשְׁטָרְבִּין דֶער רַייכֶר חַבֶר דֶר שְׁלֶעכְטוּר אִיז אִיךְ בַּלְד גְשְׁטָרְבִּין. אִיז גוּקוּמֶן דָם מִשְׁפָּט פַר דֶם בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה הָט מֶען אִים גְפַּסְקִית עֶר זָאל הָבִּן גַן עֵדֶן הָעֶלְיוֹן אוּנ דֶער שְׁלֶעכְטִיר חַבֶר זָאל הָבִּן גֵיהִנָם אוּנ שְׁאוֹל תַּחְתִּית הָט זִיךְ אוּבֶּר דֶער חַבֶר דֶער גוּטֶר אָן גְרוּפֶען ווִי אַזוֹ וֶועט מִיר מַיין גַן עֵדֶן בְּקוּמֶן אַז אוּךְ וַוייס אַז דוּרְךְ מִיר וועט מַיין חַבֶר זַיין אוּנ גֵיהִנָם דָאס ווִיל אוּךְ נִיט הָט מֶען אִים גְפְרֶעגְט וָוס דֶען ווִילְסְטוּ הָט עֶר זִיךְ אַלֵיין אַרוּס גְגֶעבִּין אַפְּסַק אַז זֵיי זָאלִן בֵּיידוּ צוּרוּק מְגוּלְגָל וֶוערִין אוֹיף דֶר וועֶלְט וֶועט דֶר שְׁלֶעכְטֶר זַיין אֵיין עוֹשֶׁר אוּנ עֶר זָל זַיין אֵיין אָרוּם מַאן וֶועט עֶר בַּיי אִים פְּרוּטָה וַויים אָפּ נֶעמוּן זַיין חוֹב זֶענִן זֵיי בֵּיידֶע רִיכְטִיג גְקוּמֶען בְּגִלְגוּל דֶר שְׁלֶעכְטֶר אֵייז עוֹשֶׁר אוּנ דֶר גוּטֶר אֵיין אָרִימַאן . הֶער מוּךְ גוּט אוּים זָאגְט דֶר בע״ש צוּם גְבִיר . וָוס בְּגִלְגוּל הָט זִיךְ גְטוּן הָבִּן זֵיי בַּיידוּ נוּט גְוִויסְט נָאר דֶר אִיז גְבּוֹרִין גְוָרִן בַּיי אֵיין גְבִיר אִין דֶר מְדִינָה אוּנ דֶר אִיז גְבוֹרִין גְוָורִין בַּיי אֵיין אָרִימַאן אֵיין אֶבְיוֹן אוּנ אַפְּרֶעמְדוּ מְדִינָה אוּנ הַשׁ״י הָט גִיפִירְט. הָט זִיךְ דֶר אָרִימֶר גִילָזְט אוֹיף דֶר וֶועלְט קַבְּצִינִין אִין אִיז רִיכְטִיג גְקוּמֶן אוּנ דֶער שְׁטָאט ווִי דֶער רַייכֶר חַבֶר אִיז גְוֶועֶן בְּגִלְגוּל . דֶער חַבֶר אִיז גְוֶועֶן זַייעֶר אַקַארְגֶר אוּנ הָט קֵיין פְּרוּטָה נוּט גְוָולְט גֶעבִּין קֵיין אַיינְצִיגִין אָרִימַאן. ווִי דֶר חַבֶר אִיז גְקוּמֶן הָט אִים אַמָל גְפֶעלְט אַגְרַייצוּר אַבְּרֵייטִיל זִיךְ צוּ קוֹפִין אִיז עֶר גְגַאנְגִין צוּ דֶעם גְבִיר עֶר זָאל אִים גֶעבִּין אַגְרַייצוּר הָט אִים דֶר גְבִיר גֶענְפֶרְט הָט דֶען דוּר יֶעדֶר נִיט גְזָאגְט אַז אִיךְ גִיבּ נוּט קֵיין צְדָקָה ווִיל אוּךְ דוּר אוֹיךְ נוּט גֶעבִּן הָאט עֶר זִיךְ מִיט אִים פֶּעסְט גִישְׁטֶעלְט עֶר הָאט אִים גְזָאגְט אַז דוּא וֶועסְט מִיר אַצִינְד נוּט גֶעבּוּן דֶעם גְרַייצוּר אוֹיף דֶעם בְּרֵייטוּל צוּ קוֹפִּין שְׁטַארְבּ אוּךְ פַר הוּנְגֶער וַוייל אוּךְ הָאבּ שׁוֹן לַאנְג קֵיין בְּרוּט נוּט גְהַאט אוּנ מַיין מוּיל הָאט עֶר אִים אִיבֶּר דָאךְ נוּט גְוָואלְט גֶעבּוּן אוּנ דֶער אָרִימַאן הָט אִים נִיט גְוָואלְט נָאךְ לָאזִן הָאט עֶר אִים אֵיין פַּאטְשׁ גְגֶעבּוּן אִיז עֶר פַר חַלָשׁוֹת תֵּיכֶּף

סיפורי אנשי שם

בעשרייבונג פון הילני המלכה הִילְנִי הַמַלְכָּה אִיז גְוֶועֶן אֶגְעצֶעגְדִינֶרוּן אוּנ זוּא אִיז אִיבֶּר גְגַאנְגִין מִיט אִירֶע קוּנְדֶר צוּם יוּדֶענְטוּם אוּר מַאן הָאט גְהַייסִין מוּנְבַּז קִינִיג פוּן אַדְאָבָאנוּ בַּיי דָעם גְרוֹסִין טַייךְ חֶדֶקֶל . זַיין וַוייבּ הֶעלוֹנוּ הָאט אִים גְבוֹרִין עֶטְלִיכוּ זִין דֶער יוּנְגְסְטֶר הָאט גְהַייסִין אוּצַאטוּס . אִים הָאבְּן דוּא עֶלְטֶערִין לִיבֶּער

אַנִידֶר גְּפַאלוּן אוֹיף דֶער שְׁוֶועל אוּנ אוּז גִישְׁטָארְבִּין . דָאס אוּז גְוֶוען הֶערְשְׁט נוּט לַאנְג . אַצִינְד הָסְטוּ מוּךְ גוּט אוּיס גְהֶערְט זָאגְט דֶער בעש צוּא דֶעם גְבִיר פֶּעהֶלְט דוּר טַאקוּ נָאךְ גָאר נוּט אוּז דֶער גְבִיר אַנִידֶער גְּפַאלוּן חֲלָשׁוּת אוּנ הָאט גְוֵוינְט פַּר דֶעם בעש"ט רֶבִּי אוּךְ בִּין דָר רָשָׁע אוּךְ וֵוייס פוּן מַיין הַאנְד אוּז דֶער מֶענְטְשׁ דֶער אָרִימַאן גְשְׁטָרְבּוּן מִסְתָּמָא אִיז דוּ גַאנְצוּ מַעֲשֶׂה עַל פִּי גִלְגוּל וְוי דֶער רָב דֶער צֵיילְט וָוס זָאל אוּךְ אַצִינְד טוּן . אִיךְ זָאל ח"ו נוּט פַאר פַאלוּן וֶוערוּן אוּנ שְׁאוֹל תַּחְתִּית . הָט אוּם דֶער בעש"ש גְזָגְט זָאלְסְט זוּבֶּן פִילֵייכְט וֶועסְטוּ גְפִינֶן קִינֶדר פוּן דֶעם אָרִימַאן אוּנ זָלְסְט זֵיי מְפַיֵּים זַיין מִיט ווי פִיל דוּא וֶועסְט קֶענוּ וֶועסְטוּ דָאךְ אֵיין רְפוּאָה הָאבּוּן צוּא דַיין נֶפֶשׁ אַז נוּט וֶועסְטוּ פַאר פַאלוּן וֶוערוּן אוּנ שְׁאוֹל תַּחְתִּית . (אִמְרוּ צַדִּיק כִּי טוֹב כִּי פְּרִי מַעַלְלָיו יֹאכֵלוּ) דָאס אוּז טַייטְשׁ לוֹבְּסְט דֶעם צַדִּיק אַז עֶר טוּט גוּטֶע וֶוערְק וָוארוּן דִיפְרָאכְט פוּן זַיינוּ וֶוערְק וֶועט עֶר עֶסוּן (וְאוֹי לְרָשָׁע) ווֵייא אוּז אוּבֶּער דֶעם רָשָׁע וָוס טוּט שְׁלֶעכְטְס (כִּי גְמוּל יָדָיו יֵעָשֶׂה לוֹ) וָוארוּן זַיין פַּר גִיטוּנְג פוּן זַיינוּ הֶענְד וֶועט צוּא אוּם וֶוערוּן גְטוּן : אַזוֹ הָט דֶר הֵיילִיגֶר קַמִינֶקֶר רָב דֶר צֵיילְט פַּר אַלוּ צַדִּיקִים אוּנ רָפְּשִׁיטְץ אוּנ זָאגְט אַז דָם גֶעלְד אוּז מִסְתָּמָא אוּיךְ אַזוֹ גְוֶוען עַל פִּי גִלְגוּל וָוס דֶער יוּד הָאט זוּךְ גְדַרְפְּט אָפּ נֶעמוּן בַּיי דֶער יוּדִינֶע אוּנ עֶס אוּז פַּר פַאלוּן :

מעשׂה אוּנ אַשְׁטָאט אוּז גְוֶוען דְרַיי בְּרִידֶר צְוֵויי הָבּוּן גְהַלְטְן מוּט דֶעם בעש"ש אִין אֵיינֶר הָט נוּט גְהַלְטְן מוּט אוּם וֶוען דֶר בעש"ש פְלֶעגְט קוּמוּן אוּנ דָר שְׁטָאט אַרַיין פְּלֶעגְט עֶר אַיין שְׁטֵיין בַּיי דוּ צְוֵויי בְּרִידֶר וָוס הָבּוּן מוּט אוּם גְהַלְטוּן אוּנ פְלֶעגְט תָּמִיד פְרֶעגְן וָוס טוּט דֶר דְרִיטֶער חָטְשׁוּ עֶר הָט מוּט אוּם גְקְרִיגְט . אַמָל אִיז עֶר אָ גְקוּמוּן אוּנ דָר שְׁטָאט אַרַין אִין הָט בַּלְד אַזוֹ גְפְרֶעגְט וָוס טוּט סַיין מִתְנַגֵּד דֶער עוֹלָם הָט גְמֵיינְט אַז מֶען וֶועט אוּם אַגוּטֶע בְּשׂוֹרָה זָאגוּן וַוייל עֶר קְרִיגְט מוּט אוּם אוּנ זָאגוּן אוּם עֶר אוּז שְׁלָאף אוּנ לִיגְט וִויא אַשְׁטֵיין עֶר קֶען נִיט רֶעדוּן זָאגְט עֶר אוּךְ וֶועל גֵיין אוּם מְבַקֵּר חוֹלֶה זַיין אוּנ אוּז גְקוּמוּן צוּ אוּם אִים פְּרֵייטוּג זָגְט עֶר צוּ דוּ צְוֵויי בְּרִידֶר אִיז דָם מֶעגְלִיךְ אַז אוּךְ זָאל דַוִּוינוּן אוּם שַׁבָּת בַּיי דֶעם שְׁלַפוּן . עֶנְפֶרְן זֵיי אוּם וֶוען עֶר זָאל גֵיזִינְד זַיין וָולְט עֶר בְּוַדַּאי נִיט גְלָזְט אַייךְ דַאוִוינוּן בַּיי אוּם אוּבֶּר אַז עֶר לִיגְט ווי אַשְׁטֵיין וֶוער וֶועט אַייךְ וֶוערוּן . הָט דֶר בעש"ש גְהֵייסוּן בְּרֶענְגֶן אַסֵפֶר תּוֹרָה אוּנ הָט דָרְטְן גְדַוִּוינְט מִנְחָה אִין מַעֲרִיב אוּנ שַׁבָּת אוּנ דֶר פְּרִי הָט עֶר דָארְטוּן גְדַאוִוינְט שַׁחֲרִית אוּנ הָט זֵייעֶר לַאנְג גְדַוִּוינְט בּוּז נָאךְ הַלְבּוּן טָאג . נָאךְ שַׁחֲרִית אוּז עֶר אַרוֹס גְקוּמוּן פוּן דֶעם חֶדֶר וָוס עֶר הָט גְדַוִּוינְט אוּנ הוּיז אַרַיין אָפּ קוּלוּן זוּךְ הָט עֶר גְהֶערְט אוּנ שְׁטִיבּ אַגְוֵויין אוּנ אַגְשְׁרַיי אַז עֶר אוּז גוֹסֵס הָט עֶר גְזָגְט צוּ זַיינוּ לַייט לָמוּר אוּם מְבַקֵּר חוֹלֶה זַיין זֶענוּן זֵיי גְגַאנְגוּן מוּט אוּם אוּז דֶר בעש"ש אַרַיין גְקוּמֶן אוּנ הָט זוּךְ גֶזֶעצְט נֶעבּוּן דֶעם חוֹלֶה פְרֶעגְט אוּם דֶר בעש"ש הָסְטוּ גְלֶערִינְט גְמָרָא אוּנ דֶר חוֹלֶה הָט אִים נוּט גֶענְפֶרְט עֶר הָט אוּם עֶטְלִיכוּ מָאל גְפְרֶעגְט אוּנ עֶר הָאט אוּם נוּט גֶענְפֶרְט הָט דֶר בעש"ש אוּף אוּם אַגְשְׁרַיי גְטוּן ווי הָסְטוּ קֵיין דֶרֶךְ אֶרֶץ נוּט ווי פִיל מָאל אוּךְ פְרֶעג דוּךְ אוּנ דוּא עֶנְפֶרְסְט מִיר נִיט הָט דֶער חוֹלֶה אוּם גֶענְפֶרְט יָא אִיךְ הָב גְלֶערִינְט גְמָרָא פְרֶעגְט אוּם דֶר בעש"ש אוּנ אַמַסֶכְתָּ שְׁטֵייט אַז אֵיין תַּנָּא הָאט גְפְרֶעגְט דֶעם אַנְדֶרִין אַז עֶר אוּז שְׁלַף גְוֶוען אוּב עֶס אוּז אוּף דוּר גְלִיבְּם יְסוּרִים עֶנְפֶרְט עֶר דָם שְׁטֵייט אוּנ בְּרָכוֹת פְרֶעגְט אוּם דֶר בעש"ש וָוס הָט אוּם דֶר תַּנָּא דֶר חוֹלֶה גֶענְפֶרְט זָגְט עֶר עֶר הָט גֶענְפֶרְט אוּךְ וִויל נוּט דוּ יְסוּרִים אוּנ נוּט

זייער

זייער שכר זאגט דער בע"ש צום חולה גיב מיר דיין האנד האט ער אים געגעבן האט אים דער בע"ש אן גנומן ביי דער האנד אין האט אים אויף גזעצט דער נאך האט ער אים גהייסן ארפ לאזן די פוס פון דעם בעט האט ער אזו גטון דר נאך האט ער אים גהייסן ער זאל זיך ביסליך ווייס אן טאן אונ זאל זיך וואשן האט ער אזו גטאן דער נאך האט ער גהייסן ער זאל גיין מיט אים אויף דעם או.ט ווי מען דאווינט איז ער גגאנגן מיט אים אונ האט גדאווינט מוסף מיט אים אונ איז גאר גזינד גווארן :

מעשה איינער איז גוועזן פון דעם בע"ש מקורבים אונ גוואנט אונ אדרף אונ איז גוועזן אלמדן ויירא שמים אונ דר בע"ש האט אים זייער מקרב גוועזן ער פלעגט קומען אויף ימים נוראים אונ שטאט ארייןפלעגט ער איין שטיין ביים בע"ש אמל איז ער גקומן אונ שטיב ארייןצום בע"ש האט זיך דר בע"ש א..עק גקערט פון אים האט ער זיך גטראכט מסתמא איז ער פ.ר טראכט אונ הוכו מחשבות האט ער אים גיט אונ זון .... אוואלו איז ער ווידער ארייןגקומן צום בע"ש אונ ער האט זיך ווייטר אוועק גקערט פון אים האט ער אזו גטון דריי מאל האט ער זיך זייער דער שראקן ער האט זיך גטרכ. ווס קען דס זיין אונ איז גקומן צו ר' גרשון קו.בר אין האט אים אן גהובן בעטן ער זאל גיין צום בע"ש וואס דאס בטייט איז ר' גרשון גקומן אונ האט אים גפרעגט וואס איז דס ווס דוא ביסט אים אזו מרחיק ער איז איין אדם כשר מ.ט אלו מעשים אונ איז פרום האט ער אים געגפרט ווס ווילסטו פון מיר האבן אויך זאל אים מקרב זיין אין ריידן מיט אים אויך וויל דאס נוט . אז דער האט גזעה אז דער בע"ש האט ר' גרשון אויך נוט גענפרט האט ער זיך נאך מער דער שראקן מסתמא מוז דא עפום זיין אונ איז ווידער גקומן צוא ר' גרשון אין האט פאר אים גוויינט זיין לעבן איז גמאס ער וויל גוואר ווערן ווס דס איז . איז ר' גרשון ווידר גקומן צום בע"ש אונ האט זייער גבעטן ער זאל אים זאגן ווס דס איז ווס ער איז מרחיק דעם מענטש ער האט אים גזאגט דס איז נאר אפקוח נפש . ענפרט אים דר בע"ש אויך זעה אויף זיין שטערן אצייכן עבירה אשת איש האט ר' גרשון גזגט עס קאן נוט זיין ער איז שון זעכצין יאר אפרוש פון זיין ווייב זגט ר' גרשון צום בע"ש עס מוז דאך זיין עפום אויך זעה גאר נוט אויף אים נאר דו אליין מסתמא מוז דס נוט זיין אגראבו זאך נאר עפ"ם איין א ידלו זאך אויך מוז נאך קלערון אונ פרייטיג צו מנחה אז מיין נשמה וועט ארוף גיין ווי דר בע"ש האט אים אוים גלערינט איז אזו גוועזן די מעשה ער האט זיך גאסרת צו וואנון מיט זיין ווייב אונ דער רמב"ם זאגט אז מען אסרת זיך דס ווייב איז ער אסור אונ אירו תכשיטין אונ ער האט אמל גדרפט געלד אויף הכנסת כלה האט ער גנומען דעם ווייבס תכשיטיו אונ האט פר זעצט איבר דעם איז דער צייכון פון עבירה גוועזן אויף דם שטערון איבר דעם קער מען זעהן ווי מען איז אובון מדקדק . דר נאך האט ער אים געגעבון אתיכון :

מעשה דער בע"ש האט קיין מאל קיין זכרים גהט אונ הט מער נוט גהט כל ימי חייו נאר איינטאכטור זו האט גהייסון אדיל אין זו האט ווי פול יאר קיין קונדר גהט מן הסתם האט זוא דר קיטשיט דם פטר דם בע"ש האט צו איר דר בע"ש גזאגט זארג נוט דו וועסט אמל גהלפון ווערון דורך איינום פון מיינו תלמידים דוא מקורבים :

אמל אום שמחת תורה האבון זיך דעם בע"ש זיינו מקורבים זיי.ר צוא טנצט האט זיך ביי איין מקורב אונ מיטן טנצון צו רוסון איין פאנטאפיל איז ער גבליבון שטיין אונ איין פאנטאפיל האט ער אנישריי געגעבון צום בע"ש זיין

מכטער בזה הלשון אויף גויש האדיל פאדרווי מגיע פאטונקו טא באדוש מאטו דאטענקו דם הייסט אויף יודוש גוב מור אפאנטאפיל גשווינד אזו וועסטו האבן אקינד :

ווי דער בע"ש הט דם דר הערט הט ער גזאגט צו זיין טאכטער האדיל גיב אום גשווינד אפאנטאפיל זוא אוז גשווינד גלופין אונ הט גזוכט אונ האט ניט גפינון איז זי גגאנגן אונ הט פון זוך גנומן ביידע פאנטאפל אונ גוט אום הט ער גזאגט דאווי פאטונקו באדוש מאטו דווא דטענקו אוז טאטי דר נאך אזו גוועזן זו האט גהט אצווילונג איינער אוז גוועזן דר צדולקיוור צדיק דר אנדרר אוז גוועזן ר' ברוך ממעזבוז זצ"ל :

## מעשה

צו דר ציילון פון פטירת מורינו ורבינו הרב הקדוש נזר ישראל וקדושו מוה' ר ישראל בעש"ט אוז פול צו שרייבן מור וועלן שרייבון בקיצור קודם כל דבר ער איז נוט גלעגון צו בעט נאר ער האט דם כח ביסלך וויים אן גווארון אונ האט זוך גרעכט נפטר צו ווערון דם ערשטון טאג שבועות דם הט גדוערט עטליכע וואכון פאר שבועות אונ ער פלעגט זוצון גאר בזונדר אונ אשטובל ער הט קיינום נוט אריין גלאזט אונ זיינו לייט האבון זייער גשרוגן זאגט דר בע"ש ווס שרייען זייא אום זוסט אויך הב אמאל גקענט מתפלל זיין אבר היינט איז נוט דו צייט אונ מיין משפט וועט נוט קומן פאר קיין שום בית דין א נ מלאך נאר פר הש"י אונ עס אוז גקומן אגרוסר דאקטר קין מעזבוז הט דר עולם גוואלט מען זאל רופון דעם דאקטר צו אום נאר מען האט מורא גהאט אום

דם צו זאגון אוז דארט גוועזן דר אוסטרר רב ר' דוד האט מען אום גהייסון דם ער זאל אום זאגון ווארום ער אוז זייער השוב גוועזן בייא אום וויא ר' דוד האט דם גזגט זאגט ער צו אום דוד דו ביסט דוך טועה דוא האלסט מוך פאר איין מענש גלייך ווי אנדרי וויא קומט צו מיר אדאקטער אז עס אוז גקומון שבועות זאגט ער מען זאל בייא אום אוף זיין ווי עס אוז לעכטיג גווארון הט ער גהייסן דאווינון נאך דעם דאווינון האט ער גהייסון מען זאל עסון דיא מילחקע סעודה וויא תמיד נאר נוט שהיות מכן דר קאמיסר אוז גקומן צו אים הט ער גהייסן זוך דם פנ ם צו דעקין אין הט מוט אום גרעט ער הט גזגט דם עולם אז וועין ער וועט נפטר ווערוז וועלון זיך אלו זייגרם שטעלון אונ וועלון' נוט גיין אוז אזו גוועז ווייטר ווס עס אוז גוועזן קאן מען דא נוט שרייבון עס אוז זייער פיל. צו שרייבון ווי עס אוז גקומן חצות היום יצאה נשמתו בקדושה ובטהרה זכותו יגן עלינו ועל כל ישראל אמן :

מעשה ווי הרב הגדול ממעזריטש הט זוך מקרב גוועזן לבעש"ט זצ"ל :

המגיד הרב הקד"ש מוהר"ר דוב בער ווס ער אוז גווארון מ"מ אונ מעזריטש גדול אוז גוועזן אגרוסער למדן מופלג בגמרא ופוסקים ובחכמת הקבלה אונ איז גוועזן אגרוסר חסיד ווס נוט צו דער שרייבן ער הט גפסט כמה פעמים משבת לשבת איין וואך נאך דר אנדרר זיבן אדר אכט וואכון נאך אנאנדער אז ער האט גוואנט אונ טורטוש אוז ער גוועזן אחולה איין אונווייניגסטו חולשה הט זוך גטרפן אז הרב החסיד המפורסים מוה' מענדיל פון באר זצל"ה אוז גקומן קיין טורטשין

סיפורי אנשי שם

גהאט פון אלו קונדר אונ ווייל דו עלטרין האבן נוט גוואלט דער וועקין קיין קנאה אונ שנאה אונ הרץ פון זיינו ברידר אויף אום האבן זיי אום אוועק גשיקט צוא איין אנדרן קונוג איינום פון זיי אבקנטין ער זאל אונ קיניגליכון הויז ערציגון ווערון . דער קונוג הט אויך גהאט אשיינו טאכטר דוא צווי יונגע מענשן האבון זוך גליבט

איז אוז איין גשטנן ביים פרנס חודש אונ
אין דם אונטר שטיבול הט ג' ואנט הרב
מוה' דוב בער אונ ר' מענדיל אוז ארום
גגאנגון פון דר שטיב אונ היז ארוין אונ
איז גקומן לעבון אונטר שטיבול הט ער
גהערט ווי הער רבי בער לערינט מ"ט
אתלייד. ווי ער הט געהערט דו דיבורים
ווס גייט ארום פון זיין מויל זענון אוס דו
דיבורים זייער וואל געפעלון ווארום ר'
מענדיל מבאר אוז אליין אוך גוועון אגרוס
חידוש אבעל רוח הקודש הט ער פר
שטנון דו דיבורים אוז ר' מענדיל ארוין
גגנגין אונ שטיבול אונ גשמיסט מוט אום
הט ער גזעהן אז ער אוז אגרוסור חולה
זגט ר' מענדיל ווס רבי בער איר זעעט
אהולה הט איר נוט געהרט אז עס אוז דא
אבע"ש אויף דער וועלט וואס ער טוט
פעולות פרט צו אום וועט ער אייך אוך
אפעולה טון ענפערט דער ר' בער טוב
להסות וכו' עס אוז טייטש עס אוז בעסר
זיך צו בשיצון אוף גאט איידר מען זאל
אבטחון הבן אוף מענשן אונ הט גזגט ער
וויל נוט פרון אונ ר' מענדיל אוז אוועק
גפרון אונ אוז גקומן צו דעם בע"ש הט
ר' מענדיל גזאגט צום בע"ש אוך הב
געזהן זייער אשיינו כלי אונ טורטשן אין
דר צוילט אים זאגט צו אום דר בע"ש
איך זעה אום שון עטליכו יאר אונ הב
השק אז ער זאל קומן צו מור ער אוז
זייער אגרוסו זאך אוך קאן פון אום מכן
מיין פון אלו מיינו מענשן דר נאך אוז אום
גקומן אז הרב ר' בער אוז פרט גפארן
צום בע"ש אונטר וועגינס הט ער זוך
עטליכו מאל גוולט אום קערון ווארום
ער אוז אגרוסר מתמיד גוועון הט אום
באנק גטון דרפון דם לערנון. בקיצור
ער אוז פרט גפרון אונטר וועגינס נוט
ווייט פון מעזבוז הט אום בגעגינט אבעל
הבית ווס אוז מקורב גוועון צום בע"ש
הרבני הגניד מוהר"ר נטע הט דר מגיד
געבון שלום לר' נטע אונ האט אום
גפרעגט איר קאנט עפוס דעם בעש"ט
ממעזבוז זגט ער יוא פרעגט ער אום ער
איז אונ דר היים ענפערט ער צינד פרט
ער אוועק איז ר' נטע אוועק גפרון פון
דם וועג ווי דר ר' נטע אוז גוועון אקעגן
וועג ווס דר בע"ש דרך פארן הט זוך ר'
נטע אנידר גשטעלט אונ דר בע"ש הט
זיך אוך אנידר גישטעלט אוז רבי נטע
גגאנגון צום בע"ש צו שמיסון מוט אום
זאגט ר' נטע צום בע"ש אוך הב בגעגינט
אין קרעטשמו אוודול פארון צו אייך ווי
דר בע"ש הט דם געהערט הט ער זוך ארום
גהפט אום דר בויד הייבט אויף דו הנט
אונ לובט דם אייבערשטן אונ הט גבעטון
ער זאל אום אפעולה טון אונ זגט צו ר'
נטע ו ווייסט גאר נוט ווער עס פארט
צו מור דר ר' בער איז אן גקומן צום

סיפורי אנשי שם

אין האבי גהיירטוט. אונ דער זעלביגו צייט אוז דרטן גקומן איין יוד ער הט
גהייסון חנניה. דער חנניה הט גהאט איין גאנג אונ דעם קיניגליכון הויז
ער הט גלערינט פר דוא טעכטר פון דעם קינוג דוא יודישע אמונה מוט אלו
אירו שענהייט אונ טראכט אונ מוט דער קראפט פון זיינו רייד האט ער אונ
זייא ארויין גגעבון דוא ליבו צוא דער יודישע אמונה. איצטעם וייב אוז אויך
גווע איינו פון דוא וואס האבן גלערינט בייא חנניה דוא יודישע אמונה. זיין
הארץ אוז אויך גווארון אן גיצוגון צו חנניהם רייד אונ ער האט מוט אום פול
פר בראכט אונ האט זוך ענטשלאסון מגייר צו זיין. אונ דער זעלביגו צייט אוז
גקומן אויד אויך אונ דעם קיניגליכון הויז פון מונבז. אונ הט דם הערץ פון דו
קיניגון הילני צו גנייגט צום יודישון דת איצאטעם הט דער פון גאר נוט גוויסט.
דער קונוג מונבז הט בדרפט צו שטרבין הט ער גלאזט צוואה דם איצאטום זאל

בעי"ש ער האָט אום גפֿרעגט וואָס בּדרפֿסטו האָט ער גבּעטון ער זאָל אום היילן גיט דר בעי"ש אַגשריי מַיינו פֿערד עסן קיין מצות נוט אוז ער אַרום גגאַנגון מוט אַנגַסן האָט ער גבּעטון מענשן זיי זאָלון פֿר אום בּעטן דעם בעי"ש ער זאָל אום היילן חאָטשו דר בעי"ש האָט אום זייער גוואָלט היילן נאָר ער האָט בּיי זוך גווייסט דעם טַעם דר נאָך אוז ר' בּער עטליכע מאָל גקומן צום בעי"ש פֿלעגט דר בעי"ש דער ציילון מַעשׂות האָט אום זייער בּאַנק גטון וואָס ער איז זוך מבטל פֿון לערנון ווייל ער אוז איין מַתמיד גוועזן אוז בּיי אום גבּליבּן אוג זיין דיעה ער זאָל זוך מכון גרייט אוף פֿר טאָג אַז די לבנה וועט אוף גיין וועט ער אַהיים פֿרון עס אוז גקומון פֿר טאָג האָט ער זוך מכין גוועזן צו פֿאָרן איז גקומן אַשליח פֿון בעי"ש אוג זאָגט אום דר בעי"ש רופֿט אייך אוז ער גקומן צום בעי"ש הייסט ער אום זצון אוג פֿרעגט אום קאָנסטו קַבּלה זאָגט ער יוא דר בעי"ש ווייזט אום אַשטיקול עץ חיים זאָגט דר מגיד אוך וועל פֿרור אובּר זעהן אוג האָט זיך אובּר גזעהן אוג האָט אום גזאָגט זאָגט דר בעי"ש דו זאָגסט גוט נאָר עס אוז אַגוף אָן אַנשמה אוך וועל דור זאָגון. ווי דר בעי"ש האָט אָן גהויבּון צו זאָגון אוז ער גאָר גבהל ומשתומם גוועזן עס אוז גר אַנדערש ער האָט גזאָגט דרוף סודות התורה זענן מַלאָכים אַראָפּ גקומון אוג דר מגיד האָט אוך גזעהן דו מַלאָכים האָט שון דר מגיד אָפּ גשַׁפֿט דו פֿיר אוג אוז גבּליבּן בּיים בעי"ש אוג דר בעי"ש פֿלעגט אַלו פֿר טאָג קומון צום מגיד שטילערהייט אוג פֿלעגט מוט אום לערנון סודות התורה דר חסיד ר' וואָלף קיצעס איז גוועזן אַחשוב בּיים בעי"ש אוג אַגרויסר מקורב ער אוז גוואָר גוואָרן אַז דר בעי"ש גייט אַליין אַלו פֿר טאָג ער האָט נוט גוויסט וואָס דם בּטייט אוג ער אוז גוועזן אַגרויסר חקרן אוז ער אַרום גקומן אום זוכון עטליכע פֿר טאָג בּיז ער האָט גטראָפֿן אַז ער גייט צום מגיד אוג אוז גקומן צום שטיבּל ווי דר מגיד זיצט אוג האָט אינטר גהערט אונטר דעם פֿענצטר דם בעי"ש קול ער האָט גזאָגט דם איז מַעשׂה מרכּבה ר' וואָלף קיצעס האָט זייער פֿר דרסון אוג זאָגט צום בעי"ש אַזו לַנג ווי ער אוז בּיי אום תמיד זיין רכטו האַנד האָט ער זוך קיין מאָל נוט קובע גוועזן ער זאָל מוט אום לערנון אוג מוט אַפֿרעמדן מענש האָט ער זוך קובע גוועזן צו לערנן האָט אום דר בעי"ש גענטפֿרט וואָס זאָל אוך טון אוג האָב אובּר נאָך נוט גהאַט אַזו אַכּלי ווי דר מגיד אוך וואָלט גערנון מוט אימליכון גלערנט אָבּער איך וויים זיי קענון נוט מקבּל זיין דער נאָך פֿלעגט ר' וואָלף קיצעס אוך אַליין גיין צום מגיד ווייל ער האָט גזעהן ער אוז אַזו גרוס ווי דער בעי"ש האָט אום גזאָגט אַמאָל האָט אום דר מגיד גבּעטן אַז ער זאָל זאָגון דעם בעי"ש אַז ער זאָל אום לאַנג גיט הלטון מוט דו רפֿואות האָט ר' וואָלף דם גזאָגט דעם בעי"ש האָט דר בעי"ש גזאָגט צו ר' וואָלף ער האָט אום מיט דעם וואָרט שפּל גמכט אוך האָב אוג גוואָלט מאַכן ער זאָל שוין תמיד גזונד זיין היינט קאָן ער נוט גאַנץ גזונד זיין:

בקיצור דר בעי"ש האָט אום גגעבּון רפֿואות אַמאָל אוז ער זייער שלאַף גוואָרון האָט דר בעי"ש גשוקט צו אַשר אוג האָט גקופֿט אַפּעריל פֿר דרייסג רענדלך אוג האָט צו קלאַפּט אוג האָט אום איין גגעבּון דער



ירשינון דו מלוכה ווי ער אוז גשטאָרבּין זענון גוקומן דו מיניסטרון צו דער קיניגון אין האָבּון אור געגעבּון איין עצה מען זאָל אַלו פֿרינצון אום ברענגין כּדי איצאַמט זאָל קענון זיכר זיצון אויף דער כּסא המלוכה. אַזו וויא דער מנהג אוז בּיי דוא ווילדי פֿעלקר. אָבּר דו קיניגון אוז שון גוועזן צו פֿול בּקענט מוט דוא יודישע

מגיד האט דר ציילט אז דאס אונז רעכט קבלת התורה וואס דר בע"ש האט אום מוסר געווען אז ער האט אום אן געהויבן צו זאגן פון אספר וואס אונז געלעגן פאר אום נר דר אן ה"ב הייבט זיך אן: ר' ישמעאל כהן גדול האט ער געזאגט מט"ט שר הפנים האט מיר געזאגט האט ער מיר פריר געהייסן זאגן ה"ב אויך געזאגט זאגט ער גוט אזו אויך וועל פר דור זאגין אונ האט אן גהויבן צו צוטערן אין מוטין זאגן האט ער מיר געהייסן ליגן זיך אונ בעט אונ האט גמכט ארום מיר איין עיגול אונ אויך האב אום שון גוט געזעהן גאר אויך האב גהערט אונ האב געזעהן קולות אונ בליצון פארכטנו אזו ווי אויפ'ן הר סיני האבן די ישראל מקבל געווען די תורה אזו האט דר בע"ש מוסר געווען להרב הקדוש המגיד ר' דוב בער ממעזריטש אונ ער האט אום אובר דעם געלייגט אונ בעט אונ האט גמכט איין עיגול ארום ווארום ער וואלט ניט געקאנט שטיין דר נאך פלעגט דר בע"ש זאגן דברי תורה אונ אפירוש אויף כמה מאמרי זוהר וואס זיינו לייט האבן אום געפרעגט אונ זיי זענען געקומען צו הרב המגיד האט ער אויך אזוי געזאגט ווי דר בע"ש אונ האט געזאגט דאס האב אויך אלץ מקבל געווען פון דעם בע"ש אז עס איז געקומען צום אוועק פארן האט דער בע"ש גנומען דעם מגידס העמד אונ האט ארויף געטון אויף זיין קאפ האט ער אום גמוזט בענשין:

מעשה עס איז אמאל אריין געגנגון איין ווילנער ייד צו דעם גרויסן מגיד פון מעזריטש דר ייד איז אליין אמתנגד ער האט ניט געגלייבט אן די רביים נאר ווייל מען האט אים געלויבט דעם גרויסן מגיד איז ער אריין געגנגון אום פרובן ווי ער איז אריין געגאנגען האט ער אום געזאגט מיין קינד זאלסטו וויסן אז ניט קיין רפואות היילן דעם חולה נאר דוא דאקטורים אליין ווארום מיט איטליכן דאקטר גייט מיט אמלאך אונ מיט דעם גאנץ גרויסן דאקטר גייט דער מלאך רפאל אליין. נוא דר ייד האט גאר ניט פאר שטאנען וואס ער זאגט צו אום. ער קלערט ביי זיך וואס האט ער מיר דא געזאגט געלויבט השי"ת איך בין דאך געזונד אויך בדארף קיין דאקטר ניט היינט וואס האט ער מיר דא געזאגט. בקיצור ער איז אוועק געגנגון פון אום אונ האט איבר געקלערט טאמער מיינט ער עפיס אזאך דר מוט האט ער אובר ניט געקענט פאלון אויף קיין זאך האט ער דאס ארויס געלאזט פון די געדאנקען אונ האט זיך פר זוימט דרייא חדשים אונ וועג אונ איז אהיים געקומען נוא וויא ער איז געקומען קיין ווילנא האט ער באלד געקרוגן איין קראנקהייט מען האט נוט געוויסט פון וואנון דאס האט זיך צו אום גנומען מען האט גניצט אלו דאקטורים קיינר האט אבער אום ניט געהאלפן נוא ער איז אלו טאג שלאפר געווארן בוז ער האט געהאלטן ביים עק:

נוא דער ייד איז געווען אגרויסר ח"וב אונ ווילנא האט זייער באנק געטון די שטאט לייט נאך אום נוא אז מען האט דר הערט אז ער איז שון גוסס איז זיך צונו געקומען די גאנצע שטאט לייט צו אום איז אבער פיל געווארן די שטוב זענען זיי געשטאנען אויף דער גאס: נוא ווי זיי שטייען אזו הערון זיי אז דר פרייסישער קעניג איז געקומען קיין ווילנא האבין זיי זיך בראטון צו בעטון דעם קוניג ער זאל זיי ערלויבן זיין דאקטער זאל גיין צוא דעם חולה פולייכט וועט ער אום רעטון פון דעם טוט נוא איז גגאנגען דר גאנצר עולם צו דעם קעניג אונ זיי האבון געבעטן די שררות וואס זענען געווען מוט דעם קוניג זיי זאלון בעטון דעם קוניג אז ער זאל ערלויבון דעם דאקטער צו זעהון דעם חולה. בקיצור דער קוניג האט זיי ערלויבט האבון געבעטון דעם דאקטור איז ער כרוצה געווארן ער איז מיט זיי מיט געגאנגון אין שטוב אונ האט אקוק געטון אויף דעם חולה

איז

איז ער ביין גוואָרון וואָס מען האָט אום
גברכט אהער צו דם זאָגט ער וואָס בין אוך
אגאָט אוך קען מחיה מתים זיין ער האָט
גוואָלט אַרוס גיין אָבּער ער האָט זיך נוט
גקאָנט דורך שטופּון דורך דעם גרוסן
עולם וואָס עס איז אַריין גגנגון אונ שטב
אַריין האָט ער זוך פאַר זומט איין פּערטל
שעה גוט ער אקוק אויף דם חולה האָט ער
גזעהן אַז עס איז גוורון בעסור עס קאָן
מעגליך זיין אַז עס וועט אום העלפין איין
רעצעפּט האָט ער גהייסן דער גנצער עולם זאָל
אַרוס גיין או ער האָט זוך גזעצט אונ האָט אום
במרכט אונ האָט אוף גשריבן איין רעצעפּט
אין האָט אַוועק גשיקט אונ דער אַפּטייק
אַריין צו נעמון דו רעצעפּט נוא ער האָט
זיך פאַר זומט אַביסל זעהט ער דם חולה
איז פול בעסער דאַרף מען שוין יעצט
אַנדרו רעצעפּט דט ער גשיקט אום קערן
דעם שליח אונ האָט אָן גשריבון איין
אַנדרו רעצעפּט :

נוא דר שליח איז גאר אַוועק גגאַנגן
זעהט ער אַמידרף וייטר האָבן אַנדרו
רעצעפּט האָט מען אום ווידר אום גקערט
בקיצור עס איז אזו גוועןעטליכו מאָל
דר דקטר האָט גאר נוט פאַר שטנן ווס דם
איז ער האָט דם קיין מאָל נוט גזעהון אונ
ווי ער שטייט אַזו אונ ווינדרט זוך זעצט
זיך דר חולה אוף אונ זאָגט אוך בעט אייך
זייט דאָ נאָך אַביסל אור אַליין היילט מיך
וואָרן דר רבי האָט מור גזאָגט אַז מוט דם
גרסטן דקטר גייט מוט דר מלאך רפאל
אַליין קען מען גזינד ווערען גאָר אָן
רפואות נאָר אוך האָב דענצמאָל גאָר נוט
גוויסט ווס דר מגיד האָט גמיינט דר מוט
אין היינט זעה אוך אַז עס איז טקו אַזו:
נוא דר דקטר איז גוועזן איוד ווי ער האָט
דם גהערט האָט ער אום גפרעגט ווער
איז דער רבי האָט ער אום גזאָגט דער
מעזריטשור מגיד האָט דר דקטר גזאָגט אַז
ער קאָן דם פר שטיין מוז ער זיין איין
גרוסור צדיק דר נאָך איז דר דקטר גפאָרן
צו דם מגיד אונ איז גוואָרון איין גרוסור
צדיק דר זכות זאָל אויף אונז מגין זיין
אין אַלום גוטון מור זאָלון זוכה זיין געך
צו זעהן בנחמות ציון וירושלים אמן :

מעשה מהרב קדוש אלוקי מוהר״ר יעקב
יוסף הכהן זצלה״ה אבד״ק פולנאי בעל
המחבר ספר תולדות יעקב יוסף :

אמל איז גפאָרון הרב מפולנאי אויף
שבת צום בע״ש אונ האָט גמוזט פרון אוף
שארי גראד אונ ער איז דאך ברוגז גוועזן
אוף דר שטאָט פון פריר האָט ער זוך נוט



גזעץ האָט זוא נוט גוואָלט טון אַזא אַכזריות נאָר זוא האָט דוא פרינצן אַריין גזעצט
אין גפענגנים כדי זיי זאָלון נוט שטערן אור זון איצאַטעם דוא מלוכה אָן צו נעמון
אָבר אור עלטרו זון מונבז האָט זוא דוא פרייהייט גגעבון אונ האָט אום גמאכט פאַר
דעם שטעל פאַר טרעטור בוז וואַנון דער ברודער וועט קומען . אַז איצאַטום איז
אַהיים גקומון איז ביי אום גוועזן גרעכנט פאַר איין אַכזריות ווס דו מוטר האָט זיינו
ברודר אונ גפענגנס אַריין גזעצט . ער האָט זיי באַלד פריי אַרוס גלאָזט אונ האָט זיי
גשיקט אונ דו קעניגליכו הייזר דרטון צו זוצון : ער האָט גוואָלט אונ גאַנצון צום
יודענטום איבר גיין אונ זוך לאָזון מל זיין נאָר דו מוטר האָט אונ דער צו נוט צו
גלאָזט ווייל זוא האָט מורא גהאַט דם דוא פדנים זאָלון נוט מורד זיין אָן אום אויך
זיין לערור חנניה האָט אום גזאָגט אַז דוא מילה איז נוט דוא הויפּט זאַך פון דעם
יודישקייט ער קען הייסון איוד אפילו אָן מילה אָבר נאָך דעם איז דרט גקומון איין
אַנדרור יוד פון ארץ ישראל אונ האָט גטראָפין דעם קינוג זיצידוג אונ לערנון אונ
תורת משה האָט ער גזאָגט צום קינוג עס איז נוט גליך צוא זיין אום גמלת דען נוט
מיט לערנון דו תורה אַליין איז איוד יוצא זיין שולדיגקייט נאָר ער מוז היטון צו טון

גוּלְט שְׁטֶעלֶין אוּנ דֶר שְׁטָאט נָאר מֶען הָט גמוּזְט פַּסוּקְדוּ פֶעְרְד הָט עֶר זוּךְ גמוּזְט שְׁטֶעלְן דָרְט אוּנ פוּן דָם וָואגוּן אוּז עֶר גִיט אַרָפּ גקוּמוּן אוּנ הָט אָן גְזָגְט ווִי דִי פֶעְרְד וֶועלְן אָפּ עֶסְן זָל מֶען תֵּיכֶּף אַוֶועק פָּרוּן אוּנ אַז זַיי הָבִּן גוּלְט אַוֶועק פָּרְן הָט אָן גהוֹבּוּן צוּ גַיין אַגְרוֹסוּר רֶעגְן הָט עֶר גמוּזְט דָרְט נֶעכְטִיגוּן אוּנ אִין דֶר פְרִי אִיז אוֹךְ גַנגְן דֶר רֶעגוּן אוּנ הָט נוּט אוּף גְהֶרְט צוּ גַיין בּוּז דָנֶרְשְׁטִיג עֶר הָט גְזֶהְן אַז דֶר רֶעגְן הֶערְט נוּט אוּף הָט עֶר גְזָגְט רבש״ע אָפְשַׁר אוּז דוּר נִיחָא אַז אוֹךְ זָל דָא שַׁבָּת הַלְטִין לָאז דֶער רֶעגוּן אוּף הֶערְן בַּלְד צוּ גַיין ווִי עֶר הָט דִי וָוערְטֶר אַרוֹס גְרֶעט הָט דֶר רֶעגִין תֵּיכֶּף אוּף גְהֶערְט צוּ גַיין אִינ אַגַנְצִין שַׁבָּת הָט עֶר מִתְפַּלֵּל גְוֶועְן פוּן דֶר שְׁטָאט וֶועגְן אוּנ דֶר בע״ש הָט גְזֶעהְן מוּט רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אַז דֶר רב מפּוֹלנָאי הַלְט שַׁבָּת אוּנ שַׁארִיגְרָאד אִין דֶר בע״ש הָט דָאךְ גְוִויסְט אַז עֶר אוּז בְּרוֹגֶז אוּף דֶר שְׁטָאט הָט דֶר בע״ש גְזָגְט צוּ זַיינוּ לַייט אוּר זָאלְט ווִיסְן אַז דֶער פּוֹלְנָאִי רַב הַלְט שַׁבָּת אוּנ שַׁארִי גְרָאד אִינְנָאךְ שַׁבָּת אַז הָרַב מִפּוֹלְנָאִי אוּז גְקוּמֶן צוּם בע״ש הָט עֶר אוּם גֶעגֶבְּן שָׁלוֹם אוּנ הָט גְלַכְט הָט דֶר רָב גְפְרֶעגְט רַבִּי וָוס לַכְט אוּר הָט עֶר אוּם גֶענְפֶרְט וַייל דוּ הָסְט שַׁבָּת גְהַלְטוּן אוּנ שַׁארִי גְרָאד הָט עֶר אוּם גְזָגְט אִיבֶּר דוּ רֶעגִינְס הָב אוֹךְ גמוּזְט דָרְט שַׁבָּת הַלְטוּז אוּנ הָט זוּךְ אָן גְהוֹבּוּן קְלַאגוּן אוּף דוּ שַׁארִי גְרַאדִיר לַייט הָט דֶער בע״ש אוּם גֶענְפֶרְט דוּא מֵיינְסְט אַז דֶר מוֹכִיחַ הָט גְזָגְט לְוּגוּן ח״ו אַז עֶר הָט גהֶערְט אַכְּרוּז אַז דִי שְׁטָאט וֶועט פַר בְּרֶענְט וֶוערְן דָם אוּז אֶמֶת עֶר הָט טַקֵי גְהֶערְט אַיין כְּרוּז נָאר אוֹךְ הָב גְפּוּלְט עֶס זָל נוּט פַר בְּרֶענְט וֶוערוּן אוּנ אַיין מָאל נָאר גַאסוּן וַויים אַמָאל דוּא גַאס אוּנ אַמָל דִי אַנְדֶרוּ גַאס בּוּז דוּא גַאנְצִי שְׁטָאט וֶועט אָפּ גִבְּרֶענְט וֶוערִין אוֹבֶּר עֶס וֶועט גְוֶוערוּן אַלַנְגִי צַייט: עֶס הָט זוּךְ גטְרָפְן דֶר בע״ש הָט גְזָגְט צוּ ר׳ גֶרְשׁוֹן זַיין שְׁוָוגוּר אוֹךְ זֶעה אוּף אַייךְ אַצַייכְן פוּן אַיין עֲבֵירָה ר׳ גֶרְשׁוֹן עֶנְפֶרְט אִים דוּ בִּיסְט אַשְׁקְרָן אוּנ הָט דָם בע״ש גְשְׁלָגְנְפַר דָם וָורוּם עֶר הָט זוּךְ נוּט גְפִילְט אִין קֵיין שוּם זַאךְ עֶס זָל זַיין עֶפּוּס אַיין גֶדְנוּד פוּן עֲבֵירָה זָגְט דֶר בע״ש צוּ אוּם וָורְט מוּר בּוּז מָרְגְן וֶועט מֶען מוּר מוֹדִיעַ זַיין מִן הַשָּׁמַיִם דִי עֲבֵירָה וֶועל אוֹךְ דוּר אוּם זָגְן עֶס אוּז גְקוּמֶן מָרְגְן פְרֶעגְט אוּם ר׳ גֶרְשׁוֹן הָט מֶען דוּר שׁוֹן מוֹדִיעַ גְוֶועְן מִן הַשָּׁמַיִם זָגְט עֶר יוֹא דוּ הָסְט מְקַבֵּל גְוֶועְן אוּף דוּר דִי זָלְבְּט זוּךְ פוֹרֵשׁ זַיין פוּן דַיין וַוייבּ אוּנ דֶר נָאךְ בִּיסְטוּ מוּט אוּר גְלֶעגְין חָטְשִׁי עֶס אוּז נוּט קֵיין עֲבֵירָה נָאר וַוייל הש״י אוּז מְדַקְדֵק מוּט דוּ ג טוּ יוּדוּן כְּחוּט הַשַּׂעֲרָה אוּז גְלַייךְ ווִיא דוּא הָאסְט עוֹבֵר עֲבֵירָה גְוֶועְן דָם הָב אוֹךְ גְזֶעהְן אוּף דוּר הָט אוּם ר׳ גֶרְשׁוֹן גְזָגְט יוֹא עֶס אוּז אֱמֶת נָאר עֶס אוּז קֵיין בְּרֵירָה גְוֶועְן מַחֲמַת אוֹךְ הָב גוּלְט פָּרְן קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָט מַיין וַוייבּ מוּט מוּר נוּט גוּלְט פָּארוּן מַחֲמַת אוֹךְ הָב מוּךְ פוֹרֵשׁ גְוֶועְן הָב אוֹךְ גמוּזְט חוֹזֵר זַיין עַל הַפְּרִישׁוּת דֶער נָאךְ הָאט גמוּזְט ר׳ גֶרְשׁוֹן מִתְפַּלֵּל זַיין אוּנ דֶער בע״ש הָט אוּם אוֹךְ גמוּזְט הֶעלְפִין הָבִּן זַיי עֶרְשְׁט מְתַקֵּן גְוֶועז דוּא עֲבֵירָה פוּן דֶם הִתְחַבְּרוּת אוּז גְבּוֹרוּן גְוָוארוּן הַמַּגִיד מק״ק ראזין:

מעשה הָרַב ר׳ גֶרְשׁוֹן קוּטְבֶער אוּז אַמָל גְזֶעסִין מוּט הָרַבר׳ הירש מִקְרֶעמִינֶץ הָט ר׳ הירש גְפְרֶעגְט ר׳ גֶרְשׁוֹן אוֹךְ הֶב גְהֶערְט דֶר צַיילוּן אוּף אַייךְ אַז אוּר זֶענְט גַנגְן זוּךְ טוֹבְלִין אוּנ יַם בְּשַׁעַת אַז דוּ שׁוּף אוּז גַנגְן ווִי טָאר מֶען זוּךְ אַיין שְׁטֶלְן בְּמָקוֹם סַכָּנָה הָט ר׳ גֶרְשׁוֹן גֶענְפֶרְט דוּ מַעֲשֶׂה



דוּ מִצְוֹת וָוס שְׁטֵייעְן דַארִין גְשְׁרִיבּוּן . דֶער קֶענִיג הָט זוּךְ נוּט מֶער גְקֶענְט אַיין הַלְטוּן

אִיז אַזוֹ גְוֶועזְ אוּךְ הָבּ גְזֶעהְן אַז מֶען הָט דַן גְוֶועזְ אוּף דָם הִימֶל אַז דוּ שׁוּף זָאל דֶר טְרוּנְקִין וֶוערוּן הָבּ אוּךְ אוּנ זוּן גְהַט צוּ גֵיין טוֹבְלִין מוּךְ כְּדֵי אוּךְ זָל מְבַטֵל זַיין דִי גְזֵירָה דֶר וַוייל הָט זוּךְ מִזְדַמֵן גְוֶועזְן אַז מֶען אִיז צוּ גְפָרִין מִיט דֶר שׁוּף צוּ אֵיין קֶענְפִּי אוּנ הָבֶן זוּךְ מוּט דֶר שׁוּף גְשְׁטֶעלְט אִין אַלוּ לַייט זֶענְן אַרוּם גְגַאנְגוּן פוּן דֶר שִׁיף אוּף דֶר קֶענְפִּי שְׁפַּצִירֶנְדֶר וַוייל הָבּ אִיךְ מוּךְ מְיַישֵׁב גְוֶועזְן הַיינְט אִיז צַייט צוּ גֵיין טוֹבְלִין זוּךְ הָבּ אוּךְ מוּךְ אוּם גְטוּן אוּנ הָבּ גְלֵייגְט דָם אָן טוּן אוּף דָם בְּרֶעט פוּן דֶר שׁוּף אוּנ אַלֵי יְנְבִּין אוּךְ אַרַיין גְשְׁפְּרִינְגֶן אִין יַם טוֹבְלִין מוּךְ אוּנ הָבּ מוּךְ פַר זָמְט אִין וַוסֶר דֶר וַוייל הָבֶּן דוּ לַייט גְרִירְט מִיט דֶער שׁוּף אוּנ זֶענְן אַוֶועק גְפָרְן אַז אִיךְ בִּין אַרוּם גְגַנְגֶען פוּן דֶם יַם אוּנ הָבּ דֶר זֶעהְ אַז דוּ שׁוּף אִיז אַוֶועק גְפָרְן הָבּ אוּךְ גְטְרַכְט וָוס וֶועל אוּךְ טוּן נַקִיטֶרְהֵייט אוּךְ וֶועל נוּט קֶענְן קֵיין וָוְרט רֵידִין פַר גָאט וָורוּם אוּךְ בִּין נַאקִיט אוּנ קֵיין עֶסִין הָבּ אִיךְ נוּט הָבּ אוּךְ מוּךְ מְיַישֵׁב גְוֶועזְן אוּךְ וֶועל נָאךְ שְׁווימוּן וָורוּם אִיךְ הָבּ אַמָל גְזֶעהְן אֵיין יְהוּדִי טְרֶענְקְט זוּךְ אוּנ אַטַייךְ אִין אִיז וַוייט גְוֶועזְן פוּן מִיר אַהַלְבֵּי מַייל בִּין אוּךְ צוּ גְשְׁווימוּן אוּנ הָבּ מַצִיל גְוֶועזְן דֶם יְהוּדִי הָבּ אוּךְ נָאךְ גְשְׁווימוּן דוּ שׁוּף הָבּ אוּךְ דוּ שׁוּף אָן גְיָאגְט דוּ שׁוּף אִיז גְוֶועזְ אוּם גְשְׁמִירְט פוּן דְרָסִין מִיט סְמְלֵי דָם וַוסֶר זָאל נוּט אַרַיין גֵיין מַחֲמַת דֶם אִיז זִיא גְוֶועזְן גְלַאט הָבּ אוּךְ גְגְרַבִּילְט מִיט דוּ הֶענְט אוּנ הָבּ מוּךְ נוּט גְקָנְט אָן חַפִּין דֶר וַוייל אִיז דוּ שׁוּף וַוייטֶר אַוֶועק גְפָרִין בִּין אוּךְ נָאךְ גְשְׁווימוּן מִיט גָאר דֶם כֹּחַ אִין הָבּ אָן גְנוּמֶן אַפִילּ מוּל מִיט וַוסֶר אוּךְ הָבּ נוּט גְקֶענְט קֵיין שׁוּם וָורְט אַרוּם רֵיידִין אֲפִילוּ קֵיין וִידוּי הָבּ אוּךְ נִיט גְקָאנְט זָאגוּן דֶר וַוייל אִיז אַטֶערְק אַרוּם גְגַנְגֶן פוּן דֶר שׁוּף אוּנ הָט מוּךְ מַצִיל גְוֶועזְ הָבּ אוּךְ, מוּךְ גְלֵייגְט אוּף דוּ בְּרֶעגִים פוּן דֶר שׁוּף אוּנ אוּךְ בִּין גְלֶעגִין אֵיין עֶרֶךְ פוּן צְוֵויי שָׁעָה אוּנ הָבּ זֵייעֶר גְמַייקִיט מַחֲמַת דֶם וַואסֶר וָוס אוּךְ הָבּ אָן גְנוּמָן אִין מוּיל דֶער נָאךְ בִּין אוּךְ צוּא מִיר גְקוּמֶן אוּנ הָבּ אָן גְטוּן מַיינוּ מַלְבּוּשִׁים אִיז הָבּ גְזוּכְט דֶם טֶערְק אוּךְ הָבּ אוּם גְוָולְט בַּצָלֶן פַר דֶער טוֹבָה וָוס עֶר הָאט מִיר גְטוּן הָבּ אוּךְ גְזִיכְט אוּנ דֶר שׁוּף אִיז נִיט גְוֶועזְ קֵיין שׁוּם טֶערְק הָבּ אוּךְ מוּךְ מְשַׁעֵר גְוֶועזְן אַז עֶס הָאט גְמוּזְט זַיין אֵלִיָהוּ הַנָבִיא:

מעשׂה הרב הגאון החסיד ר׳ מיכל הָט גְזָגְט אַז אוּךְ הָבּ חֲתוּנָה גְמַכְט מַיין זוּן ר׳ זְאֵב וָואלְף אוּנ לִינְץ הָט מֶען מִיר גְזָגְט מִן הַשָׁמַיִם אַז אוּךְ זָל גֵיין צוּם בעשׁ״ט אוּנ זָאל אוּם אָן נֶעמוּן פַר אֵיין רבּי אוּנ מֶען הָט מִיר גְוִיזִין וָואסֶרוּ קְוַולִין חָכְמָה גֵייט נָאךְ דֶעם בעשׁ״ט אוּנ אַז דֶער בעשׁ״ט אִיז גְשְׁטָרְבִּין הָט מֶען אוּם גְזָאגְט פוּן דֶעם הִימֶל אַז דוּ חָכְמָה אִיז הַיינְט בַּיים רַבִּין ר׳ בֶּער מגיד מְמֶעזְרִיטְשׁ גָדוֹל אוּךְ זָאל אִים אָן נֶעמוּן פַר אַרֶבִּי: הרב ר׳ מיכל הנ״ל הָט דֶער צֵיילְט אַז הָרַב הֶחָסִיד מוהר״ר אלעזר אב״ד בק״ק אַמְשְׁטֶרְדַם אִיז גְפָרִין קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ זֶעהְן מִיט ר׳ נחמן הָרְדֶענְקֶר וֶועלִן זַייא פוּלוּן פְּעוּלוֹת גְדוֹלוֹת אוּנ אַז ר׳ אלעזר אִיז אָן גְקוּמֶען קֵיין וְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זֶענְן דִי שְׁטָאט לַייט אַקֶעגוּן גְגַאנְגוּן אִיז צְוִוישְׁן זֵיי גְוֶועזְן ר׳ שמעון ר׳ נַחְמָנְס זוּן הָט ר׳ אלעזר גְפְרֶעגְט וִוי אִיז דַיין פָטֶר הָט עֶר גְזָגְט עֶר אִיז אַוֶועק גְפָרְן קֵיין חוּץ לָאָרֶץ זָגְט ר׳ אלעזר אַבִי אוּךְ בִּין פוּן זַיינִיט וֶועגְן גְקוּמֶ אַהֶער אַז ר׳ נחמן הָט גְהֶערְט אַז ר׳ אלעזר מֵאַמְשְׁטֶרְדַם אִיז גְפָרְן קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָט עֶר זוּךְ גְאַיילְט אִין אִיז אִיךְ גְקוּמֶן קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אֵיידֶר ר׳ נחמן אִיז גְקוּמֶן אִיז דֶר וַוייל ר׳ אלעזר גְשְׁטָרְבִּין בעו״ה זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ: אוּנ לָאְדְמִיר אִיז גְוֶועזְ אֵיין עוֹשֶׁר אוּנ הָט נוּט גְהַט קֵיין קִינְדֶר הָט עֶר גְשִׁיקְט נָאךְ דֶם בעשׁ״ט הָט מֶען אוּם אָפּ גְגֶעבּוּן אַבַּזִינְדֶר

חדר

חדר אונ דר בע״ש הט ביי אום גהלטן שבת נך שבת הט ער גזגט אוף קענדור מיין נוט העלפן אונ דו ביסט מסכים אז די לסט הבן קינדר בעלי מומין וועסטו הבן הט ער מסכים גוועזן אונ אזו גוועזן ער האט גהאט די קינדר גהרבטו :

מעשה מעשה פון בטחון וואס האט זוך גטרפן מיט אגוויסן מענש אונ דר צייט פון דם ר׳ מיכל אל טשוועי הקדוש זיין זכות זאל אויף אונז מגין זיין :

דער רבי רב מיכל הט איין מאל געשטראפט איין חסיד פון זיינו חסידים פר וואס ער הט קיין בטחון נוט אזו ווי מען דרף ענטפרט אים דער חסיד לאז מיך דער רבי לערנין פיליכט וועל אוך קענין בטחון האבין ענטפרט דער רבי פאר אהיים אונ גרייט דיך אן אונ וועג אריין אונ וועסט קומן צו מור וועל אוך דיך שיקן אויף איין אורט וועסטו זעהן ווי אזו מען הט בטחון דר חסיד פארט אהיים אונ הט מוט זוך גנומן אלו זאכן וואס מען בדרף אונ וועג אריין אונ אוז גקומן צו דם רבי ר׳ מיכל הט אום דר רבי גהייסן פארן קיין ברדיטשיב אונ זאל דרטן אנשטיין ביי דם גוויסו עושר אין דארט וועט ער זעהן ווי דר עושר איז זוך נוהג וועט ער שון וויסן וואס בטחון אוז נאר ער האט אן גזאגט ער זאל גוט קיקן אויף דם עושר ווארום ער בהלט זוך פר מענשן נוא ער אוז גפרון קיין ברדיטשיב ער אוז גלייך פר פרון פר דם עושר ער הט אום זייער שיין אופ גנומן אונ פרעגט אום וואס בדרפט איר זאגט ער דר רבי מיכל מזלאטשיב הט מיך גשיקט אויף איין פר בארגנים עסק אין דט מוך גהייסן ביי אייך שטיין הט אים דער עושר אפ גגעבון אבזונדר שטיבול אונ הט אן גזאגט זיינו מענשן זלון אום געבן וואס ער בדרף דר חסיד אוז דרט גוועזן אגנצו וואך ער זעהט דר עושר פירט זוך זייער גרוס ער גוט זייער אסאך צדקה עס קומט אן אלו טאג וועקסלין אוף אסך געלד ער בצלט אבר יעדן גלייך ער טרכט ביי זוך גוט אוז צו האבן בטחון אז ער אוז אגרוסור עושר נאר ער הט גאר נוט גזעהן פון אום קיין שום מדה פון בטחון ער הט גוט נאך גקוקט ער הט גאר נוט גזעהון פון אום גאר אזאך אוז אום גוועז אפליאה ער הט גזעהן ער האט פול משרתים ארעכנונג פירר אקאסירר אשרייבר אונ פון אצימר האלט ער בייא זוך דעם שליסעל ער ערלויבט נוט דם שליסל אפילו זין איינגן ווייב אנג דו קינדר פרעגט דר אורח דו מענשו וואס ליגט דירט אונ צימר ענפרון זיי דורט אוז דו קאסו פון דם געלד דר עושר גלובט נוט קיין שום מענש זאל אהין אריין קומן . בקיצור דר אורח הט זיך נוט גקענט איין הלטון אונ הט דר צוילט דם עושר די גנצו מעשה ווי דר רבי ר׳ מיכל הט אום גשיקט לערנון זוך בטחון פון אום אונ הוינט ווייסט ער גאר ניט ער זעהט קיין שום בטחון נוט האט אים דער עושר אריין גנומן צו זוך אונ דם פר שלאסנים צימר אונ זאגט צו אום קיק גוט צו אלו פר בארגינום פון דם צימר ווארום דא אוז מיין אוצר וואס אוך שעפ געלד פון דאנין דר אורח קוקט אוף אלו זייטון ער זעהט אובר נאר אטישול אונ אשטול אונ איין בעטול אונ איין קליין קעסטיל דר עושר עפינט אום אוף דם קעסטיל זעהט ער עס אוז גאר ליידיג נאר דר בוך פון צדקה ליגט דרט אונ נר השבונות ער זוכט טמר אוז דרט פר האנדין אפאר בארגון אורט ער גפינט אבר גאר נוט זאגט דער עושר צו אום מיין גאנץ הויז גזינד מיינין אז אוך הב דא איין אוצר וואס איך שעפ געלד פון אום אבר דם אמת זעהסטו דאך אז אוך פר מאג גאר נוט נאר דער בטחון וואס אוך הב אונ גאט ב״ה אוז זייער שטרק אז איך דארף צאלון אחוב אבער עפים

אַנְדֶרְשׁ פַר שְׁלִים אוּךְ מוּךְ אוּנ דֶעם
צִימֶר אוּנ זֶעץ מוּךְ אוּף דֶר שְׁטִיל מוּט
אַצוּבְּרָאכוּן הָאֶרְץ אוּנ אוּךְ זָאג רבש״ע
אִיךְ בַּדַרְךְ אַצִינְד הָאבּוּן אַזוֹ פוּל גֶעלְד
אִיךְ הָאף צוּ דַיין רוּבּוּן נָאמוּן אַז דוּא
וֶועסְט מוּר אַוַודַאי הֶעלְפִי גֶעךְ אוּנ בַּלְד
אִיךְ זָאל חָלִילָה קֵיין לִיגְנֶר נוּט בְּלַייבְּן
אִין אַזוֹ אוּז הַשׁ״ת הֶעלְפְט מוּר אוּנ
דֶר אַייגִינֶר מִינוּט וֶוען אוּךְ דַרְךְ הַיינְט
קָאנְסְטוּ פַר שְׁטֵיין אַז נוּט אוּם זִיסְט הָט
דִיךְ גְשִׁיקְט דר רבי מיכל צוּ מוּר לֶערְנִין
בְּטָחוּן וואל אוּז דֶם וָוס הָט בְּטָחוֹן צוּא
גָאט ב״ה נוּט צוּ קֵיין מֶענְשִׁין נוּא וִויא
זַיי רֶעדִין דָא הָט אֵיינֶר אָן גְקְלַפְּט אוּנ
דֶר טוּר אוּז דֶר עוֹשֶׁר צוּ גְגַאנְגִן אוּנ עֶר
הָאט אוּם גְזָאגְט אַז עֶס אוּז גְקוּמֶן אֵיין
שָׁלִיחַ פוּן יֶענוּם פָּרִיץ הָאט גְבְּרַכְט אֵיין
וֶועקְסִיל אוּף אַסַאךְ רֶענְדְלִיךְ אוּנ דֶער
שָׁלִיחַ וַורְט אוּף דָם גֶעלְד זָגְט דֶר עוֹשֶׁר
זָאג אוּם עֶר זָאל וַוארְטִין בִּיז נַכְט אוּנ
גֵייט אַרַיין צוּ רוּק אוּנ צִימֶר אוּנ זָגְט צוּ
דֶם אוֹרַח אַצִינְד אוּז מוּר אָן גְקוּמֶן צוּא
צָאלוּן אֵיין חוֹב פוּן דְרַיי טוּזִינְט אֲדוּמִים
אִיךְ הָב קֵיין פְּרוּטָה אוּנ אִיךְ הָאף צוּ דֶם
בְּשֶׁעפוּר עֶר וֶועט מוּר אַוַודַאי בַּלְד צוּ
שִׁיקוּן קוּם אַרוּם מוּט מוּר וֶועסְטוּ זֶעהְן דוּ
נִפְלָאוֹת הַבּוֹרֵא וָוס עֶר טוּט מוּט דוּ וָוס
פַר זֶעכִּירוּן זוּךְ אָן אוּם זַיי גֵייעֶן בַּיידוּ
אַרוּם אוּנ דֶר עוֹשֶׁר הָט זוּךְ גֶזֶעצְט אוּנ דֶר
גְרוֹסֶר שְׁטִיבּ אוּנ הָט זוּךְ גְנוּמֶן צוּ רֶעכִינְן
חֶשְׁבּוֹנוֹת אוּנ דֶר אוֹרַח זִיצְט עגון אוּם
קוּמְט אַרַיין זַיין מְשָׁרֵת אוּנ זָאגְט אוּם
אֵיין קַאפִּיטַאן הָט זוּךְ גִשִׁיקְט מֶעלְדִין עֶר
וִויל אַרַיין גֵיין צוּ אַייךְ הָט עֶר גְהֵייסְן עֶר
זָאל אַרַיין גֵיין אוּז דֶער קַאפִּיטַאן אַרַיין
גְקוּמוּן אוּנ זָגְט צוּ דֶעם עוֹשֶׁר אוּךְ וִויל
דֶר גֶעבּוּן צוּא בַּהַלְטוּן עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים
רֶענְדְלִיךְ וָורוּם מוּר אוּז הַיינְט אָן גְקוּמֶן
אֵיין בַּפֶעל אַז אוּךְ זָאל פָארוּן מִלְחָמָה
הַאלְטִין קֵיין אִיצְמַאקְעוו וִויל אוּךְ נוּט
פִירוּן מוּט מוּר קֵיין גֶעלְד טָאמָר שְׁטַרְבּ

אִיךְ אוּנ דֶר מִלְחָמָה אוּנ וַוייל אוּךְ הָבּ
גְהֶערְט אַז אוּר זֶענְט אֵיין עֶרְלִיכוּר מַאן
אִיךְ הָבּ קֵיין קוּנְדֶער וִויל אוּךְ בַּיי אַייךְ
בַּהַלְטִין בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶן צוּ רוּק אוּנ
דֶר פַר שֶׁענְק אוּךְ אַייךְ ט זִינְט דוּקַאטִין
אִיר זָאלְט נִשְׁט הוּטוּן מַיין גֶעלְד אוּם
זִיסְט נָאר טָאמֶר וֶועל אוּךְ שְׁטַרְבִּין אוּנ
דֶער מִלְחָמָה בֶּעט אוּךְ אַייךְ אוּר זָלְט
טָאן צְדָקָה מוּט מַיין גֶעלְד אוּר זָאלְט
לָאזוּן בּוּאוּן אַשִׁיל אוּנ גָאךְ זַאבִין וָוס
אִיר פַר שְׁטֵייט אַז עֶס וֶועט מוּר אַטוֹבָה
זַיין אוּף יֶענֶר וֶועלְט דֶער עוֹשֶׁר הָט צוּא
גְנוּמוּן דָם גֶעלְד בַּיי אוּם אוּנ הָט אוּם
אַרוּם גְגֶעבּוּן אֵיין וֶועקְסִיל אוּף נַיין
טוּזִינְט דוּקַאטִין אוּנ הָט דֶעם קַאפִּיטַאן
בַּלֵייט אוּנ הָאט אוּם גְווִינְשֶׁעוּ אַז הַשׁ״י
זָאל אוּם צוּ רוּק בְּרֶענְגִין לְשָׁלוֹם נוּא
אוּנְזר אוֹרַח זִיצְט פוּן וַוייטוּן אוּנ וִוינְדֶערְט
זִיךְ זֵייעֶר שְׁטַרְק דֶר עוֹשֶׁר אוּז צוּ רוּק
גְקוּמֶען אוּנ זָאגְט צוּם אוֹרַח נוּא הַשׁ״י
הֶעלְפְט אַז מֶען הָט בְּטָחוֹן אַצִינְד וֵוייסְט
אִיר שׁוֹן נָאךְ וָוס דֶר רבי הָט אַייךְ גְשִׁיקְט
הַיינְט אוּז שׁוּן צַייט אִיר זָאלְט פָארוּן
אַהֵיים זֶעהְט אַייךְ אֵיין פוּר אוּנ הֵייבְּט אָן
צוּא פָארוּן לְשָׁלוֹם אוּנ הַשׁ״י זָאל אַייךְ
הֶעלְפִין אוּר זָלְט הָאבּוּן בְּטָחוֹן אָן אוּם
זָגְט דֶר אוֹרַח אוּךְ הָבּ אָבֶּר קֵיין פְּרוּטָה
מִיט וָוס צוּ פָארוּן הָט דֶער עוֹשֶׁר גְלַכְט
אִין זָאגְט אַפָּנִים אוּר הָט אַייךְ נָאךְ נוּט
אוּים גְלֶערְנְט קֵיין בְּטָחוֹן נוּא צֵיילְט עֶר
אִים אָפּ צְווַייא הוּנְדֶערְט דוּקַאטִין אוּנ
גֶזֶעגִינְט זוּךְ מוּט אוּם אוּנ זָאגְט אוּם נָאךְ
אַמָל הַשׁ״י זָאל הֶעלְפִין אַייעֶר נְסִיעָה
זָאל נוּט זַיין אוּם זִיסְט נוּא וִוי דֶר חָסִיד
אִיז אַרוּם גְפָרְן פוּן בַּרְדִיטְשִׁיבּ עֶר הָט
זִיךְ זֵייעֶר גִיחִידִישְׁט וִוי אַזוֹ מֶען קָאן פִירֶן
אַזוֹ גְרוֹסוּ גְשֶׁעפְטִין גָאר אָן אֵיין הַלְבִּין
גְרָאשׁוּן : נוּא וִוי עֶר אוּז גְקוּמֶן אוּנְטֶער
חֶמֶעלְנִיק הֶערְט עֶר אַגִישְׁרֵייא אֵיין
יָעמִירְלִיכוּן וָואס שְׁרֶעקְלִיךְ אוּז עֶר אוּז
גְלָפְן נָאךְ דֶעם קוֹל בִּיז עֶר אוּז גְקוּמֶען

זעהט ער מען פירט צוויא ווייבער אונ קיטון אונ זייערי קונדר גיין זיי נאך אונ שרייען יעמירליך מוט איין ביטר גוויין ער פרעגט זיי ווי אהין פירט מען אייך אין פר וואס ענפרון זיי מוט גרוס גיויין מען פירט אונז הענגין וויל מור האבון שוין צווייא יאר דעם פריץ קיין ראטו גצאלט אונ אונזרו מאנון זענון אנטלאפן פירט מען אונז אום ברענגין עס הט אום דאס הארץ זייער וויי גטון קוקנדיג אויף זייא אונ ער זאגט צוא זייא הערט אויף צוא וויינון אוך וועל מוט גאטס הילף פר אייך בצאלון ער זאגט צוא דוא גוים ווס פירען זיי פירט מוך צוא דעם פריץ איך וועל אום בצאלון פאר דוא שבוים זייא פירען אום צוא דעם פריץ ער פרעגט וויא פיל עס קומט פון דוא ווייבער זאגט מען אום צוויי הונדערט מוט פיפצן דוקטין ער דינגט זוך פילייכט וועט ער נעמון וויניגער אובער דער פריץ וויל נוט נאך לאזון קיין פרוטה. בקיצור דר מענטש האט גגעבון דוא צוויי הונדערט דוקאטין ווס ער הט גנומען אונ אויף דו איבריגע פיפצון הט ער גגעבון איין משכון טלית ותפילין אונ נאך חפצים ווס ער הט גהט ביי זוך נוא מען הט תיכף דו ווייבר נאך גלאזט זייא הבון גלובט הש״י אונ הבון גדאנקט דעם מענטש ווס הט זיי מציל גוועון פון דם טוט אונ ער אוז אוועק גפרון אין הט זוך דער מנט ווס דער עושר הט אים גזאגט אונ הט זוך גשטרקט אונ דעם בטחון אונ הט גהפט אז הש״י וועט אום בוודאי העלפון. בקיצור ער אוז אן גקומן אויף דער נאכט קיין חמלניק ער אוז צוא

גפארון צוא איין ווירטס הויז אונ האט דארט גנעכטיגט ער האט זוך נאך נוט גלייגט שלאפון אוז אן גקומען אגרויסער סוחר אונ האט איך גנעכטיגט אונ יין צימער מוט דם מענטש נוא אזו ווי דער שטייגור אוז פון מענשן אים בקאנטו אז זיי פרעגון זוך איינר דם אנדרין פון וואנן זענט איר דר מענטש זאגט איך בין פון אקליין שטעטול לעבון טאשט זאגט דר סוחר צוא אום זאג מור וועד ביסטו וויא הייסט דיין פאטר ווארום איך בון אוך פון דער איינגער שטאט ערשט פונוף אונ צוואנציג יאר אז איך בין פון דארט ארוס ער זאגט אום זאגט דער סוחר אוך קען אים זייער גוט וואס טוט דיין ברידר דער אין דר ווי גייטועם דור בקיצור ער ענפרט אים אוף דם אלים ווס ער פרעגט נאך דם זאגט דער סוחר צו אום אוך האב צו דור איין בקשה אוך האב איין ארימון קרוב אין דער שטאט וואס דוא דערפסט דארט דורך פארון. אונ אציגנד אוז גשטארבין אונזער בידום איין קרוב ער האט גלאזט אסך ירושה אונ אוך האב דאס שוין בקומען וויל אוך דם מוט דור אפ שיקען צו אום אוך קאן דיין משפחה דו וועסט גיט וועלן קיין פרעמד געלד נוא ער זאגט אום צוא גיט ער אום אסך געלד מיט אבריף צו זיין קרוב. אונ דר צו גיט ער אום פר זיין טרחא אשיינו מתנה אונ דעם אוז שון טאג גוואורן הט זוך דער ס חר גזעגינט מוט אום אונ אוז אוועק גפרן דר מענש אוז אויך גפרן ער אוז גקומן אונ יענר שטאט ווי ער דרף דם געלד אפ צו געבן ער הייבט אן נאך צו



אין האט זוך גלאזט פון דעם יוד מל זיין. קיינער הט דער פון נוט גוויסט נאר דער נאך אז אלו מיניסטארין האבן אן גנומון דוא יודישע אמונה הבון פול שרים גשיקט צו דעם אראבישין קונוג ער זאל קומון מלחמה הלטון מוט זייער קונוג איצאטום אונ זיי וועלון אום העלפון. אבר גאט הט אום גהלפון אונ ער הט מנצח גוועזן אלו זיינו פיינד: דוא קעניגון הילני האט חשק גהאט אויף דער עלטר צוא פארון קיין ירושלים זיא האט מוט גנומן אור זון מונבז אונ איצאטום האט מוט גשיקט זיינו פינף זון זיי זלן

פרעגין קיינער ווייסט אבער נוט ער פרעגט זקנים זיי זאגון אום עס איז קיין מאל נוט גוועזן דא אזא מענטש בקיצור ער שטייט ארטין צוויי טעג ער זוכט אין אלו גאסין ער פרעגט יעדין מענש בזינדר קיינר ווייסט נוט ער הט גהט דער פון גרוס צער עס הט אבער נוט גהלפין איז ער גפרן אהיים אונ ער זמט זיך ניט פול אונ דר היים אונ פרט צוא דם רבי ר' מיכל אונ דר ציילט אום ווי מיט אום איז גגאנגן אונ דם גרוסון צער ווס ער הט פון דם געלד ער ווייסט נוט וועמון דם געלד גהער ענפירט אום דר רבי דם געלד איז דיינס ד' ס חר ווס הט דיר גגעבן דם געלד איז נוט קיין מענש דם איז דר מלאך ווס איז בשפן גווארן פון דער מצוה פיקוח נפש ווס דו הסט דיך גשטארקט אונ בטחון הט מען אום גמכט איין שליח ער זאל דם דור אפ פירן אצינד טוא דר מוט צדקה ווי ווייט דוא קנסט אונ זלסט דיין בטחון נוט פר לאזון וועט דור הש"י תמיד העלפין אצינד זעהט ווי ווייט עס איז גוט אז מען הט בטחון צו הש"י עס איז גאר נוט פר האנדין אבעסרו זאך ווי בטחון איז דר זכות פון דו צדיקים זאל אוף אונז מגין זיין הש"י זאל אונז העלפין אונ אלים גוטען אמן :

יעצט וועלון מור שרייבון פון דוא ברידער הצדיקים והקדושים הרב ר' שמעלקו והרב ר' פנחס וועלכו זייא האבן מחבר גוועזן דאס ספר המקנה והפלאה : הרב הקדוש מוה' זושו זכרונו לברכה איז גוועזן איין תלמיד של הרב הצדיק והקדוש וואס ער הט זוך גרופן מעזריטשער מגיד ז"ל אונ זיין שם האט זיך גהערט אונ מרחקים פר איין גרוסן מאן . אונ ווי דוא אחים הקדושים הבן גהערט אזו זאגט הרב ר' שמעלקו צוא זיין ברידר הרב ר' פנחס ברידר אזו ווי אוך האב גהערט אז עס איז פאר האנדין אונ מעזריטש איין גרוסר מאן איין קדוש וטהור אונ אויך איין גרוסר למדן מען קע זוך אפ לערנון פון אום ווי צוא גיין אונ גאטס וועג וועלון מור פארון אהין פ'לייכ . וועלון מור פון אום איין פעולה הבון אונ עבודת ה' ענפרט אים הרב ר' פנחס עס איז מור אבר איין שדין דו צייט דען מור וועלון דר ווייל זיך מבטל זיין פון לערנון . אונ וועער ווייסט פיליכט איז דער מגיד נוט קיין למדן וואס וועלון מור מאכן ביי אום . ענפרט אום הרב ר' שמעלקו אוך הב אבר גהערט אז ער איז איין גרוסר גאון אין לערנון אוך . אזו איז גבליבן ביי זיי אז זיי זאלען פארן צום הייליגען מגיד זענן זיי אוועק גפרן אונ זענן גקומן קיין מעזריטש ערב שבת קודש באלד זענון זיי גגנגן צום מגיד הט דר מגיד זיי שלום גגעבון אונ הט מוט זיי גאר קיין שיחת ניט גמכט דען ער איז גוועזן זייער פר טראגן מקבל שבת צו זיין הט זיי פר דראסון אביסל . זיי הבן גרעכינט ווען ער וולט גוועזן איין גרוסור מאן אזו ווי



לערנון תורה אונ ירושלים . אור קומן אונ ירושלים איז גוועזן אגליק פר דוא יודן דען דעמאלט איז גוועזן אגרוס הונגר אונ ירושלים הט זוא אוף גקופט תבואה אונ אלכסנדריה אונ פייגון אוף דער אינזיל צפערין אונ הט גטיילט דוא ארימע לייט אויך הט זוא גשענקט אונ דעם ביהמ"ק אנילדענום לייכטור אונ אגלדינו טאפול וואס דוא פרשה סוטה איז דארוף גישריבון אויך אור זון מונבז הט געבון דו הענטלוך צו דו כלים . ווען ער איז גווארון קונוג נאך זיין ברידרס טוט האט ער צו טיילט אלו אוצרות פר דוא ארימע לייט . האבון דוא מיניסטורם צוא אים גזאגט דיינו עלטרן האבן גזאמלט אוצרות אונ דו צו טיילסט זיי . הט ער

מֶען זָאגְט וָועלְט עֶר בַּדַרְפְט צוּ ווִיסוּן אַז מִיר זֶענֶען גְרוֹסוּ תַלְמִידֵי חֲכָמִים וָוס מֶען דַארְף אָפּ גֶעבּוּן כָּבוֹד אוּנ דוּ צַייט פַּר בְּרֶענְגִין מוּט אוּנְז . גַם דוּ תוֹרָה וָוס זַיי הָבֶּן גְהֶערְט שַׁבָּת בַּאם טוּשׁ אוּז זַיי נוּט גְפֶעלְן ווָרוּם זַיי זֶענֶן נָאךְ נוּשְׁט גְוואַנְט גְוֶוען מוּט אַזֶעלְכוּ תוֹרָה זַיי הָבְּן גְמֵיינְט אַז עֶר וָועט זָאגְן אֵיין גְרוֹסוּן פִּילְפּוּל אוּז פַּר בְּלִיבֶּן בַּיי זַיי אַז בַּאלד נָאךְ שַׁבָּת זָאלֶן זַיי אַוֶעק פָרוּן צוּ רוּק אַהֵיים נָאר זַיי הָבְּן גְהַט פוּל שְׁמֶערְצִין אוֹיף דֶעם בִּיטֶל תוֹרָה וָוס זַיי הָאבֶּן גְהַט אוּנ וֶועג מוֹצָאֵי שַׁבָּת זֶענוּן זַיי גְגַאנְגוּן צוּם רָב גְזֶעגִינוּן זוּךְ מוּט אוּם זָאגְט עֶר צוּ זַיי אַז אִין דֶר צַייט וָוס עֶר וֶועט זַיי דַרְפוּ גְזֶעגִינְן וָועט עֶר שִׁיקְן נָאךְ זַיי אוּנ דֶם דְרִיטֶן טָג זֶענְן זַיי גְקוּמֶן נָאךְ אֵייןמָאל צוּם רבּי הָט עֶר זַיי זַייעֶר שֵׁיין גְזֶעגִינְט . אוּנ הָט זַיי גְבֶּעטוּן אַז זַיי זָאלוּן זוּךְ מוּט ר׳ זִישׁע אוֹיךְ גְזֶעגְנִין אוּנ הָרַב הַקָדוֹשׁ ר׳ זִישׁע אוּז דֶענְסְמָאל אוּנ בִּיהמ״ד גְוֶוען אַזוֹ זֶענוּן זַיי גְקוּמֶן צוּ אוּם אוּנ הָבְּן אוּם דֶר צֵיילְט אַז דֶר רַב הַמַגִיד הָט זַיי גְזֶעגִינְט שׁוֹן אוּנ הָט אוּנְז גְבֶּעטְן אַז מוּר זָלְן זוּךְ מוּט אֵייךְ אוֹיךְ גְזֶעגִינֶן רוּפְט זוּךְ אָן ר׳ זִישׁע זִכְרוֹנוֹ לְטוֹבָה דוּ גְמָרָא זָאגְט אוֹיךְ אוּנ פָּסוּק וְתוֹרָה יְבַקְשׁוּ מִפִּיהוּ כִּי מַלְאַךְ ה׳ צְבָאוֹת הוּא. אוּב דֶר רבּי אוּז גְלַייךְ ווִי אֵיין מַלְאָךְ זָאל מֶען לֶערְנְן בַּיי אוּם תוֹרָה אוּנ אוּב עֶר אוּז נִישְׁט ווִי אַמַלְאָךְ זָאל מֶען נוּט לֶערְנוּן פוּן אוּם נוּא קֶענְט אוּר אֵיין מַלְאָךְ הָט אוּר שׁוֹן אַמָל גְזֶעהְן אֵיין מַלְאָךְ וָוס אִיר זָלְט קֶענְן ווִיסְן צוּ דֶר רבּי אוּז אַזוֹ גְלַייךְ ווִי אֵיין מַלְאָךְ נָאר בְּרִידֶר אוּר זָלְט ווִיסָן אַז דֶר פְּשַׁט אוּז אַזוֹ אוּב דֶר רַב אוּז אֵיין פַּר בָּרְגִינֶר מַאן אַזוֹ גְלַייךְ ווִי אֵיין מַלְאָךְ אוּז פַּר בָּרְגוּן פוּן מֶענְשְׁן זָאל מֶען פוּן אוּם לֶערְנְן תוֹרָה דָם אוּז זַיין כַּוָונָה גְוֶוען זַיי צוּא זָאגְן הַגַם זַיי הָבֶּן גָאר נוּט גְזֶעהְן פוּן דֶם רָב נָאר אַזוֹ בְּרוֹכְט צוּ זַיין אַז מַען זָאל זַיין נִסְתָּר ווִי דוּ בְּרִידֶר דוּ



צַדִיקִים הָבְּן דָם גְהֶערְט זָאגְן זַיי אֵיינֶר צוּם אַנְדֶרְן עֶס וַוייזְט זוּךְ אוּם אַז עֶר מוּז זַיין אַגְרוֹסֶר מַאן אֵיין בַּעַל רוּחַ הַקוֹדֶשׁ צוּ לוּב דָם וֵוייסְט עֶר אַז עֶס אוּז אוּנְז עֶפִּיס נוּט גְפֶעלְן הָט עֶר אוּנְז צוּ לוּב דֶם דָם גְזָאגְט אוּנ וֶוען דֶם מַגִידְס תַּלְמִיד אוּז אַזוֹ אֵיין גְרוֹסוּר מַאן קֶען מֶען פַּר שְׁטֵיין ווִי דֶר רַב הַמַגִיד וָוס פַּר אַגְרוֹסֶר צַדִיק עֶר אוּז אוּז גְבְּלִיבֶּן בַּיי זַיי זַיי זָאלְן נָאךְ פַּר בְּלַייבְּן אוֹיף צְוֵויי וָואכְן בַּיי דֶם מַגִיד נָר נָאךְ דֶם זֶענֶן זַיי לֶענְגֶער גְזֶעסוּן דָרְטִין אִין הָבְּן מְקַבֵּל גְוֶוען דֶעם מַגִידְס רֵייד מִיט אֵימָה וְיִרְאָה אוּנ אֵיין קוֹרְצוּ צַייט הָבוּן זַיי אַגְרוֹסוּ פְּעוּלָה גְהַט אוּנ זֶענְן גְוָוארוּן זַייעֶר גְרוֹס וָוס עֶס אוּז גָאר נוּט זַייעֶר גְלַייכְן גְוֶוען אוּנ דֶר וֶועלְט אוּנ אוֹיף זַיי הָט גְזָאגְט דֶר רַב הַקָדוֹשׁ וְהַטָהוֹר דָם מֵיינְט דֶר מַגִיד אוֹיךְ הָב גְפִינֶן אֵיין שְׁטִיבּ פוּל מוּט לֶעכְט נָאר מֶען הָט זַיי נוּט אָן גְצִינְדוּן אוּנ אַזוֹ ווִי אוֹיךְ הָב אֵיין פוּנְק צוּ גְגֶעבּוּן הָבוּן זַיי זוּךְ גְלַייךְ אָן גְצִינְדוּן אוּנ עֶס אוּז גְוָורוּן אֵיין גְרוֹסוּ לָעכְטִיקַייט דָם מֵיינְט מֶען זַיי זֶענְן פְרִיר אוֹיךְ גְרוֹסוּ לַייט גְוֶועז נָאר עֶס הָט זַיי נָאךְ גְפֶעלְט אוּנ דֶר נָאךְ אַז עֶר הָט דָם פַּארִיכְט זֶענוּן זַייא גְוָוארוּן זַייעֶר גְרוֹס אוּנ זַייעֶר שֶׁם אוּז גַגַנְגוּן אוּנ דֶר גַנְצֶר וֶועלְט הָט מֶען גְנוּמֶן הָרַב הַצַדִיק וְהַקָדוֹשׁ ר׳ שמעלקי פַּר אֵיין רַב אוּנ נִיקֶעלְשְׁבּוּרְג אוּנ דֶעם בְּרִידֶר הָרַב הַקָדוֹשׁ וְהֶחָסִיד ר׳ פנחס זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ הָט מֶען גְנוּמֶען פַּר אֵיין רָב אוּנ פְרַנְקְפוּרְט דְמַיָין אוּנ ווִי הָרַב ר׳ שמעלקי אוּז גְקוּמֶן קֵיין נִיקֶלְשְׁבָּרְג הָט עֶר זַייעֶר גְבֶּעטוּן פוּן זַיי אַז זַיי זָאלוּן אוּם לָאזוּן רוּהֵ אוֹיף צְוֵויי שָׁעָה אוּנ דֶר נָאךְ וָועט עֶר דֶם עוֹלָם מְקַבֵּל זַיין אוּנ רֶעדוּן מוּט זַיי ווִי דֶר סֵדֶר אוּז אַז אֵיין רָב קוּמְט אָן אוּנ אֵיין שְׁטָאט אַרַיין הָבוּן זַיי אוּם צוּ לוּב גְטָאן אִין זֶענְנָאפּ גְטְרֶעטוּן פוּן אוּם נָאר עֶטְלִיכוּ מֶענְשְׁן הָבוּן זוּךְ בַּהַלְטוּן אוּנ דֶם חֶדֶר ווִי עֶר אוּז גְוֶוען זַיי זָאלְן זֶעהְן וָוס עֶר וֶועט

דרמן טון דר ווייל אזו הבן זיי גהערט ווי ער רעט צו זוך אליין שלום לך אדונינו מורינו ורבינו שלום לך הרב דניקלשבורג אזו ווי דר שטייער איז אז מען זגט איין גרויסן רב אז מען גוט אום שלום דאס ערשטו מאל גוט מען אום כבוד אפ אוג בשעת ער הט דס גזאגט הט ער זייער גקרעכצט אונ גיאכצט אונ אזו הט ער גטון דו גנצי צייט וום ער הט גבטן אז מען זאל אום לזן אליין בוז דר עולם איז גקומון אום מקבל פנים זיין אונ שלום געבון אונ דר עולם איז גקומן צו אום הט ער זיי זייער שיין צו גנומן אונ דו מענשן ווס הבונזו בהלטון אונ הבן גהערט ווס דר רב הט גרעט הבן דם דר ציילט דו גרוסו לייט אונ פרנסים אלוס ווס דר רב הט גטון בשעת ער א ז אליין גוועזן אונ שטיב הבן זיי גוולט וויסון ווס דער רב הט גמיינט מוט דם הבן זיי אום גבעטון זייער אז ער זל זיי זגן ווס ער הט גמיינט מיט דם הט ער זיי גזגט אזו ער רכינט אז דם מיינט דר הייליגר תנא ווס ער הט גזגט (יהי כבוד חבירך חביב עליך כשלך) אוסור דם פשוטין פשט אז דר תנא זאגט אן אז מען זאל זייער הוטון זיין חברס כבוד מיינט דר תנא נאך איין כוונה מוט דעם אן צו זאגון דם מענשון אז מען וועט אום אן טון כבוד זאל ער זיך נוט מתגאה זיין מוט דם אדרבה ער זאל קרעכצון אונ זיפצון אוף דם דאס מיינט דר תנא דען עם פר שטיין אלו אז ווען אמענטש וועט זוך אליין כבוד אפ געבון דהיינו ער וועט זוך רופון מוט אלו שבחים ווס עס איז נאר פר האנדון אוף דר וועלט אונ קיינר וועט נוט הערון איז דם נוט ביי אום קיין פר גינגן דען כבוד איז נאר שיין צווישן מענשון אונ פון מענשון נוט פון זוך זעלבסט אונ אז ער איז אליין נוט צווישן מענשן דם מיינט דר תנא יהי כבוד חבירך זאל זיין ביי דיר איין בטרעף דר כבוד ווס דיין חבר וועט דיר אפ געבון אזו גלייך וויא דיין כבוד אליין ווס דו וולסט דור זעלבסט אב גגעבון וועט עס גווים נוט קיין בטרף הבון ביי דור אזו ווען איין אנדרר וועט דיר כבוד אן טאן זאל אויך ביי דור קיין חשיבות נוט הבן דו זלסט חס ושלום ניט קיין גאוה בקומען פון דעם צו לוב דעם האב אויך נוט גוואלט אז אור זלט מיך באלד וויא איך בון גקומן מקבל פנים זיין טמר וועל איך חס ושלום גאוה בקומן פון אייער כבוד הב איך מוך אפ גזינדרט אויף עטליכו שעה אונ הב מור אליין גזגט דו אלו שבחים ווס איך הב גוויסט אז אור וועט מור זאגון דו אייגינו רייד איז מור זייער מיס גוורון דו ווערטר אין עס איז ביי מור גוורן למשא ולחרפה אין נאך דם אז איך הב פון איך גהערט אויך דו אייגונו ווערטר הט עס שון גאר קיין בטרעף נוט גהאט ביי מור נאר אזו גליך ווי בשעת איך אליין הב מור דיא שבחים גזאגט :

מעשה דו אחים הקדושים הרב ר' שמעלקי אונ הרב ר' פנחס הט מען זיי גוולט נעמון פר רבנים קיין נ"ש אונ קיין פ"פ אונ ווייל דם רבנות פון פ"פ איז גוועזן אגרעסער רבנות פון דעם רבנות פון ניקילשבורג הבון דו ביידו קהילות נוט גקענט מכריע זיין וועד פון דוא ברידער הקדושים זאל זיין אונ פ"פ אונ ווער זאל זיין אונ ניקלשברג איז ביי זיי גבליבן אז די קדושים אליין זלון זוך אום קלובון



זיי גענפרט מיינו עלטרין האבן גזאמילט אוצרות אונטין אוך זאמול אוצרות אובון . מיינו עלטרין האבן גזאמילט אוצרות אונ איין אורט ווי דו האנד קען צו קומן אוך זאמול אוצרות ווי דו האנד קען נוט צו קומן . מיינו עלטערין האבן גזאמילט אוצרות ווס טראגון נוט קיין פרוכט אונ אוך זאמול אוצרות ווס טרגון

ווער זאל זיין אונ פ״ס אונ ווער זאל זיין אין ניקילשבארג הגם הרב ר׳ שמעלקי איז גוועןעלטער פון זיין ברידר הרב ר׳ פנחס נאר ער איז אבער גוועןאגרוסער עניו הט ער גזאגט אז זיין ברידער איז געכור ראוי צוא זיין פראנקפורטור רב פאר אום אונ דער ברידר האט גזאגט פאר קערט איז גיבליבן ביי זיי אז זייא וועלון זיין באם הייליגן מגיד זאלון זייא אום פרעגון אונ ווי ער וועט זאגון וועט אזו זיין אונ ווידר וועלון זיי אום פרעגן אשטיקול זוהר וואס זיי הבון נוט גוויסט קיין פשט אונ דם ווי זיי זענון גקומן צום מגיד הבן זיי זוך אן גהובון צו שפרןווער זאל פריר אריין גיין יעדר הט גזגט אז דר אנדרר זאל אריין גיין פריר ווייל ער איז גרעסור פר אום ווי זיי שפרון זוך ביידו אזו רופט זוך אן דר הייליגר מגיד פון אינווייניג אונ זגט דר רב פונקלשברג זל פריער אריין גיין דען ער איז דר עלטרר ברידר דם מיינט מען ר׳ שמעלקי זל זיין אונ פ״פ ד״מ רב אז זיי זענן אריין גגאנגן צום מגיד הט ער זיי דר ציילט אמעשה פון אשר ווי אזו ער פלעגט זוך פירון מיט זיינו קנעכט אונ מוט זיינו פליצון ווי ער הט געענדיקט דו מעשה הט ער זיי באלד גזעגינט אונ הט זיי גבענשט זיי זלון פרון לשלום הבן זיי אום שוין נוט גקענט פרעגן דם זוהר וואס זיי הבון אום גוולט פרעגן נר אז זיי זענון גקומן אויף דר אכסניא הבן זיי זוך ברעבינט אז עס קען גאר נוט זיין אז דער הייליגור מגיד זאל רעדון דברים בטלים אונ ער זל דר ציילון בלום אמעשה גוויס הט ער זייא גוואלט גאר אמשל זאגון בכדי זיי זלון פר שטיין דורך זיינו רייד וואס זיי ווייסון נישט עפוס אגרוסו זאך אזו האבון זיי גנומן צו קלערון אונ דר גשיכטו הבן זיי דר קלערט וואס ער הט גמיינט מוט דם אונ דורך דם איז זיי רעכט גווארון דר זוהר וואס זיי הבון אום גוואלט פרעג ן :

## מעשה מר׳ אהרן מקארלין

ער איז גוועןקודם פסח ביי הרב המגיד הגדול דמעזריטש הט ער זוך גזעגינט אהיים צו פ ון אויף פסח הט אום הרב המגיד ז״ל גגעב רשות נאר תיכף ווי ר׳ אהרן מקרלין איז פון דם מגיד ארוס גגנגן הט דר מגיד גזגט צו זיינו תלמידים זעהט אונ לאסט אום נושט אהיים פרן הבון דו תלמידים גרעט מוט אום אז ער זאל בלייבון פסח דא הט ער אויף קיין אופון נושט גוואלט האבון דו תלמידים אים גזגט דו זלסט וויסון אז רבינו הט גזגט אז מען זאל דוך נושט לאזון פארן אהיים איז ר׳ אהרן גגנגון צום מגיד אונ הט אום דם גפרעגט אוב ער הייסט אום נישט פארון אהיים אונ הט אום גזגט אז ער בדרך נייטוג זיין אונ דר היים פסח הט אום הרב המגיד גענפרט אוך הלט אייך נושט אויף אוב אור ווילט פרן פרט לשלום אונ ווי ער איז ארוס גגנגן הט ער ווידר גזגט דו תלמידים אז מען זאל אום נישט לזון פרון אהיים זענון דו תלמידים ווידר גלפןצו הרב ר׳ אהרן אונ הבון אום גזגט דם א ז דאך נושט פשוט וואס רבינו הט אונז ווידר גזאגט אז מען זאל אייך נישט לזן פרון הט ער זיי נישט גפלגט אין איז גפרן ווארון ער הט גזאגט פר וואס הט מור דער רבי אליין נישט גזגט ווי ער איז לביתו גקומן איז ער קראנק גווארון אונ איז גשטרבין הט דר מגיד גענפרט דו תלמידים שטייט אונ דר תורה (במדבר י״ב) אויף משה רבינו ע״ה (בכל ביתי נאמן הוא) איז דו טייטש הש״י הט גזגט אז משה רבינו איז אונ מיין גנצהוז איין ערליכר מאן איז דוך קשה וואס איז דען אונ גטס הוז דא צו גנבנין נאר דר פשט איז וואס ער הט אויף דר הייל גזעהן הט ער נישט מגלה גוועןצו קיין מענש אין דם הייסט נאמנות דר נאך הט הרב

הַמַגִיד ז״ל גְטוּן. אַשִׁידוּךְ עֶבוּר הַיְתוֹמָה בַּת ר׳ אהרן מִקַארְלִין מוּט דָהַרַב הַקָדוֹשׁ ר׳ נחם נָחִ״ם מִטְשֶׁערְנָאבּוּל ז״ל עֶבוּר בְּנוֹ הָהַרַב הַקָדוֹשׁ ר׳ מרדכי מִטְשֶׁערְנָבּוּל זֶ״נ־וּן דוּ תְּנָאִים גְוֶועְן בַּיי דָהַרַב הַמַגִיד זֶענְן פִיל צַדִיקִים גְזֶעסוּן בַּיי דֶם טוּשׁ וִוי מֶען הָט גְשְׁרִיבֶּן דוּ תְּנָאִים הָט דָהַרַב הַקָדוֹשׁ הַמַגִיד מְכַבֵּד גְוֶועֶז דֶעם הָרַב הַקָדוֹשׁ ר׳ מנחם מענדיל ז״ל מוּוִיטֶעפְּסְק בַּ״ל הַמְחַבֵּר סֵפֶר פְּרִי הָאָרֶץ אַז עֶר זָאל לֵיינְן דוּ תְּנָאִים אַזוֹ וִוי דֶר מִנְהָג אוּז אוּנ וִוי עֶר הָט דוּ תְּנָאִים גְלֵיינְט אוּנ הָט גְוָולְט זָאגוּן בַּת ר׳ אהרן אוּז עֶר הַלָשׁוֹת גְבְּלִיבּוּן אוּנ עֶס אִיז שְׁווֶער גְוֶועְן אוּם צוּ וֶועקוּן בּוּז דָהַרַב הַמַגִיד אוּז צוּ אוּם אַלֵיין צוּ גְגַאנְגוּן אוּנ הָט אוּם גְזָאגְט וָוס הָסְטוּ דוּךְ אַזוֹ דֶערְשְׁרָקוּן הָסְט דוּ דֶען נָאךְ ר׳ אהרן נוּשְׁט גְזֶעהְן קֶענְסְט דוּא דֶען אוּם נוּשְׁט וָוס הָסְטוּ דוּךְ צוּ שְׁרֶעקוּן פַר אוּם הָט עֶר זוּךְ הֶערְשְׁט אוּף גְחַפְּט אוּנ הָט גְזָגְט צוּ הָרַב הַמַגִיד דְרוּם הָב אוּךְ מוּךְ דֶר שְׁרָקוּן פַר אִים וָוארוּן זַיינוּ מַלְבּוּשִׁים הָבּן גְלַייכְט שְׁרֶעקְלִיךְ דֶר זְכוּת פוּן דוּ קְדוֹשִׁים זָאל מֵגִין זַיי אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל עַד בִּיאַת הַגוֹאֵל בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ אָמֵן:

מעשה מהרב הקדוש והטהיר ר׳ ליב שרס זצ״ל

אוּנ אַשְׁטָאט בּוּנְטוּשׁ דוּ שְׁטָאט אוּז נֶעבּוּן דוּ שְׁ״אט מָאהִלִיב בְּרוּסְלַנְד אוּז דָרְטִין הָרַב ר׳ לֵיבּ שָׂרָהְס גְוֶועְן זֶעקְס וָוכִין עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג צוּ זַיין נֶעבִּיךְ נָע וְנָד אוּנ עֶר אוּז אַנְגִישְׁטַנִין בַּיי אַנְגִיד אֵיין רִינְדֶר אוּנ וִוי דוּ שְׁטָאט לַייט הָבּן אִים אַבִּיסֶל דֶר קֶענְט וָוס פַר אֵיין יְרֵא שָׁמַיִם עֶר אוּז הָבּן זַיי אוּם גַנְץ עֶרְלִיךְ גְהַלְטוּן (עַיִ״ה) אוּנ פְרַייטִיג נָאךְ מִיטָג וִוי הָרַב ר׳ לִיבּ אוּז גְקוּמֶען פוּן דוּ מִקְוָה הָט עֶר גְבֶּעטוּן דֶם בַּעַל הַבַּיִת אַז עֶר זָאל אוּם הֵייסְן אֵיין שְׁפַּנוּן אַוָוגוּן אוּנ זַיין מְשָׁרֵת זָאל מוּט אוּם פָארוּן אוּף דֶעם פֶעלְד. הָט דֶר בַּעַל הַבַּיִת דָם גְהֵייסוּן זַיין מְשָׁרֵת תֵּיכֶף טוּן אוּנ זָאל פָּרוּן מוּט דֶם רבּי וִוי אַהִין עֶר וֶועט וֶועלוּן וִוי זַיי זֶענוּן אַרוּס גְפָּרוּן פוּן דֶר שְׁטָאט הָט דֶר מְשָׁרֵת נוּט מֶער גְזֶעהְן נָאר שְׁטֶעט אוּנ דֶערְפֶר דֶם הָט זוּךְ אוּם אוּם גְוִויזוּן וִוי זַיי פְלִיהְן אוּנ דֶער לוּפְטוּן. זֶענוּן זַיי אַזוֹ גְפָרוּן צְוֵויי שָׁעָה. בּוּז זַיי זֶענוּן גוּקוּמֶן אוּנ אַגְרוֹסוּ שְׁטָאט אַרַיין אוּז דֶר רבּי אַרָפּ גְגַאנְגֶן אִין הָט גְהֵייסוּן דֶם מְשָׁרֵת וַוארְטִין דֶר מְשָׁרֵת אוּז גְשְׁטַאנוּן אַזוֹ וִוי מְשׁוּגָע עֶר הָט גָאר נוּשְׁט גְווִיסְט וִוי עֶר אוּז צוּוּא צְווִישֶׁן מֶענְשְׁן אוֹדֶר צְווִישֶׁן שֵׁדִים דֶר וַוייל הָט עֶר גְזֶעהְן גֵיין אַיוּד אוּנ גַאם פְרֶעגְט אוּם דֶר מְשָׁרֵת וִוי דוּ שְׁטָאט הֵייסְט הָט דֶר יוּד גֶענְפֶרְט דוּ שְׁטָאט הֵייסְט דוּ קֶ״יזֶרְלִיכוּ שְׁטָאט ווִיעֶן אוּז דֶר מְשָׁרֵת גְבְּלִיבֶּן שְׁטֵיין זֵייעֶר פַר וִוינְדֶרְט דֶר וַוייל אִיז דֶר ר׳ לִיבּ שׂרהס צוּרוּק גְקוּמֶן אוּנ הָט אוּם גְהֵייסוּן פָארוּן זֶענוּן זַיי אַרוּס גְפָארוּן פוּן דֶר שְׁטָאט זֶענוּן זַיי ווִידֶר גְשְׁווִינְד גְפָארוּן בּוּז זַיי זֶענוּן גוּקוּמֶן אוּנ זֵייעֶר שְׁטָאט בּוּנְטוּשׁ הָט דֶר מְשָׁרֵת אַלְס דֶר צֵיילְט זַיין בַּעַל הַבַּיִת הָט עֶר אוּם נוּט גְוָולְט גְלֵייבּוּן דֶעם אַנְדֶרִין פְרַייטִיג הָט נָאךְ אַמָל הָרַב גְבֶּעטוּן דֶם בַּעַל הַבַּיִת אַז עֶר זָאל אוּם עֶרְלוֹבּוּן זַיין מְשָׁרֵת מוּט דֶם פֶערְד צוּ פָארוּן הָט דֶר בַּעַל הַבַּיִת גְגֶעבּוּן דֶם מְשָׁרֵת גֶעלְד עֶר זָאל אוּם אוּנ ווִיעֶן קוֹפוּן אַמֶעסֶרִיל אוּנ עֶר זָאל אוּם בְּרֶענְגִין אַ״עֶכְנְג פוּן דֶם סוֹחֵר אוּז אַזוֹ גְוֶועְן וִוי יֶענוּם פְרַייטוּג וִוי זַיי זֶענְן גְקוּמֶן קֵיין ווִיעֶן אוּז דֶער מְשָׁרֵת תֵּיכֶף גְגַאנְגֶן אִין אֵיין הַאנְדוּל אַרַיין אוּנ הָט גְקוֹפְט אַמֶעסֶרוּל אוּנ הָט גְבֶּעטוּן בַּיי דֶם סוֹחֵר אַז עֶר זָאל אוּם אַרֶעכְנוּנְג מוּט אֵיין דַאטוּם גָעבּוּן הָט אוּם דֶר סוֹחֵר גְגֶעבּוּן



יוּא פְ־וּכְט: מַיינוּ עֶלְטֶערִין הָאבֶּן גְזַמִילְט פַר דֶר וֶועלְט. אוּנאוּךְ זַמוּל פַר עוֹלָם הַבָּא:
הִיכָנִי הַמַלְכָּה אוּז צוּרוּק גְקֶערְט נָאךְ אוּר לַאנְד אוּנ הָט זַייעֶר לָאנְג גְלֶעבְּט

דר משרת אוז ווידר גקומן אהיים אונ
הט דעם בעל הבית געגעבן דם מעסער
מיט דעם רעכינונג אונ דם ביי אום געוועזן
אג וס ווי דר אוז ער אריין גנגגן צום רבי
אין הט אם גפרעגט וועגן דעם הט ער
אים געענפרט זיינו רייד זענען אמת אוך
וויים פון אקורצן וועג צו פארן נאך וויען
אין אלו ערב שבת פאר איך נאך וויען
וועגן איין עסק וס אוך דארף דורטין
דעם דריטן פרייטוג הט דם בעל הבית
איין אידום גבעטן דעם רבי אז ער זאל
אים מוט נעמן זענן זיי דריי גפארן ווי זיי
זענן גקומן קיין וויען האט דער רבי
גהייסן דם בעל הבית אידום ווארטן ער
הט אבער נוט גפאלגט אונ אוז דעם רבי
נאך גנאנגן הכלל דער יונגער מאן אוז
געוועזן אונ איין סכנה הט אום דר רבי דר
זעהן הט ער אום גהייסן צו האלטן אן
זיין גרטול אוז ער ניצול גווארן פון דו
סכנה . אונ דר רבי הט דורטן גרוסו
זוינדר אונ מופתים באוויזן :
מעשה נוראה מן הקדוש ר' ליב בן שרה
ונקרא בפי כל ר' ליב שרהס זצ"ל :
בהיות אונ מאסקווא אוז געווען א ווייבול
זיא אוז געווען אגרוסו עשירות זיא האט
פאר מאגט צוויי מאל הונדרט טוזנט
רענדלוך אונ צו דם געלד הט זיא גהט
איר אייגנע געוועלבן אונ אוז געווען אגרוסו
סוחרתו היינו זיא הט גהאלטן סחורה
אין גפירט גרוסו גשעפטן אונ איר מאן
איז ביי איר גשטארבן : בקיצור דאס
ווייבול אוז קראנק גווארן אונ אוז אלו
מאל שלאפער גווארן בוז וואנען דוא
דאקטורים הבן זיא מייאש געווען :
בקיצור זיא אוז פון דם גוואר גווארן אז
די דקטורים זענן זיא מייאש אונ זיא הט
אליין אונ זוך גשפירט אז זיא אוז זייער
שלאף אונ אוז מסוכן אזו הט זוך גטרפן
אז דר רבי ר' ליב שרהס אוז גראד דורט
געווען . ווי זיא אוז גוואר גווארן אז דר
רבי ר' ליב שרהס אוז דא אונ שטאט
אזו הט זיא צו אום גשיקט זאגן אז זיא
גיט אום אוועק אהלב פר מעגן אז ער זאל
זיא גזינד מכן אזו הט גפרעגט דר רבי ר'
ליב שרהס ווי פיל פר מאגט זיא וס זיא
וויל דו העלפט פר מעגן אוועק געבן
ווערן דר רבי הט גמיינט אז זו מוז אפשר
פר מגן ערך מאה או שני מאות אדומים
אזו הט מען גזגט צום רבי ר' ליב שרהס
זו פר מגט ערך שני מאות אלפים אדומים
מעות וחוץ הייזר וגוועלבן ווי דר רבי
ר' ליב שרהס נהט דם דר הערט אזו אוז
דם ביי אום געווען אגרוס ווינדר אזו איין
אשה זאל וועלן אזו פיל אוועק געבן
נוא הט דר ר' ליב שרהים זוך אן גרופן
צום עולם נוא אז דם אוז יוא אזו היינו זיא
וועט אזו פול מעות שענקן אזו וועל
איך זיא מאכן גזינד אוך וועל ביי איר
ניט פר לאנגן אפילו פרוטה אחת נאר
אובער בזה האופן היינו וועלכין מענש
ער וועט איר הייסן נעמן פר איין מאן
ער זאל אפילו זיין אבלינדר אודר איין
שטימער אודר איין אנדערו קאליקו .
אודר איין ארימאן אזו זאל זיא נוט אפ
זאגן אונ זאל תיכף מוט אום חתונה
האבן : נוא בקיצור רבי הנ"ל הט טקו
אזו צו איר בפולן אזו ווי אובן גמעלד
איז נוא בקיצור ווי דם ווייבול הט דם
דר הערט דם בפעל פון דם רבי ר' ליב
שרהס אזו הט דם ווייבול צוריק בפולן
צום רבי ר' ליב שרהס היינו אן אלימן
ווען דר רבי וועט הייסן נעמן פר
אמאן אזו וועט זיא פאלגן ובפרט ער
וועט זיא מאכן אים טוט לעבדיג אוז
אכש"כ אז זיא וועט פאלגן :
בקיצור דר רבי ר' ליב שרהס אוז גפארן
צו דם הוז ווי דם ווייבול אוז דרטין גלעגין
אין ער אוז דרטין גזעסן עטליכו טאג :
בקיצור דם ווייבול הט שון אן גהובן
צו זוך צו קומן בוז וואנען זיא אוז שון
גזינד געווען אזו ווי אלו גזינטו מענשן :
בקיצור איידר דר רבי ר' ליב שרהס

אין

איז פון איר אוועק גפארין אזו האט דר רבי
ר' ליב שרהס צו איר גזאגט ווי אזו
וועסטו קענן ווייסן וועלכון חתן איך הייס
דיך נעמון ווארון ווי דר רבי ר' ליב
שרהס איז גזעסון היינו אין אלטישק
איז זייער גווען איין מרחק רב בויז קיין
מאסקווע אזו האט איר דר רבי גגעבון איין
שפיגל פר אסימן היינו אז מען וועט איר
רעדון אשידוך אזו זאל דר חתן איר געבון
אויף גשריבן זיין נאמון מיט זיין פטרס
נמון און זיא זאל גיין און איר בזינדר חדר
אריין און זאל זיך קודם שיין אוים צורון
אין זאל נעמין דם שפיגל וואס דר רבי ר'
ליב שרהס האט איר איבר גלאזט און
זאל אריין קוקון און דעם שפיגל אריין
אין אז זיא וועט און שפיגל דר זעהון דיא
צורה פון ר' ליב שרהס זאל זיא דעם
דזיגן חתן נעמון פר אמאן ובאם זיא וועט
ניט דר זעהן און שפיגל די צורה אזו זאל
זיא דם חתן אפזגון היינו זיא זאל זגן ער
געפעלט איר ניט און זאל פר קיינים ניט
מגלה זיין דם סימן און ר' ליב שרהס האט
זיך מיט איר גזעגינט און זיא האט אים
געבעטון אז דר רבי זאל פון איר אמתנה
צו נעמון נר דר רבי האט ניט גוולט נעמון
ביי איר נאר דר רבי האט צו איר גזגט דם
וועט זיינביי מיר אמתנה אז דו וועסט מיך
פאלגן און וועסט נעמן דם דזיגן מאן וואס
איך וועל מרוצה אויף אים זיין אזו וויא
איך האב דיר דעם סימן איבר גלאזט .

בקיצור דר רבי הנ"ל איז אוועק
גפארון און מען האט אן גהויבון צו רעדין
אין פאר צו שלאגן דם ווייבול זייער גרוסי
שידוכים היינו מיט גרוסי גבירים אויך פון
גרוסי רבנים זייערו קינדר און ווי באלד
זיא האט גהייסן ברענגין דם חתן וואס מען
רעט איר בכדי זיא זאל זעהן און שפיגל
אוב דר רבי ר' ליב שרהס איז מרוצה
אויף דם חתן און ווי באלד דר חתן איז
גקומון און דם ווייבול האט אריין גקוקט
אין שפיגעל אריין און האט דארטון ניט
דר זעהון די צורה פון ר' ליב שרהס
אזו האט זיא דם חת' אפ גזאגט זיא האט
גזאגט איר הערץ בשטייט איר ניט דר צו
אז זיא זאל נעמון דם חתן און זיא האט
אובר קיינים ניט גוואלט זאגן פר וואס :

נוא בקיצור די שדכנים הבון זיך כמה
פעמים אלין בחנם במיט אזו האבן זייא
שוין מער ניט גוואלט זוכון פון איריט
וועגון שידוכים נוא לאזון מיר לזון זי דר
ווייל זיך איר הגדיל פורון און מיר וועלן
אן הייבן ווייטר פון רבי ר' ליב שרהס
צו דער ציילון היינו עס איז גווען איין
מקורב צום רבי ר' ליב שרהס ער איז
גווען אגרוסר עושר ער פלעגט צו פארן
צו ר' ליב שרהס כמעט אלו פור וואכון
גם פלעגט דר מקורב ארום צו נעמון דם
רבי ר' ליב שרהס אלו הלבו יאר צו
זיך אהיים הכלל ער פלעגט דעם רבי
איבר געבון אסך געלד און אויך פלעגט
ער דעם רבי צו שיקון מתנות :

נוא בקיצור דר מקורב איז אפ גברענט
גווארן בכל מכל כל היינו די גרלנו מיט
יו"ש מיט דער שטאל אקסין הכלל ער
איז נאך גבליבן אבעל חוב און דם ווייב
מיט קונדר זענון ביי אם אוים גשטרבין
בקיצור ער האט אן גהויבון צו גיין און די
הייזור צו בעטון אשטיקעל ברוט קורץ
אין צווי אודר דריי יאר נאך זיין ארפ
גיין אזו האט ער שון גהאט אפנים ווי אלו
ארימו ליוט היינו ער איז שוין גגאנגין
נאקיט און בארוויס . נוא בקיצור דער
ארימאן האט זיך מיישב גווען באשר ער
פלעגט צום רבי ר' ליב שרהס אזו פיל
געלד איבר געבון אזו וועט ער זיך לאזן
צו דר שטאט ווי ר' ליב שרהס וואגט
דארטין טאמר וועט אים דר רבי עפיס
העלפין בקיצור דר ארימאן איז גגאנגן



דען אוצאטום איר יונגסטער זון און אלט גווען אז ער איז גשטרבון פו־ופ און

ביז וואנון ער איז ג־ומן אונ דר שטאט אריין ווי ר׳ ליב שהרים איז גוועזן דער מנהג פון דם ר׳ ליב איז גוועזן אז דער גבאי פלעגט יעדין ארימן אלו טאג צו גבון אנדבה אזו איז גנגנגן דר ארימן ווס ער איז גהט גוועזן אמקורב צו ר׳ ליב שהרים אונ הט זוך אוך אנידר גשטעלט צווישון דו ארימו לייט אונ זאגט צו דו אנדרו ארימו לייט אור וועט זעהן אז מור וועט דר גבאי געבון אפרציקר אנדבה ניט אזו ווי מען גוט אייך צו צעהן גרייצר אזו רופון זוך אן דו ארימו לייט צו אום ווס זענט אור אזו אשיינר יוד ווס מען זאל אייך מער געבון ווי אונז מור זענן אויך אזעלכו שיינו יודון אזו ווי אור : בקיצור דר גבאי קומט צו אום אונ וויל אים געבון אנדבה צעהן גרייצער אונ ער וויל נוט נעמון ביי אום אזו רופט זוך אן דר גבאי ווי פול דען ווילט אור אנדבה מען זאל אייך געבון אזו זאגט דער ארימאן אפערציקער וויל אוך אזו האט זיך דר גבאי אויף אום אויך אוים גבייזערט אין זאגט צוא אום פר וואס זענט אור דען מער בעל מיוחס פון אלו ארימו לייט זייא זענון אוך אזעלכי שיינו יודן אזו ווי אור בקיצור ער האט פארט אנדרש נושט גוואלט נאר אפערציקער : בקיצור דר גבאי איז אוועק גגאנגון פון אום. אונ הט אים גאר גוט גגעבון ואחר זה איז גוועזן דער גבאי באם רבי ר׳ ליב שהרים אונ הט אום דר ציילט עפוס איין ארימן איז דא צווישון דו ארימו לייט אזו הב אוך אים אויך גוואלט געבון צעהן גרייצער אזו ווי אוך גוב אלו ארימו לייט אזו הט ער נוט גוואלט צוא נעמון רק ער וויל אפערציגער דעם אנדרן טאג האט מען דעם ארימן גגעבון אפערציגער אונ ווי עס איז גקומן דעם דריטון טאג אזו הט ער נוט גוולט צו נעמן אפילו אפערציגר אזו הט אום גפרעגט דר גבאי ווס דען ווילט אור אזו זאגט דער ארימאן אוך וויל אור זאלט מוך אריין לאזון צום רבי נוא איז גגאנגן דר גבאי אונ הט גמעלט צום רבי אז דער ארימאן פר לאנגט אז מען זאל אום אריין לאזון צו אייך אזו הט גהייסן דער רבי אז מען זאל דעם ארימן אריין לאזון אונ וויא דער ארימן איז אריין גקומען אונ שטיב אריין צום רבי אזו רופט זוך אן דר ארימן רבי דר קענט אור מוך אזו רופט זוך אן דער רבי ניין אוך קען אייך גאר נוט אונ איבר דם הט אום דר רבי נוט דר קענט ווייל בשעת אז ער פלעגט צום רבי פרון איז ער גגאנגן שיין אן גטון אונ האט שיין גגעסון אונ גטרינקן אזו הט ער גהאט מסתמא אשיין פנים אבער בעת אז ער גייט אף גריסון אונ איז צו פרידן אז ער בקומט טרוקין ברוט : בקיצור בקומט מען פון דעם אגיקרטשיט פנים אונ אשווארץ פנים איבר דעם הט ער אום ניט גקאנט דער קענון אזו רופט זוך אן דער ארימן אוך בון וואס אוך בון גהט גזעסן אונ דער שטאט אונ פלעג אייך אלו מאל צו שוקון מעות אונ אוך הב ביי אייך כמה שבתים גהלטון אונ אור הט ביי מור כמה פעמים שבת גהלטין אין אוך היים מוט מיין נמון אזו אונ אזו נוא ווי דר ארימן הט אום דר ציילט אז זיין ווייב אונ קונדר זענון אום גשטרבן אזו הט צו אום דער רבי ר׳ ליב שהרים גזאגט גיי קיין מאסקווא דארטון איז דא אווייבול אגרוסו עשירות אונ שדכון דיך צו דעם דאזיגן ווייבול אונ אוך זאג דור צו אז זוא וועט דוך בוודאי נעמון פר אמאן. בקיצור דר רבי הט אום נאך מוט גגעבון אפאר רענדליך אוף דר הוצאה אינהט אום גזגט דם דו רענדליך וועסטו הבון אוב עס וועט זוך דור טרפין : אפיר



זיבציג יאר אונ זוא הט נאך דעמלט גלעבט. אז זוא איז גשטארבן האט דער

אין ווי עס וועט זוך דור נוט טרעפין קיין פור אזו זלסטו גיין צו פוס בכדי דוא זלסט דוך לאזון קיין מאסקעווע. דער יונגער מאן הט אזו גטון אונ איז גקומון אונ גרוסו צרות קיין מאסקעווע הט ער זוך ערקינדיגט ווי עס וואנט דרטון ר׳ דוד שדכן איז ער גגאנגון צו אים אונ הט מוט אום גרעט אונ הט אום צו גזגט זייער פול געלד אז ער זאל אום אוים פירן דם שידוך הט זוך דר שדכן אוים גלכט פון אום אונ הט אום גזגט צו דו ביסט משיגע וועט זוא דען וועלן מיט דור זוך משדך זיין מען רעט אור די גרעסט לייט אונ דם גפעלט אור נוט וואר ם זוא איז זייער רייך אונ אמיוחסת אין אמושלמת ווי אזו קען אוך איר זאגון פון דעם שידוך מען וועט דאך פון מיר אויס לכון אונ זוא וועט מוך הייסן ארום טרייבון פון אור שטיב נאר זאג מיר נאר ווי פלסטו דם אוים צו פרין אהער צו הט דוך עפים גחלימת פיליכט וועסט דוא וועלון אשידוך אויף דעם הימל גיי נעם דור אוייב פון דיין גלייכן נישט צו וועלון אזו גרוס דר יונגר מאן הט אליץ אוס גהערט מוט גדולט נעמט ער ארוס פון דר קעשנו צוויי רענדליך אין זאגט צום שדכן אוך גוב אייך דוא צוויי רענדליך נאר פר אייער טרחא אז אור זלט גיין צו דם ווייבול צו דוא גבירה אונ אור אזו צו זאגן נעכטין איז אהער גקומען איונגער מאן אוך וויים נישט ווער ער איז נאר ער האט מור געגבון צוויי רענדליך פר מיין טירחא אז איך זאל צו אייך גיין אז אור זלט אוס נעמון פר אמאן. אור זלט נאר אזו זגון אונ אור זלט מור ברענגן אתשובה איז דער שדכן טאקי גגאנגון צוא דוא גבירה אום מוצאי שבת אונ האט זוא גביר איבר גבעטון אוף דם שידוך וום ער וועט אור זאגון אונ הט אור גוויזון דו צוויי רענדליך ווס דער מענטש הט אום געגבון אז ער זאל רעדן דם שידוך מוט אים. הט דו גבירה גענפרט דם שדכן גיי צו הויז אונ קום דינסטאג ווידר אונ די זלסט מור ברענגין גשריבן זיין נמון אין זיין פטרס נמון. איז אור תשובה דם שדכן אגרוס וינדר גוועזן אונ איז גקומן צוא דעם מענש אונ הט אום דער ציילט דו תשובה הט ער געגבן דם שדכן גשריבו זיין נמון מוט זיין פטרס נאמון אי אום דינסטיג פרו איז דר שדכן גגנגן צו דו גבירה מוט דעם קוויטול מוט דוא נעמין אונ דר הנד איז דו גבירה אריין גגנגוזאונ דר אנדרו שטיב אונ הט גקיקט אין דעם שפיגל פון רבי ר׳ ליב שהרים ז״ל הט זוא תיכף דר זעהן זיין צורה איז זיא אריין גקומן צום שדכן אונ הט אום געענפרט אוך זעה אן אז דר ש׳ דוך איז פון גאט ב״ה ווארום ווי פאלט דען איין אפרעמדן מענש אהער צו קומן אונ צו וועלון זוך משדך זיין מוט מור נאר מן הסתם איז דם אגטס זאך נאר כדי נוט צו מכן מענשן ריידון אויף מור אז אוך הב גנומן אזו איין עני דרום זלסטו אזו מאן גיי צו אום אונ היים אום לפנים דינגן די זעקס גוועלבור דו נייע גמארט ווס זיי זענון געבון מיין גוועלב אונ אוך וועל הייסון קומן דם גרוסין טרנספורט סחורה ווס אוך ברוך צו בקומ׳ פון לייפציג אוף זיין נמון אונ ער וועט דו גאנצו סחורה אריין לייגון אונ דו האנדלונג וועט דוך די גאנצו שטאט זאגון אז ער איז אויך אגביר ווארון דו סהורות בטרפין אגרוס פר מעגון דענסמל וועל אוך מוט אום חתונה הבן נאר למען השם דו זלסט דם הלטין בסוד גדול איז דער שדכן גלפין מיט גרוס שמחה צו דעם מענש ענפריז אים דו תשובה אז זו איז מרוצה אוף ד״ם



קינוג מונבז גשיקט אורו ביינר אונ דו ביינר פון זיין ברידר אוצאטעם אז מען זאל

שידוך אונ הט אים גזגט ווס זוא הט אוך גהייסן טון אוז דער, ענש תיכף גגאנגן אין הט גדינגן די גוועלבר זענון גקומן די משרתים פון די גבירה אונ הבון איר דר ציילט אז אפרעמדר סוחר הט גדינגון די גוועלבר אונ די משרתים הבן אים גוולט שלעכט מאי הט זוא צו זיי גזאגט גייט שוי ווס וועט דר ארימן ארייען לייגון אונ זיי אונ אוב ער אוז איין עושר פליכט וועט ער נאר הבן אנדרי סחורות ווס זיי וועלון מור קיין שדון נוט טון אונ עטליכו טעג ארום אוז די סחורה גקומן אוף זיין נמון ווי מור הבן פריר גשריבן הבון די משרתים פון די גבירה גזהן זיינ' סחורות הבן זיי זוך זייער גווינדרט זענן זיי גלאפין אין הבון דם דר ציילט די גבירה זגט די גבירה צו זיי אוך וועל אליין גיין אונ וועל בקיקון זיין הגדיל הט זוא אלס בקיקט זגט דוא גבירה צו איר פעטור ווס ער אוז גוועון אור גרסטר גוטר פריינד מיין ליבר פעטור לעבון אזו ווי אוך הב גהערט אז דר סוחר הט קיין ווייב נוט אונ אזו ווי אוך הב גזעהן זיין עשירות ווארון די סחורות בטרעפון אגרום פר מעגון פיליכט וולט גוועון דם אגוטר שידוך פר מור אוז דם איר פעטור זייער גפעלון הבן זיי בעז"ה תנאים גשריבון אונ די חתונה אוז אויך גוועון אונ אקורצי צייט צו מזל אונ זענון גווען גבירים אונ זייער גאנץ לעבון אונ האבן גהט קינדר אונ קינדס קינדר:

אווינדעליכו מעשה פון הרב ר' וועלוויל זבארזיר ז"ל:

אונ דער צייט ווי הרב הקדוש מוה' וואלף זבארזער אוז גפארון פון לובלין דורך לעמבערג זענון אום גרוסו לייט אקעגן גפרן צווישן זיי אוז גוועון אגרובר עושר ווס ער אוז גקומון מקבל פנים זיין דעם צדיק אזו קערט זוך דער צדיק צו אים אונ זגט אוך הב מוט דור צו שמיסן וויכט גס דער עושר ענפירט אוך וועל הערן דר צדיק זאגט אים אוך וועל דור דער ציילען אמעשה עס אוז גוועון צוויי ברידר אונ שטאט איינר אוז גוועון אגביר אי איינער אוז גוועון א אביון אונ דער עשר האט אים גשטיצט ווס ער האט גדרפט אוף פרנסה דער עושר הט זוך אמאל מיישב גוועון וואס זאל אוך מיין ברידר געבון קצבה אוך וועל אים בסר אוים לייען אגרוסו סאמו געלד ער זאל זוך קענון אמשא ומתן מאכון אונ פון דעם וועט ער פרנסה הבן בקיצור דער עושר דר נדיב הט דם ברידר דם אביון גליגון טויזונט דוקאטון אונ דער ארימן הט זוך גמכט אמשא ומתן אונ ער הט אן גהובון צו בגליקון אונ אוז גגאנגן מעלה מעלה אונ זיין ברידר דער גביר איז גגאנגען מטה מטה ער אוז גווארון אגרוסור ארימן דר דזיגר הט זוך מיישב גוועון אוך הב מיין ברידר גליגון טוזונט דוקטין אוך וועל זיי אצינד ביי אום אפ נמון דר ברידר גייט צו דם אוף גיקומינם עושר אונ ער מאנט אום דוא טוזונט דוקאטין אונ דער ציילט אום אז ער איז אגרוסור אביון ער האט קיין שום מראה מקום נאר די טוזינט דוקטין ווס עס קומט אום ביי אום דר ברידר אובר איז גוועון איין אכזר ער הט אום אובר גאר נוט גוולט הערון אונ ער הט אום גלאזט לופון טאג פר טאג אונ ער הט אים קיין שטיצו נוט גגעבון בוז ער אוז גשטרבין פר צרות פר עניות אונ דחקות השי"ת הט דם צו גזעהן הט ער נוט גקנט שווייגון אונ מען האט בלד גרופען זיין ברידר צום בית דין של מעלה אונ מען הט אום גמכט אביטרין פסק דר ברידר דר נדיב אובר אוז גקומון פר דעם ב"ד



זאל זיי קובר זיין אונ ארץ ישראל אונ דעם קבר וואס זוא האט פר זוך גגראבן אבצעהן הונדרט פוס ווייט פון ירושלים:

שֶׁל מַעֲלָה אוּנ הָט גְבֶּטִין פַר זַיין בְּרִידֶר מֶען זָאל אִים מוֹחֵל זַיין דָם בִּיטָרִין עוֹנֶשׁ וָוארוּם עֶר אִיז אִים מוֹחֵל דוּא טוֹיזִינְט דוּקַאטִין אוּנ וִויל נוּשְׁט אַז עֶר זָאל גְשְׁטְרָפְט וֶוערִין דוּרְךְ אִים דָם בּ״ד שֶׁל מַעֲלָה אוֹבֶר הָאבּוּן נוּט גְוָואלְט מוֹחֵל זַיין בְּשׁוּם אוֹפֶן אוּנ הָאבּוּן גְמַכְט אַפְּסַק אוֹדֶר דֶר בְּרִידֶר דֶר אַכְזָר זָל אָפּ נֶעמוּן דָם גַנְצוּן עוֹנֶשׁ וִוי מֶען הָט אִים גְפַּסְקֶת אוֹדֶר דוּ בֵּיידֶע בְּרִידֶר זָאלוּן אוֹיף סְנַיי מְגוּלְגָל וֶוערִין צוּרוּק אוֹיף דֶם עוֹלָם כְּדֵי דֶר אַכְזָר זָל פַר רֶעכְטִין דֶם גְרוֹסוּן חֵטְא נָאר וַוייל דֶר גוּטֶר בְּרִידֶר ווִיל מוֹחֵל זַיין קֶעגְנוּן אִים דַדוּרְךְ זָאל עֶר זַיין אוֹיף דֶעם עוֹלָם אוּנ נַייאוּם גוּלְגָל אֵיין אָרִימַן אִין זַיין בְּרִידֶר דֶער אַכְזָר זָאל זַיין אַגְבִיר אִין זָאל זוּךְ אָפּ נֶעמוּן אֵיינְצִיג וַויים דוּ טוֹיזִינְט דוּקַטִין דֶער גוּטֶר אִיז בַּשְׁטַנִין אוֹיף דֶעם פְּסַק עֶר זָאל מְגוּלְגָל וֶוערִין אֵיין אֶבְיוֹן אַבִּי זַיין בְּרִידֶר זָאל אַתִּיקוּן הָבִּין: בְּקִיצוּר זַיי זֶענוּן אוֹיף סְנַיי גְבוֹרִין גְוָורִין דֶר אַכְזָר אִיז גְוֶוען אֵיין עוֹשֶׁר גָדוֹל אִין דֶר אִיז גְוֶוען אֵיין אֶבְיוֹן גָדוֹל אַז עֶר הָט נוּט גְהַט קֵיין פַּת לֶחֶם אוּנ עֶר אִיז אִים גְגַאנְגוּן אוּנ דוּא הַייזִיר בּוּז עֶר אִיז גְקוּמוּן צוּ דֶם עוֹשֶׁר וָוס עֶר אִיז אוּנ יֶענִם גוּלְגָל גְוֶוען זַיין בְּרִידָר זַיי בֵּיידִי הָאבִּין נִיט גְוִויסְט אוּנ דֶער אָרִימַן הָט גְבֶּעטוּן דֶעם עוֹשֶׁר עֶר זָאל רַחֲמָנוּת הָבּוּן אוֹיף אִים עֶר גֵיוּט אוּיס פַר הוּנְגֶער אוּנ אִיז קְרַנְק אוּנ הָט זוּךְ נוּט מוּט וָוס צוּ דֶר הַלְטִין דֶער עוֹשֶׁר אוֹבֶּר אִיז גְוֶוען אֵיין אַכְזָר אוּנ הָט אִים גְלָאזְט אַרוּיס וַורְפִין אִין דֶער אָרִימַן אִיז גוּט קְרַאנְק גְוָוארִין אִין אִיז בַּלְד גְשְׁטָרְבִּין דָר הֵיילִיגֶר צַדִיק ווִוי עֶר הָט דֶער צֵיילְט דוּ מַעֲשֶׂה זָגְט עֶר צוּ דֶעם עוֹשֶׁר דוּ בִּיסְט דָר רוֹצֵחַ דִי בִּיסְט דֶער אַכְזָר. עֶרְשְׁט נֶעבְּטִין הָסְטוּ אַרוֹם גְוָורְפִין אֵיין אָרִימַן וָוס עֶר אִיז בַּלְד גְשְׁטָרְבִּין דָם אִיז דַיין בְּרִידֶר גְוֶוען אוּנ יֶענוּם גוּלְגָל וָואס עֶר הָט זוּךְ אוֹיף דוּר דֶער בְּרִימְט אוּנ עֶר אִיז גְקוּמֶן אוֹיף סְנַייא אוֹיף דֶעם עוֹלָם פוּן וֶועגִין דִיא זָלְסְט הָאבִּן אַתִּיקוּן אוּנ דוּא בִּיסְט גְוֶוען אַזַא אַכְזָר פוּן אָן הַייבּ בּוּז צוּם סוֹף. נָאךְ דֶעם אִיז דֶער עוֹשֶׁר מְבוּיָשׁ גְוָוארוּן אוּנ עֶר הָט גְקְלָגְט אוּנ גְוַויינְט אִין דֶר צַדִיק הָט אִים נוּט גְוָולְט אָן קִיקֶן אִין זַיין טְרֵיפָה פָּנִים אוּנ אִיז אַוֶועק גַגַנְגֶן פוּן אִים. הַשֵּׁי״ זָאל אוּנְז הֶעלְפִין מוּר זָאלוּן הָאבּוּן רַחֲמָנוּת אֵייגֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערִין אוּנ מוּר זָאלוּן גְהָאלְפִין וֶוערִין בְּקָרוֹב אָמֵן:

הָרַב הַקָּדוֹשׁ מ״ר וואלף זבּרזיר ז״ל אִיז גְוֶוען קְדֶשֵׁי קָדָשִׁים צַדִיקֵי הַדּוֹר הָאבִּין אוֹיף אִים גְזָגְט אַז עֶר אִיז קֶעגְנוּן תּוֹרַת כֹּהֲנִים דָם הַייסְט קֶעגִין סֵפֶר וַיִּקְרָא וָוס שְׁמִיסְט פוּן קָרְבָּנוֹת אוּנ פוּן עֲבוֹדַת בֵּיהמ״ק עֶר אִיז גְוֶוען אֵיין אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל וְעֶר הָט נוּט גְזֶעהְן קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְץ בַּיי קֵיין שׁוּם יוּד אוּנ פְלֶעגְט יֶעדִין מֶענְשׁ צוּ רִיפוּן צַדִיק אֲפִילוּ דָם גְרֶעבְּסְטִין הָט עֶר גְרִיפוּן צַדִיק עֶם אִיז אַמָל גְקוּמוּן צוּ אִים זַיינְם אַחָסִיד וָוס עֶר פְלֶעגְט אִים זַייעֶר מְקָרֵב זַיין אוּנ עֶר הָט זוּךְ גְקְלָגְט אוֹיף אֵיינוּם אַז עֶר מוּט אִים זַייעֶר פוּל שְׁלֶכְץ אַזוּ הָט עֶר גְבֶּעטוּן דֶם הֵיילִיגֶן צַדִיק אַז דֶער זָאל הָאבֶּען אַמְפָלָה כְּדֵי עֶר זָאל גְהָלְפִין וֶוערוּן דֶער צַדִיק עֶנְפֶּרְט אִים בְּתְמִינוּת וָוס מֵיינְסְטוּ מוּט דֶעם דָאזִיגוּן יוּד וַוייל עֶר אִיז נוּט פוּן מַיינוּ חֲסִידִים הָב אִיךְ אִים נוּט לוּב אוּךְ הָאבּ אַלוּ יוּדוּן גְלַייךְ לוּב. בַּיי מוּר אִיז אַהֲבַת יִשְׂרָאֵל גְלַייךְ צוּ אַלוּ יוּדִישֶׁע קִינֶדר נוּא פַר וָוס זָאל אוּךְ חָלִילָה דֶעם דָזִיגֶן שֶׁעלְטִין:

אַמָל הָט זוּךְ זַיין וַוייבּ גְקְרִיגְט מוּט דִי דִינְסְט אוּנ זוּא הָט זוּךְ אָן גְטוּן צוּ גֵיין הָבִּין אַדִין תּוֹרָה מוּט דֶר דִינְסְט זוּא זָאל אִיר בֵּצָלוּן פַר דוּ שָׁאדִינְם וָוס זוּא הָט גְטוּן ווִוי דָר הֵיילִיגֶר רבי װעלװיל זֶעהְט אַז דוּ רַבָּנוֹת גֵייט הָבִּין אַדִין תּוֹרָה אַזוּ הָט עֶר זוּךְ אָן גְטוּן עֶר זָאל אִיךְ גֵיין

צום

צום רב הבין דם דין תורה, די רבנות זגט צו אום רבי גיי דו נוט עס אוז נוט שיין די זלבסט גיין אוך וייס אליין ווס צו טענון. דער צדיק ענפערט אור גיין מיין ווייב אוך גיי נוט פון דיינוט וועגון צום רב אוך גיי פון דר דינסט וועגון זו אוז געבוך איתומה זוא ווייסט נוט וואס צו טענון אוך וועל פר דער ארימו יתומה טענון עס אוז אמצוה זוך אן צו נעמן פר איתומה פון דוא צוויי קליינו מעשיות קענון מור זוך גונוג מוסר ארום נעמן ווי ערליך מען דרף צו זיין אז עס דרף ניט זיין קיין הילוק קיין שום מענש סייא אדינסט סיי אברידר סיי אפרעמדר מען זאל אלו גלייך לוב הבון אונ אוף אלו גלייך רחמנות הבון אונ נאר אונ דעם זכות וועלון מור גהלפין וערון:

אוך הט זוך דר צדיק גהיט ער זאל חלילה קיין שום מענש נוט מבייש זיין אין קיין שום מענש זאל דורך אום נוט פר שעמט וערון ער הט זיינו חסידים אזו גלערינט זיי זאלון גוט אונ שטיל בעלי ענוה שפלות רוח זיין עס האבן זיך ביי אום אונ שטיב צוויי מענטשען גקריגט אונ איינער אוז גוועון זייער אשלעכטער אזו זענון אלו מענשון צוא גגאנגון צו אום רעדון אוף דם שלעכטין דר צדיק ענפערט ביי מור זענן זיי ביידע גאר גלייך ווער קען זוך אריין לייגען צווישן צוויי צדיקים:

אמל אוז ער גפרון מוט אבעל עגלה אויף אברית מילה אום ווינטער אונ די קעלט אוז זייער גרוס גוועון. אונ ווי דר צדיק אוז אריין גגנגנצום ברית מילה אונ הט זוך פר זומט הט ער זוך דער מאנט אז דר בעל עגלה שטייט אוף דר קעלט אין ער ווערט גפרורון אזו אוז ער ארויס גגנגן צום בעל עגלה אונ זגט צו אום מיין קינד גיי אונ שטיב אריין אונ ווארום דוך אן ווייל עס אוז זייער קלט. דער בעל עגלה ענפרט אום אוך קען נושט די פרד מיט דם וואגון אליין לאזון מען זאל זיי נישט אוועק גנבנין דר צדיק ענפרט אום גיי אריין אביסל אונ ווארום דוך אז אין איך וועל דא שטיין אביסל אבטינג גבן אויף די פערד דר בעל עגלה וויל נישט בשום אופן ער זגט חלילה ווי קען אוך דם רבי לזן שטיין ביי די פערד דר צדיק אבר הט אום זייער מפציר גוועון אונ ער הט גשיקט דעם בעל עגלה אונ שטיב אריין זוך אן ווארימן דר בעל עגלה אז ער אוז אריין גגנגן הט ער גר פר געסין אז ער הט גלזט שטיין דם צדיק אוף דר קעלט אונ הט זוך גזומט אונ שטיב דר עולם אבער הט אן גהובו צו קלערין ווס זומט זוך דר רבי אזו לנג זיי הבן גמיינט אז ער אוז גגאנגן נקיות הבן זיי זענון גגאנגון אוף דר גאס ארום זעהן זיי דם צדיק שטיין ביי די פערד אוף די קעלט אין ער ציטרט פר קלט זיי פרעגון אום רבי ווס שטייט איר דא ער ענפרט זייא בתמימות אוך בון ארוס גגנגון אוך זאל דם בעל עגלה אריינשוקון אונ שטיב ער זאל זוך אביסל אן ווארימון אונ אוך בין גבליבן ביי די פערד אוך זאל אבטינג געבון מען זאל זיי נישט אוועק גנבנין אין דר בעל עגלה אוז נאך נישט ארום גקומן פון דר קליינו מעשה קען מען לערנין ווי וויט עס דארף צו זיין דם רחמנות פון איינום אוף דם אנדרין נישט מיט געלד אליין נאר מיט דעם גוף ווס מען קאן יענום אטובה טון מוז מען טון ובזכות זה וועלון מור בוודאי גהלפין וערין במהרה בימינו אמן:



בשרייבונג פון ר' יהושע בן חנניה ר' יהושע בן חנניה אוז גוועון פון די לווים ווס האבען גזינגון אונ ביהמ"ק ער אוז גוועון אגרוסער מאן. אבער ער האט זיינע קענטניסע נוט בעניצט צום לעבינס מיטעל. ער אוז אליין גוועון אבעל מלאכה

מעשה נפלא מהרב הקדוש האלהי מוה' ברוך ממעזיבוז נכד הר' הקדוש הבעש"ט ז"ל זכותם יגן עלינו ועל כי"א:

עס איז אמאל געוועזן איין עת צרה גדולה רחמנא לצלן אויף יודון איז דו גאנצי וועלט גלאפין צום היילינן צדיק רבי ר' ברוך ז"ל אונ מעזיבוז דעם בעש"ט ז"ל איין איינ יקל ער זאל השי"ת בעטון אז יודן זאלין גהאלפין ווערון אזו זאגט דער רבי ר' ברוך פארט אונ איין דארף אריין עס איז פון דאנין עטליכו מייל אונ זוכט אפ איינם וואס ער הייסט אזו אונ זיין פאטער הייסט אזו ער האט זיי אנגזאגט הזהר והזהר דעם מענש אפ צו זוכון ער האט אום גוט בצייכינט מען זאל אום קענון אפ זוכון אין ער האט זיי גזאגט נוט אפ צו טרעפין ביז ער זאל מוט זיין מול זאגון השי"ת זאל אפ טון דו בייזו צרה פון אייך:

די מענשן זענן אוועק גפארון פון דעם רבי ר' ברוך ז"ל האבן זיי ביי זוך גטראכט בלי ספק איז דער אגרויסר מאן אצדיק מפורסם אז דער רבי מוז ערשט צו אום שיקן ער זאל גוזר זיין מען זאל העלפין מן השמים נוא ווי זיי זענען גקומן אין שטאט אריין האבן זיי גפרעגט ווי זיצט דער צדיק וואס ער הייסט מוט זיין נאמן אזו אין קיינער האט נוט גוויסט וואס צו ענפרין מען האט זיי גזאגט אונ דער שטאט וואנט נוט קיין צדיק ער זאל אזו הייסון דו משולחים האבון זוך גווינדרט זיי האבן גוויסט אז זייער היילגער רבי ר' ברוך רעט נוט קיין שקר חס ושלום עס איז גוזים אמת זיי האבון נוט גוויסט וואס צו טון אזו זענן זיי גגנגן פרעגון אויף איין מענש מיט דעם נאמן אוב עס גפינט זוך אונ שטאט אין זיי האבן ריכטיג גפינגן איינום וואס ער האט זיי גזאגט אוך קען דעם דאזיגן מענש ער איז אגרויסר [illegible] צו וואס ניצט אייך דער שיכור ער ליגט שיכור בשטענדיג ער ווייסט ניט וואס עס טוט זוך מוט אום די משולחים זענן גגאנגון צום שיכור אהיים אונ האבן גפרעגט אוף אום אונ הבן דר ציילט אז דער היילוגר רבי ר' ברוך ז"ל האט גשיקט צו אום זיין ווייב ענפרט מיינו ליבו יודן וואס מכט עטץ מיך צום גלעכטר עטץ זעהט ער איז איין שיכור ער ליגט שיכור וואס האט דער היילוגר רבי צו אום צו שיקן דאס ווייב דער ציילט זיי זיין התנהגות אז ער איז גוועזן אגרויסר עושר אונ זייט ער האט זוך גנומון צום שיכרין איז ער גווארן זייער ארום אונ זיין שטייגר איז ווי ער שיכרת זיך אז ליגט ער זוך שלאפין אונ ווי ער חפט זוך אויף שיכרת ער ווידר ביז ער ליגט ווידר שיכור ער פירט שון אזו עטליכו חדשים אז עטץ דרפט מוט אום רעדון מוזט עטץ ווארטין ביז ער חאפט זיך אויף אונ דו רגע איידר ער טרינקט ווידר זאלט עטץ מוט אום רעדין ווארן אז עטץ וועט אוועק גיין דר ווייל וועט ער זיך נאך אמאל אן שיכרון אונ עטץ וועט ניט האבון מוט קיינם קיין ווארט צו רעדון:

די מענשין האבון זוך זייער גווינדרט אויף האבו זיי חוקר ודורש גוועזן אויף זיינו מנהגים פון לאנג איידר ער איז איין שיכור גווארן זיי האבן דרינטר נוט גהערט קיין שום דבר טוב אז זיי זאלן פר שטיין דער פון פר וואס ער קען פולון ישועות מן השמים נור אובר זיי דורך זייער גרוסו אמונה אן דעם רבי ר' ברוך ז"ל. האבן זיי אום גהיט זיי זאלן זעהן ער זאל זאגון די ווערטר וואס דער רבי ר' ברוך האט אן גזאגט זיי האבון זיך דר ווארט אונ דער שיכור האט זוך אוף גחפט אונ ווי ער האט זיך אוף גחפט האט ער גחפט איין פלאש ברונפין צו טרינקון האבון דו משולחים אים אן גחפט ביי דער האנד אונ האבין אים גזאגט אז דער צדיק ר' ברוך ז"ל האט צו אום גשיקט אז ער זאל זאגון דו ביטרו גזירה זאל אוף הערון פון יודן דער שיכור זאגט אוך ווער נאר צום ערשטין אביסל ברונפין טרינקין דו משולחים זאגון צו

אים

אים מור וועלון דוך נישט לאזין טרינקון ביז דו וועסט גוזר זיין אז מען זאל שיקן ד א ישועה מן השמים :

דר שיכור הט צו זיי גזגט הש"י מוט זיין גרוים רחמנות זאל אפ טון דו בייזו גזירה פון אייך אונ לאזט מוך רואון. זענון זיי תיכף צוריק גפרון קיין מעזבוז אונ זיי הבין בצייבינט דו שעה ווען דר שיכור הט ארום גזא.ט דו ווערטר האבון זיי גזעהן אונ דר זעלבי רגע ווי דר שיכור הט ארום גזגט זענון זיי גהלפין גווארון אזו אוז דם ביי זיי גוועון אפלא גדול זיי הבון נוט פר שטאנון וום דם אוז . זייא זענן גקומן צום היליגן רבי ר' ברוך ז"ל אין הבון אום גזגט רבי דו זאך אוז ביי אונז אפלא דר דזיגר אוז אשיכור גדול אין אגרוס־ בזוי מור הבן גפרעגט זיין התנהגות פון אצינד אונ פריר הבון מ ר ניט גפינן קיין דבר טוב. כמעט קען ער ניט דאווינון אונ ער דווינט נוט . צום סוף הבון מור גזעהון דו ווינדרליכו זאך אין אזו ווי ער הט ארום גזאגט אזו אוז גווארן וום אוז דם . דר היליגור רבי ר' ברוך זאגט צו זיי אוך וועל אייך דער ציילון דם כח פון אמצוה. דר מענש אוז גוועון אגרוסר סוחר ער הט גהט אגרום גוועלב מוט סחורה אונ אוז אשיינער מענש גוועון וואס מען זעהט נוט אזו גשווינד אמל אוז ער גקומן צו אגרוסו גרעפון זוא אוז גוועון איין אלמנה ווי זוא דט אום דר זעהן אוז ער אור גפעלין ווייל ער אוז זייער שיין גוועון. דו גרעפין זגט אים אוך וויל דוך נעמון פר אין מאן וום טוג דור דיין וייב . אוך בין אגרוסע גרעפין אלו מיינו שטעט אונ דערפער וועסטו הבון דו וועסט הבן כבוד פון פיל שרי מלוכה אונ דו וועסט נאך גרעסור זיין פון זיי דורך דיין גרוס חכמה . דער מענטש הט דר גרעפון צו גזאגט ער זאל זוא נעמין נאר בזה האופן זוא זאל צום ערשטין מאבין אגרוסו באל . זוא זאל צוא זאמין רופען פיל גרעפין אונ פירשטין כדי זייא זאלון אום קענין פר אגרוסן גראף דוא גרעפין זאגט אוך וועל אזו טאן . אונ זיי האבן בשלאסין איין טאג ווען דער באל וועט זיין זיי זאלען זיך ביידו מבין זיין אויף דם טאג בקיצור דער שיכור הט זוך מבין גוועון ער זאל נעמין דו גרעפין פר אווייב ווארון ער הט זייער גוואלט דעם כבוד המדומה רחמנא ליצלן . נוא עם טאג אוז ער גקומון צו דר גרעפין אונ הוף ארייון אונ עס אוז גוועז גרוסו שררות אויף דם באל די גרעפין מוט דעם שיכ ר מוט דו אלו שררות האבון זוך זייע אינטער גהלטין אגנצין טאג אונ אגנצי נאכט בוז עס אוז טאג גווארון אונ דער פ־י אוז ער ארום גגנגן אונ הוף אן קיקן אלדינג ווי אבעל הבית איבר זיינום אזו הט ער קרעכצין אונ זופצין פון מענשן גהערט אוז ער צו גגאנגון אונ ער הט זיי גפרעגט הבן זיי אים גזאגט זיי זענון יודען מען הט זייא אנגזעצט תפוס פר ארענדו פון דר ראנדו וום הבון נושט גהט צו געבון דר גרעפין אין זיי זוצין שון לאנג אונ דער תפיסה אין מען וויל זיי הרגינון בחנם דר מענש הט שטרק רחמנות בקומן אויף זיי אונ איז ארייון גלאפון צו דער גרעפין אונ הט איר גזגט אז אונ זייער טאג פון שמחה וויל ער נוט הערון קיין זיפצען אונ קרעכצין דאדורך זאל זוא ארום לזן דו אלו שבוים פריר אן געלד דו גרעפין זגט דיא קענסט טאן ווי איבער דיי וס ווייל אלים קער צו דור פון אצינד אן אזו הט ער גנומן פערד אונ וואגן אונ הט דוא שבוים אוף גזעצט אוף דו וועגון אונ הט זיי בשלום אהיים גישיקט אונ הט זיי מוט גגעבון צידה לדרך זיי זאלון הבון אוף אשמיעד . אונ דינים אוז ער גוועזן אגרוסר מקיל אונ הט זוך גוהוט נייע חומרות ארוף צוא לייגון אויף דעם פאלק נאך דעם חורבן הבית האבען זוך גיבילדית אביתה

דם וועג פון וואנִיט צו לעבן נוא ווי דער דזיגער הט גטון דו גרוסו מצוה פון פדיון שבוים אז ער הט מציל גוועזן יודישו קינדר פון טוט אזו הט אן גהובן דו מצוה אום צו בר עגין אוף דם הרץ ער הט זוך אן גהובן מיישב צו זיין ווס וועל איך דא טון אוך זאל מזנה זיין מוט אבת אל נכר איך זאל פאר פאלן ווערון אייביג אונ גיהנם חלילה איך וועל דם נוט טון אזא גרוסו עבירה ער הט גנומן אוואגין מוט פערד אונ אוז אנטלפין פון דרטין אונ ער אוז נישט נכשל גוורון אונ דר עבירה נוא ווי דר הט גטון צוויי אזעלכי גרוסו מעשים טובים ערשטינם דוא מצוה פון פדיון שבוים וואס ער הט באמת מציל גוועזן עטליכו יודישע נפשות פון דם טוט צווייטינם דו תשובה שלימה ווס ער הט גהט אוף דם זעלבון אורט מוט דר זעלבר אשה אז ער אוז חלילה נישט נכשל גוורן אזו הט מען גמכט אפסק ביים בית דין של מעלה אז ווס ער וועט פר לאנגן זאל מען אום הערון אונ מען זאל פלגין אלו זיינו גזירות. דעמולט אוז גוורין אגרוסער רעש אונ דר פמליא של מעלה אונ דר מדת הדין הט אוף אום מקטרג גוועזן דורך זיינו אובריגו הנהגות האט דם ב״ד של מעלה גפסקית אז ער זאל ווערון אשיכור כדי ער זאל נוט וויסון ווס מען דרף אוף דעם עולם מבטל צו זיין דו גזירות פון דם ב״ד של מעלה דר הייליגור רבי ר׳ ברוך ז״ל פורט אום אונ זגט זיי עס אוז באמת אסכנה גדולה מעז זאל גיין צוא אים ער זל מבטל זיין דו גזירות פון בית דין של מעלה חלילה נאר אבר דם אוז אצרה גדולה וואס רורט אן דם כללות ישראל איבר דם הב איך גימוזט שיקון צו אום פון דער מעשה קאן מען לערנין צו וויסון ווי גרוס עס אוז דר כח אפילו נאר פון אמצוה אז מעז קאן פולון אלדים גיטם השי״ מוט זיין גרוס רחמנות זאל העלפין מור זאלון קאנון טון מצות אונ מעשים טובים אמן :

### מעשה פון אמסור אבעל תשובה

מעשה אונ אשטאט אוז גוועזן אמסור ער פלעגט דוא גאנצי שטאט לייט אום רייסון ער אוז גוועזן אגרוסור השוב ביי דם פריץ פון דר שטאט נאר דער מסור פלעגט מורא הא ון צוא גיין אליין אונ שטאט ווארין ער הט נוט גיהט קיין גוטן פריינד דורך זיין מסורה הט אום דר פריץ גגעבן צוויי קאזאקן זיי זענון מוט אום תמיד גגאנגין ווי אהין ער פלעגט גיין . אמאל הט דר מסור גוואר גווארון פון אמסירה ער הט גוויסט אז ביי דם פריץ וועט זוא זיין זייער אן גנומן ער וועט אום גווים רייך מאכון פר דער מסירה הט ער תיכף אנגשפנט דו פערד אונ אוז גלפון צום פריץ אונ דוא קאזקן מוט ווי ער אוז אנגפרון אמייל אוז גווארון שפעט אונ צו דעם פריץ אוז נאך גוועזן אהלבו מייל צו פארון הט זוך דער מסור גשטעלט אונ קרעטשמו דאווינון מנחה נוא ער הט זוך גשטעלט שמונה עשרה אונ אוז גקומן צו סלח לנו אבינו כי חטאנו אוז אום איין גפלין אונ זון אריין ווס טוט זוך מוט אום ער פארט יודען מסירון וואס דער פריץ וו ט זייא גוים עוקר מן השורש זיין נוא מיט וואס פאר אפנים זאגט ער סלח לנו אבינו כי חטאנו דאס אוז טייטש פאר גוט אונז אונזרי זינד פאטער ווס מור האבן גזינדיגט ער פארט דאך ערשט זינדיגן בקיצור ער הט אן גהובן אריינקלערון גיט דרינן הט ער דר זעהן אז ער אוז גאנץ ווייט פר קראכון האט ער זייער גוויינט אונ הט אוף זוך מקבל גוועזן אז ער וועט שון מער נוט זאגון קיין מסירה קיין



אכתה פון פרומע מענשן וואס האבן גוואלט גוזר זיין מען זאל מער קיין פלייש גיט עסון אונ קיין וויין נוט טרינקין ווייל עס זענן בטל גווארון דו קרבנות אונ

מאל אונ הט אוף זוך גנומן אז דר פריץ
ג עט אום אפילו צו שניידן אוף שטיקליך
זאל ער איך נוט זאגן קיין שלעכט ווארט
אוף יודון אונ האט רעכט תשובה גטון
בשעת מעשה דר נאך הט ער גדווינט
גאנץ שמונה עשרה מוט גוויין נוא דוא
גוים זעהן ער שטייט אונ וויינט האבן זיי
גמיינט אז ער אוז שיכור זיי האבן גפרעגט
אין דר קרעטשמו הט מען זיי גזאגט אז
ער הט קיין ברונפין גטרונקן זיי האבון
אים גרופון ער הט זיי נוט געענפערט זייא
זעהן ער וויינט אונ קלגט האבן זיי גווארט
ביז ער אוז אויס גגאנגן שמונה עשרה
נאך דם זגן זיי צו אום ווס אוז דער אזונס
גוואררון ער ענפערט זיי מור טוט ווייי דר
קאפ איך וויל מוך אום קערון אהיים זגן
זיי גיין דו מוזט מוט אונז מוט פארון צום
פריץ דורט וועסטו זגן דיינו רייד ער הט
זיי גוולט עפים שענקין אמתנה אבר זיי
האבן בשום אופן נוט גוועלט זיי האבון אום
אפ גפירט צום פריץ . נוא ווי ער אוז
גקומן צום פריץ פרעגט אום דר פריץ ווס
הערט זוך נייעס זגט ער איך האב קיין נייעס
איך וויל ביי דור קופון ווייץ דו גוים זגן
אובר דם פריץ ער אוז מוט אונז ארום
גפארן הט ער אונז גזגט אז ער הט דור צו
זגון אסך נייעס אונ דר נאך הט ער זוך
גשטעלט דווינון אונ הט גקלגט אונ גוויינט
ער הט זוך גוועלט אום קערון אהיים זיי
האבון אום דר ציילט דו גנצי מעשה נוא
ווי דר פריץ הט דם גהערט אוז ער זייער
אין כעס גווארן ער הט אום גשלגן ער זל
זגן דם אמת ער הט אבר צו גנומן אלו
קלעפ ער זגט קיין ווארט נוט דר פריץ הט
גפריבט מוט גוטון אונ מוט בייזן דר יוד
הט אום אובור נוט גוועלט זאגן דר פריץ
הט אום גהייסן געבון פופציג שטעקון ער
הט דם אוך צו גנומן אונ הט פרט קיין
ווארט נוט גזגט נוא הייסט אום דר פריץ
ארום ווארפון אונ דו קאזקין ווס זענו מוט
אים גפרוהט ער זיי גהייסן בלייבן דא מען
הט דם יוד א ום גווארפין ער הט זוך קום
ארוף גזעצט אוף זיין וואגון אונ או גפארן
אהיים ער הט זוך גפרייט ווס ער אוז
אויס גשטנין ביי דם נסיון . נוא ער פרט
אפ אהלבו מייל הערט ער איעמרליך
גשריי אונ וואלד מען שרייט ראטעוועט
מיך אוז ער גפרון נאך דם קול נאך הט
ער דר זעהן אנקיטו יודינו שטייט אונ
שרייט מוט אלו כוחות ער פרג . זוא ווס
איז איך זוא זגט אום אוך בון גפרון מוט
מיין מאן אהער ווארן ביי אונז אונ דרף
איז נוט דא קיין מקוה בין אוך אהער ג רן
אין דם טייך טובל זיין האב אוך מוך אויס
גטון אופון שליטון אונ בון אריין גגנגן אונ
מקוה דר ווייל אוז אנטלופון דם פרד מוט
דם אן טאן אוז מיין מאן גלפין חפין דם
פערד דר נאך בון אוך אויך ארום גלפין
דר ווייל בין אוך פר בלנזיט גווארין אצינד
בין אוך שון דר פרורון נוא דר יוד נעמט
אין ווארפט ארפ דעם שאפון פעלץ אונ
טוט אן דר יודינו אונ זעצט זוא אוף זיין
וואגון אונ פורט זוא אפ גלייך צו אור
אהיים ער הט גוויסט דם וועג אונ דם
דארף אונ דער נאך אוז ער גפרון אפ
זיכון אור מאן אונ זגט אום אז זיין ווייב
איז שון אונ דר היים ער הט זוך דר פרייד
אין הט אום גדנקט. אונ זיי זענון זוך צו



נסוך היין . האט ר' יהושע גזאגט צוא זיי אויף דעם אופון טאר מען דאך קיין
ברוט איך נוט מער עסין ווייל עס זענין בטל גווארון דו מנהות מען טאר קיין
וואסער נוט טרינקין ווייל עס אוז בטל גווארן נסוך המים . נאר מען טאר נוט
גוזר זיין אגזרה אויף אצבור ווס דאס רוב צבור קען נוט אויס הלטון דו גזירה :
דער קייסער הדרינוס הט ערלובט דוא יודון זייא זאלון בואון דאס ביהמ"ק
אבר דוא שמ־ונים דוא אלטי פיינט פון דו יודון האבן זייא פר מיאסט ביי דעם

פרון אוטליכר צו זיין היים. נוא ווי דר בעל תשובה דר מסור איז גקומן אהיים איז ער בלד קרנק גווארון זייער שטרק אין שטאט האט קיינר ניט גוויסט וואס מיט אם הט זיך גטון נאר ווי מען הט דר הערט אז דער מסור איז קראנק איז גווארון אשמחה אין דר גאנצר שטאט ווארן דר מסור פלעגט זיי זייער שלעכץ טון דו שטאט לייט הבן גמיינט ער וועט שטרבין וועלין זיי אום אן טון בזיונות: נוא עס האט גדוערט ביז נאכט איז ער גשטרבין אבר דר רב פון דר שטאט איז גוועזן אגרוסר צדיק הט ער נוט גוועלט ליידין אז מע זאל הבון צו טון מיט דם מסור אונ הט גשיקט זאגון אין שטאט אז קיינר זל זיך נוט דר וועגין קיין שום זאך טון דם מסור. מען הט אום גמוזט פאלגין נאר צו דר לויה איז גגנגון דוא גאנצי שטאט אונ גדאנקט גאט וואס מען איז אום פטור גווארון: אויף מארגין איז גקומן דער מאן פון דער יודעני וואס דער מסור האט זוא גרעטיט אונ האט גפרעגט דעם רב אשאלה צוא מעג ער וואנון מיט זיין ווייב וייל זוא איז גוועזן ביי נאכט אליין מיט דעם מסור אונ ער איז אבהן הט ער מורא אוב דער מסור הט זוא נוט מאנס גוועזן ווארון ער איז גוועזן אחשוד אויף דוא אלו עבירות דר רב האט זיך גאר קיין עצה נוט גקענט געבון וואס צוא ענפרין האט ער גמאכט אשאלת חלום מכח דר אשה מען זאל אים ענפרי מן השמים צו איז זוא מותר לבעלה הט מען אום מן השמים געענפרט אז זוא איז מותר אונ מען הט אום גזגט אז פר דעם וואס ער הט תשובה גטאן ערינסט האט מען אום בשערט אמצוה פון פיקוח נפש נאר מען הט מורא גהט ער זאל נוט קאליו ווערון האט מען מקרב גוועז זיין פטירה ער איז אונ ג"ע:

הרב הקדוש הגאון הגדול המפורסם מוה' שנייאור זלמן פון לאדי ז"ל בעה"ח ספר תניא ושלחן ערוך. ער איז גוועזן אתלמיד מובהק באם רבי ר' בער ז"ל ווי דר רבי ר' בער איז גשטרבין איז ער גפרונלהרב הקדוש ר' מענדיל וויטפסקר ז"ל בתורת תלמיד. אונ ווי ר' מענדלע ז"ל איז גפרן קיין ארץ הקדושה איז ר' זלמן ז"ל מיט גפארון. נאר ווי זיי זענון גקומן קיין סטאמביל איז גקומן צוא ר' זלמן ז"ל אגרוסר קדוש פון דרטין וואס ער איז שון כמה שנים אויף דם עולם אמת גוועזן אונ הט צו אום גזגט אז ער זאל פרן אהיים אין זאל דרטין זיין ארב ער זל לערנון דו דרכי השם ב"ה מיט דו יודון אונ רוסלנד וייל עס איז אצינד גקומן דו צייט דפון אז ער וועט נוט וועלון וועט ער שטרבין ר' זלמן ז"ל הט דם דר ציילט זיין רבי ר' מענדעלע ז"ל אזו הט ער אום גבענשט אין גקריינט פר איין רב. אונ ער איז צוריק גפארון אונ דוא גאנצי וועלט איז גקומן צו אום הערין זיינו דרכי עבודה: אונ רוסלאנד אונ דר שטאט לאזנא הט גוואנט אגוויסר מאן ער האט גהייסין ר' ברוך איז אום אוף זיין עלטר צווייזין גבורון גווארון. הט ער איינום גרופן שנייאור זלמן. דם אנדרן יהודה לייב דו צווייא קונדר זענון אויף גוואקסין הט מען דר קענט וואס פר אטייערי קינדר דם זנין



קייסר הדריינוס דאס זייא וועלון מורד זיין אן אום. האט ער צוריק גנומען דעם דעקרעט זענון דוא יודון זייער אויף גיבראכט גווארון אונ האבן גוואלט מאכען ארע ועליצו. האט מען גישיקט צוא זייא ר' יהושע בן חנניה ער זאל זייא איין שטילון. האט ר' יהושע צוא זיי גזאגט איך וועל אייך זאגן אמשל אלייב האט אמאל צעריבון אבהמה אונ זוא אויף גפרעסון האט זיך אום גשטעלט אביין אונ האלז נוט ער האט גקענט ארפ שלינגען נוט אוים שפייען האט ער אוים גרופן

דָר שניאור זלמן הָט זיך אוים גְצַייכִינְט אִין לֶערְנִין אוּךְ אוּנ שַׁיינוּ חָכְמוֹת מֶער ווִי אַנְדְרִי קִינְדר אוּנ זַיין דור צוּ אַבְצִיוָאר הָט עֶר גְלֶערִינְט גַאנְץ ש״ס אוּנ מְפָרְשִׁים אִין פּוֹסְקִים אוּנ הָט זַיי גֶקֶענְט אוֹסְווייניג כִּמְעַט . דֶער צְווייטֶער אוּז אוּךְ גְווֶען אַגְרוֹסֶר לַמְדָן מוּפְלָג עֶר הָט מְחַבֵּר גְווֶען דָאס סֵפֶר שְׁאֵרִית יְהוּדָה אוֹיף הִלְכוֹת מְלִיחָה אוּנ אַקָרְצוּ צַייט אוּז דֶר פָאטֶר פוּן דִיא צְווייא טַייעֶרִי קִינְדר גְשְׁטָרְבִּין אוּנ זַיי זֶענִן אִיבֶּר גְבְּלִיבֶּן גַנְץ אָרוּמוּ יְתוֹמִים.נָאר דָם אָרִימְקַייט הָט זַיי ווייניג גְשַׁאט ווייל זַיי זֶע.ן גְווֶען אַרַיין גְלָפְּט אוּנ דֶר הֵיילִיגוּ תּוֹרָה הָבִּן זַיי ווייניג פוּן דֶר וָועלְט גְהַלְטִין יָא עֶסוּן. גִישְׁט עֶסוּן . נָאר עֶס אוּז צוּ שְׁפְּרֵייטוּגְוָרְן אוֹף דֶר וָועלְט דֶר שֵׁם פוּן הָרַב הַצַדִיק הַמַגִיד הַגָדוֹל מִמֶעזְרִיטְשׁ. אִין עֶס הָט זיך אוֹף דֶער וועלְט גְלָאסט הֶערִן ווענִן זַיין גְרוֹסוּ חָכְמָה אוּנ גְדוֹלָה הָט ר׳ שְׁנִיאוּר זלמן גְרוֹס הֵשֶׁק גְקְרִיגוּן צוּא אוּם צוּא פָארוּן אוּנ פוּן אוּם תּוֹרָה אִין חָכְמָה צוּ לֶערְנִין . אַר עֶס אוּז אוּם שְׁוֶוער אָן גְקוּמֶן ווייל עֶר אוּז גְווֶען ווייט פוּנאוּם אוּנְטֶר דֶר צַייט זאוּז אוּנ וִויטֶפְּסֶקר גוּבֶּרְנְיֶע גְווֶען אַגְרוֹסוּר עוֹשֶׁר הָט עֶר זיך מִיט אוּם מְשַׁדֵךְ גְווֶען אוּנ זַיינוּ וֶועגוּן אוּז נָאר גְוֶוען פַר קָאבִט אוּנ הֵיילִיקַייט צוּ לֶערְנִין טָאג אוּנ נַכְט דֶר סוֹף אוּז גְווֶען עֶר הָט אַלְץ גְלָפְט שְׁטֵיין אוּנ אוּז גְפָרִין קֵיין מֶעזְרִיטְשׁ צוּ דֶעם מַגִיד . אוּנ דָרְט הָט עֶר אַלְץ גְרִינְטְלִיךְ גְלֶערִינְט אוּנ הָט קוֹנֶה שְׁלֵמוּת גְווֶען . אַצִינְד וֶועלוּן מִיר דֶער צֵיילוּן וָוס עֶס הָט זיך גְטְרָפִין מִיט דֶעם הר׳ שנ״ז אוּנ מֶעזְרִיטְשׁ מִיר וֶועלִן דֶעם לֶעזוּר נוּשְׁט פוּל בַּמוּהָן מִיט אַלוּ זַאכוּן אוּנ מַעֲשִׂיוֹת פוּן דֶעם גְרוֹסוּן צַדִיק ז״ל דֶען עֶס אוּז נִישְׁט מֶעגְלִיךְ אַרוֹס צוּא שְׁרַייבּוּן נָאר מִיר בַּשְׁרַייבּוּן דוּ מַחֲלוֹקֶת וָואס עֶס אוּז אַרוֹס גְקוּמֶען צְווישׁוּן דוּא תַּלְמִידִים פוּן דוּ צְוויי גְרוֹסוּ צַדִיקִים הָרַב הַמַגִיד מִמֶעזְרִיטְשׁ.והרב הגאון ר׳ אליהו מִווילְנָא ז״ל עֶס הָבִּין זיך גְפִינָן שְׁלֶעכְטִי מֶענְשִׁין וָועלְכִי הָאבִּין פַר דֶעם ווילְנֶער גָאוֹן שְׁלֶעכְטְס גְרֶעט אוֹיף דוּ תַּלְמִידִים פוּן הָרַב הַמַגִיד ממעזריטש . אַז זַיא פִירוּן זיך נוּשְׁט בְּדֶרֶךְ הַתּוֹרָה הָאבֶּען אוֹיךְ פַאלְשֶׁע עֵדוּת גְבְּרֶענְגְט . אַזֶעלְכוּ מֶענְשִׁן וָוס הָבּוּן נוּשְׁט פַר שְׁטַנִין זַייעֶרִי הִתְנַהֲגוּת לוּט זַייעֶר קָארְצִין שֵׂכֶל זֶענִן גְקוּמוּן צְוויי מֶענְשׁוּן פוּן ווילְנָא אוּנ הָבֶּן דֶעם גָאוֹן גְזָאגְט אַז זַייא קוּמוּן הֶערְ.ט פוּן מעזריטש . אוּנ הָאבִּן דָארְט שַׁבָּת גְהַלְטִין אוּנ פְרַייטִיג צוּ נַכְ.ם הָבֶּן דָרְט גְטַנְצְט מַאנְם פַּרְשׁוּן אוּנ אַיין אִשָׁה אוּז גְשְׁטַנִין גֶעבּוּן דוּ טוּר אוּנ הָט צוּ גְזֶעהְן ווִי זַיי טַאנְצוּן אוּנ דֶר גָאוֹן הָט דָאס פוּן זַיי צוּא גְנוּמֶען אוּנ הָט עֶס פַר אַעֲבֵירָה גְהַלְטִין דֶר אֱמֶת אוּז אוּבֶּר אַזוּ גְווֶען דֶר רב הק׳ האבד״ק בארדיטשיב ז״ל הָאט דָאמ.וּ גְדַווִינְט מוּט נָאךְ רַבָּנָן אוּנ זַייעֶר סֵדֶר אוּז גְווֶען בַּיי דֶם דַווִינוּן צוּ טַנְצִין אִין צוּ שְׁפְּרִינְגוּן אוּנ דֶם בע״ש טָאכְטֶר אָדִיל הָט זַייעֶר לוּב גְהַאט צוּ זֶעהְן ווִי זַיי דַווִינוּן מוּט גְרוֹס התלהבות. אוּז זוּא תָּמִיד גְשְׁטַנִין בַּיי דוּא טִיהְר נָאר דוּא מַלְשִׁינִים הָבִּן נוּט פַר שְׁטַאנוּן אוּנ הָבֶּן עֶס בַּיי דָם גָאוֹן מַלְשִׁין גְווֶען אוּנ נָאךְ מֶער לִיגִינְט גְזָגְט אַזוּ לַאנְג בּוּז דֶר גָאוֹן הָט גְמַיינְט זַיי זֶענוּן פוּן רֶעכְטִין וֶועג אָפּ גֶקֶערְט פוּן דֶרֶךְ הַתּוֹרָה הָט עֶר אוֹף זַיי שְׁלֶעכְ.ין גְשְׁרִיבֶּן אַזוּ.ווִי עֶס גְפִינְט זיך אוּנ ספר מצרף העבודה אוּנ דֶער צַייט אוּז גְווֶען הרב הק׳ ר׳ לוי יצחק מברדיטשיב ז״ל רב אוּנ פינסק ווִי עֶר אוּז גְפָרִין קֵיין מֶעזְרִיטְשׁ הָט זיך דֶם מַחֲלוֹקֶת נָאךְ פַר שְׁטַרְקִירְט בּוּז מִיהָט ה״ר לוי יצחק אַרוֹס גְיָאגְט פוּן פִּינְסְק עֶר אוּז פְרִיר גְתְקַבֵּל גְווֶרוּן לק״ק זֶעלְחָאב אוּנ דֶער נָאךְ קֵיין ברדיטשוב אוּנ קֵיין פִּינְסְק הָט מֶען אוֹף גְנוּמֶן אַיין רַב אֲבִיגְדוֹר מָסוּר דֶער סוֹף

פון זיין מַעֲשֶׂה וָועט וַוייזען אַז עֶר איז
אַרְשָׁע גְוֶועֶן דֶען דֶר נָאךְ וִוי דֶר צַדִיק פון
מֶעזְרִיטְשׁ איז נִפְטַר גְוָוארוּן איז הרבּ ר׳
שְׁנֵייאוּר זלמן גנוּמֶען גְוָוארוּן פַּר
לַאזְנֶער רָב הָט עֶר צוּ זוּךְ צוּ גִיצוֹגֶען דִי
הֶערְצִיר פוּן זַיין פָאלק לְתוֹרָה וְלִתְפִלָּה
אִי הָט גֶעֶנְדֶירְט דֶם נוּסַח פוּן דִי תְּפִלָּה
דָם הָאט דֶעם גָאוֹנִם מֶענְשִׁין זֵייעֶר פַּאר
דְרָאסוּן דוּא מַחֲלוֹקֶת הָט זוּךְ גְשְׁטַרְקְט
עֶס איז גְקוּמֶען עֶטְלִיכֶע שַׁאֲלוֹת וֶועגְן אַדִין
הָט זֵיי דֶר גָאוֹן הרב מבּרדיטשוב כָּשֵׁר
גְמַכְט אוּנ דֶר אביגדור פינסקר רב הָט
זֵיי טְרֵיפָה גְמַאכְט אוּנ הָאט זַיינֶע רֵייד
גְשְׁרִיבֶּן צוּ הרב הגאון פוּן ווילנא עֶר הָט
אוֹבֶּר נוּט נַטִירְלוּךְ דִי שַׁאֲלָה גְשְׁרִיבֶּן
כְּדֵי עֶר זָאל זוּךְ גֶרֶעכְט מַכוּוָנִים דֶר גָאוֹן
הָט מַסְכִּים גְוֶועֶן צוּ זַיינֶע רֵייד דֶעמָאלְט
הָט דֶער אביגדור אוּם גְשְׁרִיבֶּן אוֹיף דִי
חֲסִידִים אַז זֵיי עֶסְן טְרֵיפוֹת אוּנ דִי חֲסִידִים
פוּן פּוּנְסק וּבִפְרַט הָרַב הק׳ ה״ר שלמה
מקרלין אוּנ זַיין תַּלְמִיד ר׳ אָשֵׁר מסטולין
אִין זֵייעֶרע מֶענְשִׁין זֵיי הָבִּן דֶם אביגדור
זֵייעֶר מְבַזֶה גְוֶועֶן וַוייל עֶר רֶעט שְׁלֶעכְטֶע
וָוערְטֶער אוֹיף גַנְץ פָּלְק אַזוֹ הָט זוּךְ דֶר
אביגדור גֶעקָם גְוֶועֶן אַזוֹ וִוי מוּר וֶועלְן
וַוייטֶער שְׁרַייבֶּן אוּנ דַדוּרְךְ הָט גְשְׁפְּרֶעצְט
דָם גַנְצֶע שְׁלָעכְץ וֶועלִיכֶם הָט דָם צַדִיק
הרב ר׳ שְׁנֵייאוּר זלמן גְטְרָפוּן. אֲבִיגְדוֹר
הנ״ל איז קֵיין ווילנא גְפָרְן אוֹיף צוּ וֶועקְן
דָם גַאנְצֶע פָאלְק הָט זֵיי אוֹיךְ גְוִויזֶען אֵיין
בְּרִיף וָוס הרב הק׳ הָט גְשְׁרִיבֶּן אוֹיף דֶם
אִיבֶּר דֶם הָט מֶען דֶם אביגדור גִגְלֵייבְּט
נָאר וִוי עֶר הָט דֶם בְּרִיף גְוִויזֶען הָבּוּן זוּךְ
צוּ אוּם פוּל מֶענְשִׁין גְזַמִילְט הָאבֶּן דֶם
אֲבִיגְדוֹר אַסַךְ גֶעלְד גֶעגֶעבּוּן עֶר זָאל קֵיין

פֶּעטֶרְסְבּוּרג פָּרְן דִי רַבָּנִים דָרְט מַלְשִׁין
זַיין. עֶס איז אוֹבֶּר אוּם וֶוייניג גְוֶועֶן עֶר
זָאל נָאר אוֹיף דִי רַבָּנִים אַלֵיין מַלְשִׁין זַיין
דְהַיְינוּ הָרַב מבּרדיטשוב אוּנ הרב ר׳
שניאור זלמן עֶר הָט גְוָולְט עוֹקֵר זַיין דִי
אַלֶע לַייט פוּן דוּא חֲסִידִים זֵייעֶר נָאמוּן
זָאל נוּט מֶער גֶדֶענְקְט וֶוערוּן דְרוּם איז
עֶר קֵיין פֶּעטֶרְסְבּוּרג גְפָרוּן אוּנ הָט אַגְרוֹסֶע
מְסִירָה פַּר דֶם קֵייזֶר פַּאוִויל אָן גְזָגְט אוֹיף
דִיא גְרוֹסֶע צַדִיקִים דְהַיְינוּ עַל הָרַב ר׳
שְׁנֵייאוּר זלמן אַז עֶר הָאט פַּאר זַאמִילְט
אַגְרוֹסֶע מַחֲנֶה פוּן יוּדֶן אוּנ הָט אֵיין הַנְדֶל
גְמַכְט מוּט שַׁלְקָה פַּטִירֶע מֶענְשִׁין גְנֶעמְט פוּן
זֵיי פוּל גֶעלְד אוּנ איז מְשַׁנֶה דֶם מִנְהָג פוּן
יִשְׂרָאֵל אוּנ עֶר איז אִיבֶּר זֵיי אָשֵׁר אוּנ
וִויל מוֹרֵד בְּמַלְכוּת זַיין אוּנ שׁוּקְט אוֹיךְ פוּל
גֶעלְד קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל עֶר וִויל זוּךְ
בְּוַודַאי בַּיי דֶם סוּלְטַן גְלוּבְּט מַאכוּן אוּנ
הָרַב מבּארדיטשוב . אוּנ הָרַב הק׳ ר׳
מרדכי מְלֶעכָווִיץ. אוּנ הרב הקדוש ר׳
אָשֵׁר מסטאלין. אוֹיף זֵיי הָט עֶר גְזָגְט דֶם
זֵיי וֶוענְמוּט הֶעלְפֶר להרב הנ״ל אוּנ אַלֶע
זַיינֶע שְׁטֶעט אוּנ זָאגֶן דְרָשׁוֹת פַּר דֶעם
קָהָל אוּנ זֵיי עֶנְדֶרִין דִי תְּפִלּוֹת יִשְׂרָאֵל
אִין נָאךְ אַנְדֶרֶע זַכֶּן אוּנ נָאךְ פוּל חֲסִידִים
דַאצוּ בַּצוֹגוּן . וִוי דֶר קֵייסֶר הָט דָם דֶר
הֶערְט הָט עֶר בַּיי זוּךְ גְטְרַכְט עֶר בְּרוּךְ
גִיט אַלֶע צוּ לָזְן נֶעמִין עֶס וֶועט גִינוּג זַיין
אֵיינוּם אוֹיךְ הָט עֶר נוּט גְוָולְט דִי וֶועלְט
אִיבֶּר שְׁרֶעקוּן הָאט עֶר אַבַּפֶעל גְגֶעבּוּן
צוּם שַׂר פוּן דֶר שְׁטָאט לָאזְנֶע דֶר רַב זָ״ל
תֵּיכֶף זוּךְ פַּר אוּם שְׁטֶעלוּן דֶען עֶר בְּרוּךְ
אִים נֵייטוּג דֶר גוּטֶער שַׂר הָט אוּם נוּשְׁט
גְוָולְט לָזְן נֶעמוּן מוּט גְוַואלְט דֶען עֶר הָט
דֶם רַב זֵייעֶר לוּבּ גְהַאט דְרוּם הָט דֶר

סיפורי אנשי שם

וֶוער עֶס וֶועט קֶענוּן דָעם בֵּיין פוּן דֶעם הַאלְז אַרוֹם גֶעמִין דֶר וֶועט גוּט בֶּעלוֹינְט
וֶוערוּן איז גוּקוּמֶן אַבַּאמְשַׁאן הָט אַרֵיין גְשְׁטֶעקְט דֶעם שְׁנָאבִּיל אוּנ הַאלְז פוּן דָם
לֵייבּ אוּנ הָט דָעם בֵּיין אַרוֹם גְנוּמֶען נָאךְ דֶם הָט דֶר בַּאטְשַׁאן פַּר לַנְגְט בֶּעלוֹינוּנג.
הָט דֶער לֵייבּ צוּ אוּם גְזָאגְט דוּא הָסְט שׁוֹן אַגְרוֹם בֶּעלוֹינוּנג אַז דוּא בִּיסְט גְוֶועֶן
אִין אַהַאלְז פוּן אַלֵייבּ אוּנ עֶר הָט דוּךְ נוּט אוֹיף גִיפְרֶעסוּן אַזוֹ זֶענוּן מוּר אוֹיךְ מוּר

קייסר בפולין דר רבי זאל קומין און ער
זאל מקבל זיין זיין חתומה וועט ער שון
ניט קענין מורד זיין ווי דר אביגדור האט
דם געהערט אוז ער זייער דר שרקין גוורין
ער האט גטראכט אז ער וועט אליין גוט
ווילוג קומין קע זיין ער מעט מוט ברענגן
עדות און זוך גרעכט מאכין און וועט
מקבל זיין אחתימה וועט ער גאר נוט
הבין פועל גווען האט ער זוך איין עצה
געגעבין און האט גבעטין דו יועצי המלך
אין האט זיי גזגט אז דר רב וועט בוודאי
אנטלופין און אפרעמד לנד אריין ווער
וועט אים דען ווערין געלד האט ער שון
גנוג אובר דם זאל מען נאך אים שוקין
אין אים ברענגין קיין פעטערסבורג גשלסין
איז קייטון הבין דו יועצי המלך צו גרעט
דעם קייזור דער צו און דר קייסור אוז
בשטאנין נאך אים איין בזינדר גרוסין
מאן צו שוקין און אים צו ברענגין גשלסין
אין קייטין דר אביגדור האט דעם שליח
גבעטין ער זאל דם רב פליצלינג פון זיין
היים אודר וויא ער וועט אים טרעפין
נעמין און זאל זוך און קיין יודישע שטאט
מוט אים נוט שטעלין כדי זיינו מענשין
זאלין נוט גיוואר ווערין נאר הקב"ה דר
גוט אכטינג אויף אלום און אוז דם צדיק
מציל פון כל הצרות . און זיינו היילוגו
חסידים זענין גוואר גווארין תיכף אז
אביגדור האט מלשין גווען דעם צדיק צום
קייסר אליין. און האבין דעם צדיק באלד
מודיע גווען און אום גראטין ער זאל
אנטלופין דר צדיק האט זוך אובר מיישב
גווען עס אוז נוט גלייך, עס אוז מור פול
גלייכור זוך צו שטעלין צום קייסר. אוך
האף צו השי"ת אז ער וועט מוך גרעכט
מאכין א ג זיינו א גון און אזו באלד אוך
וועל אוועק קען פון דעם אומגליק קומין
אויף דעם גאנצין כלל ח"ו אובר דם אוז
ער גיבליבין אוף זיין אורט און גהאפט
צו דו הילף פון השי"ת :

ויהי עס וואר דר שליח פון קייסר דוא
זאנגדרען זענין אן גקומי קיין לאזנע
הבין דו שטאט לייט פר שטנין אז וועגין
דם רב זענן זיי גקומען און הבן דעם רב
גלייך אידיעה געגעבין אז מען קומט נאך
אים און דר צדיק איז דענסמל גשטנין
אין טלית און אין תפילין דאך האט אום
השי"י געגעבין חן און דם עלצטינס אגון
ער האט זוך אוך אום מרחם גווען און האט
אוך מורא גהאט פר זוך אליין ער זאל
נוט דורך אום גשטראפט ווערין אזוי
באלד ער וועט אום מוט גוואלד נעמין
דרום איז ער צו אום גקומען און האט אום
גבעטין אז ער אוז גשיקט פון קייזר ער
זאל מוט אום קיין פעטערסבורג צום
קייזר פארן אוך זאל נוט דורך אום פון
קייזר בשטראפט ווערין אוך בון דאך
נאר אשליח אזוי אוז דער עלצטור און
וויטעפסק איבר גבליבון און מוט אום
האט ער איין אנדרין מוט גשיקט ער האט
אים גפירט בוז געוויל. עס אוז שון גווען
ערב שבת פר נכט און הבין אן גהובון
ווייטור צו פארון. אזוי האט זוך דר צדיק
מצער גווען ער זאל דארפין מחלל צוא
זיין שבת. אזוי ה... השי"ת אנס גטון און
דר וואגון אוז אריין און איין טאהל און
די רעדיר זענין צו ברכון גווארין עס האט
ב"ה קיינום נוט גשאט נר עס האט גדורט
ביז נאך שבת דם רעכט מכון נאך דם ווי
מען האט אום קיין פעטערסבורג גברענגט
האט מען אום דו אוגון פר בינדון און מוט
אים בוז צוויי שעה גפארון בוז מען האט
אים און אפעסטונג איין גזעצט אזוי האט
ער דארט צוא גברענגט דריי טאג און
דריי נעכט און האט נוט טועם גווען דם
מינדעסטו דר שר פון דו פעסטונג אוז
גווען איין גענעראל. אזוי האט דר צדיק
חן גיקריגון און זיינו אוגון און דער
גענעראל האט גזעהן אז ער עסט גאר
נוט מען האט אום אפילו נוט מער געגעבון
נור ברוט מוט וואסר אזוי אוז דר שר צוא
אים גקומען און האט אום מוט גוטע רייד

נעטרייסט

גְמֵרֵייסְט אוּנ הָט גְזָאגְט לְדָרַב מֶען וֶועט דִיךְ חָלִילָה נוּט אוּם בְּרֶענְגִין נָאר זָלְסְט דִיךְ פַּאר עֶנְפֶּרִין אוּנ פְרֶעגְט אוֹיךְ פַּר וָואס עֶר עֶסְט נִישְׁט דוּא ווייסְט דָאךְ אַז אַיין מְאַבֵּד עַצְמוֹ לָדַעַת הָט קֵיין עוֹלָם הַבָּא נוּשְׁט אִיז עֶנְפֶּרְט אִיהְם דֶער רב אִיךְ בּוּן שְׁלַאף אַזוֹ בּוּן אוֹיךְ נוּשְׁט אוּם שְׁטַאנְד צוּא עֶסוּן טְרֵיקוּן בְּרוֹ. מוּט וַואסֶער נָאר אַשְׁטִיקוּל פְלֵייש מֶעג אוֹיךְ עֶסוּן אוּנ ווִי בַּרָאמְט מֶען כָּשֵׁר פְלֵייש וֶוען אוֹיךְ זָאל אֲפִילוּ נִישְׁט הָאבּוּן עוֹלָם הַבָּא וִויל אוֹיךְ דָאךְ קֵיין טְרֵיפוֹת נוּשְׁט עֶסִין זָאגְט צוּ אוּם דֶר שַׂר אוּנ אַז דוּא בִּיסְט גְזִינְד וָואס אוּז דַיין סֵדֶר מוּט וָואס קֶענְסְט דוּא דוּךְ דֶר רְוִויקוּן הָט אוּם דֶער רב גְזָאגְט אוֹיךְ פְלֶעג מִיךְ צוּא דֶר קְוִויקוּן מוּט אַבִּיסֶל וְוישְׁנוּק אוֹדֶר רֶעטִיךְ אַיינְגִימַכְטְס זָאג'ט צוּ אוּם דֶר שַׂר אוּנ אַזוֹ בַּלְד אוֹיךְ וֶועל דוּר בְּרֶענְגִין דָם פוּן אַיי"ד וֶועסְטוּ מוּר גְלֵייבּוּן אוּנ עֶסִין עֶנְפֶּערְט אוּם דֶער רב אַזוֹ בַּאלְד דוּא אַלֵיין וֶעסְט עֶס נֶעמוּן פוּן דֶעם יוּדְם הַאנְד אוּנ וֶועסְט נָאר אוּנ זוּנָען הָאבֶּן פוּן מַיינוּט וֶועגוּן אוּנ קֵיין אַנְדֶרוּן נוּשְׁט אִיבֶּער גֶעבּוּן וֶועל אוֹיךְ גְוִויס עֶסִין דָא אִיז דֶ' שַׂר גַנְץ צוּ פְרִידֶן גְוֶועֶן אוּנ הָט תֵיכֶף גְלֶסְט אַיין שְׁפַּנִין זַיין קַארְטוּ אוּנ אִיז גְפָארוּן לְהַגְבִיר ר' מרדכי מֶלֶעפְּלוּ וָואס עֶר אוּז דֶענְסְטְמָאלְט גְוֶועֶן אוּנ פֶּעטֶערְסְבּוּרְג . אוּנ הָט צוּ אוּם גְזָאגְט אִיךְ בַּפֶעל דוּר אוּנ אַיין קְלֵיינוּ שָׁעָה פַּרְטִיג צוּ מַכִין רֶעטִיךְ אַיין גְמַאכְטְס אוּנ אַנֵייעֶ כֵּלִי אַרַיין אִינ דֶר ר' מרדכי הנ"ל הָט אוּם גְקֶענְט דֶען עֶר וַואר דֶר גֶענֶרַאל פוּן טֵיינֶע סָאוְוייֶט עֶר הָט נוּט גְוִויסְט פַּר וֶועמְין עֶס אוּז דֶען פַּר דָם רֶבִּים וֶועגְן הָט עֶר דוּךְ נוּט גְהֶערְט וַוייל מֶען הָט גְמֵיינְט מֶען הָט אוּם אוּהְדֵם יַם פַּר שִׁיקְט אַזוֹ הָט דֶר ר' מרדכי הנ"ל אַלְץ פַּרְטִיג גְמַאכְט אַזוֹ הָאט אוּם דֶער שַׂר הנ"ל אַלֵיין דָאס גְבְּרֶענְגְט אוּנ עֶר הָט גְגֶעסוּן ווִי דֶר שַׂר

הָט גְזֶעהְן עֶר עֶסְט אוּנ וֶוערְט דֶר קְוִויקְט הָאט עֶר זוּךְ זֵייעֶר מְשַׂמֵּחַ גְוֶועֶן אוּנ עֶטְלִיכוּ טֶעג אוּז אוּם דָאס אַיין גְמַכְטְס שׁוֹין אוּיס גְגַאנְגִן אַזוֹ הָאט אוּם דֶר שַׂר ווִידֶער גִיבְּרֶענְגְט פוּן ר' מרדכי הנ"ל אַטֶעפֶּלוּ אַיין גְמַאכִץ דֶר צַדִּיק הָאט אָן גִיקְלֶעבְּט אַקְוְויטוּל מוּט דוּ וֶוערְטֶר לֵיב מִיאנְעווִיטש זָאל תֵּיכֶף פָּארִן קֵיין ווִילְנָא אִין וַוייל דָם אַלְץ אוּז גְוֶוען גְשְׁרִיבּוּ אוֹיף אַקְוִוי־ טוּל אָן גְקְלֶעפְּט אוּנְטֶרִין שְׁטֶרְצִיל הָט דֶר שַׂר דֶר פוּן נוּט גְוִוסְט עֶר הָט דָם מוֹרָא גְהַאט אֲפִילוּ גוּט אָן צוּא רוּרוּן ווִי דֶר ר' מרדכי הנ"ל הָט דֶער זֶעהְן דָם קְוִויטוּל אוּנ עֶר אוּז אוֹיךְ גְוֶועֶן פוּן זַיינוּ מֶענְשִׁין הָט עֶר פַּר שְׁטַנוּן אוּנ הָט נָאךְ גְזוּכְט אוּנ דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט אוּנ עֶס גְפִינְט זוּךְ אַזוֹ אַיינֶר אַנְפַאנְגְס הָט עֶר גְטְרַכְט אַז עֶר מֵיינְט זַיין בְּרִידֶר הרב ר' לֵיב בעל המחבר ספר שְׁאֵרִית יְהוּדָה דֶר אוּז אוּבֶּער שׁוֹין נוּט גְוֶועֶן אוּנ פ"ב אוּנ דָם קְוִויטוּל אוּז אוּבֶּר גְשְׁטַנְן תֵּיכֶף אַזוֹ הָט עֶר אָן גְהוֹיבּוּן אוּנ שְׁטָאט נָאךְ צוּ זוּכֶן אַזוֹ הָט מֶען פַּר דֶם ר' מרדכן גְבְּרֶענְגְט אֵיין גְמֵיינוּם מַאן מכת החסידים עַ־ הָט גְהֵייסוּן ר' לֵיב מִיאנְעווִיטש הָט עֶר חוֹקֵר וְדוֹרֵשׁ גְוֶועֶן אוּב עֶר אוּז גְוֶועֶן אוּנ ווִילְנָא אַזוֹ אוּז מֶען גְוָואר גְוָוארוּן אַז עֶר אוּז דֶם גַאנְצְן אַיין שְׁוֶועסְטֶרְם אַזוּן הָבֶּן זֵיי פַּר שְׁוַגִין אַז דָם אוּז עֶר וָוס דֶר רַב מֵיינְט אַזוֹ הָאבּוּן זֵיי אוּם גְגֶעבּוּן צְוֵויי טוּזוּנְט רוּבּוּל עֶר זָאל צִיהְן קֵיין ווִילְנָא אוּנ אוּם אוֹיךְ אָן גְזָגְט אַז דָם אוֹרְט אוּנ דוּ צַייט וֶועט אוּם שׁוֹין לֶערְנְן וָוס דוֹרְט צוּ טוּן דֶען זֵיי הָבּוּן נוּט פַּר שְׁטַנוּן דוּ כַּוָּונָה פוּן דָרַב הַקָּדוֹשׁ וָוס עֶר הֵייסְט פָּארוּן קֵיין ווִילְנָא אַזוֹ הָט דֶר מֶענְשׁ דָם גֶעלְט צוּ גְנוּמֶען אִין אִיז קֵיין ווִילְנָא גְפָארוּן. אוּנְטֶר דוּ צַייט בּוּז ר' לֵיב א ז קֵיין ווִילְנָא גְפָרוּן בּוּז עֶר וֶועט אַהִין קוּמֶן וֶועלוּן מוּר זוּךְ דֶר וַוייל צוּרִיק קֶערוּן צוּ דֶר צֵיילוּן ווִי דָא הָט זוּךְ פַּאסִירְט מוּט דֶם רַב אוּנ טֵיינֶע סָאוְוייֶט

בלד ווי מען הט נאר דעם רב הקדוש נפאנגן גנומי' אוז גלייך זיין היילינגער תלמיד רבי אהרן ז"ל גפארון געלד צו זאמין גנומון אונ יעדין אורט ווי ער איז ג[…] ומן הט ער גוזר גוועזאן די יונגי חסידים פון דעם רבין זאלון געבון פון זייער נדן ניינצין פראצענט אונ מוט נאך אנדרי נדבות דט ער צוא זאמין גנומן לעך פערציג טויזנט רובול אלו האבון אום גפלגט ווארון […]יר איז גוועזן בוז דרייסיג יאר ביים רב הקדוש דער גאנצר עבד נאמן דם געלד הבוזיי גגעבוליד הגביר ר' מרדכי הנ"ל ווי זיי זענן גווארן אז דר רב הקדוש זיצט אונ דם פעסטונג הבן זיי גיפולט דורמין אז איינער זאל קענון צו אום אלו טאג ארייון קומון אונ זיי האבון ביחר גוועזן החסיד המפורסים ר' שאול מסיראטשינא ער הט אום אלו טאג עסין גברענגט אונ אלץ ווס ער הט גברוכט דער נאך האט מען פון אום פר[…] יקאליז אפ גנומן יעדים מאל הבונדו שרי מלוכה אין אנדרין יענראל גשיקט […]ון אום צ[…] נעמין איין פרטיקאל מען הט אים גפרעגט פר ווס הט ער גמכט אונ די תפלות אנגדרינוסח פר ווס ער נעמט צו זמין ארץ ישראל געלד אונ פר וו[…] עס פ[…]ון צו אום אזו . ויל מענשן פון אלו ערטר הט ער יעדים מאל אוף אלום מוט גרוס חכמה גענפרט [.]מל איז צו [..]וס דער קייסר [.]ליין גקומן פרטיקאל צו נעמין אי[.] ער הט דם קייסר קיין מאל פר זיינו אוגין נוט גזעהן דאך הט דר רב הקדוש תיכף זיך גמערקט אז דם איז דר קייזר [.]לבסט הט דר רב אום גרוס כבוד אן גטון ווי צו אקייזור צו קומט אונ הט אום בלד גרופן [..]דוני קייזר אזו הט אום דר קי[.]זר אן גשריגון . אונ זאגט איך בון נישט דער קייזור ווי אזו קענסטו מור אזא

כבוד געבון אזו הט אום דר רב גענפרט ווי דוא ביסט ארייון גקומן איז אויף מור איין גרוסור פחד גפלין הב איך בלד פר שט[.]נין אז דו ביסט דר קייזור אזו הט דער קייזור אום גפריבט אונ אלו שבע חכמות אונ הט גזעהן אז ער איז אונ אלום איין גרוסור חכם איין מאל הט מען עס גזעצט אונ איין פינסטר אורט ארייון דר טאג וואר דארט ווי דוא נכט נאר איין לעכט הט שטענדיג גיברענט איין מל קומט צו אום א[.]יין איין מיניסטר אי[.] פ[.]רעגט אום קענסטו וויסון אן איין זייגירול ווי פול שעה עס איז פון נכט ביז אצינד הט דער רב גענפרט דעם מיניסטר אויך ווייס גנגוט עס איז אצינד צוויי נאך מיטאג אונ נאך מוט צוואנציג מיניטען עס איז אצינד נישט נאכט איין מאל הט מען אום גרופי צום סאנד אופון פר הער אונ דר שטיב ווי דר סאנ[.] איז גזעס[.]ן איז גוועזן גמכט אבע[.]עט עס קער הייסון אשווינדיל ברעט אז דר תפוס הט דרויף גטרעטון איז ער ארייון גפלון אונ גבליבן שטיין אונ דו העלפט איין גשלסן אובון הט מען מוט אום גרעט אונ היינטן הט מען אום גשלגון ער זאל מודה זיין הבן זיי גוולט אז דר רב זאל אויך ארייון פלין אזו ווען זיי אביסול פון אום שפטין ווי ער איז ארייי גקומן גייט ער גלייך אן דר זייט רעכטס אונ הט גמיטון דם ברעט בוז ער איז צום טוש צ[.] גקומן ווי דר סאנד איז געסון [.]יי וויגדרון זיך אונ פרעגין פר ווס ער איז נושט גלייך גגנגן נאר פון דר זייט הט זיי דר רב ה[.]דוש גענפ[.]ט אונזר[.]ו חכמים ה[.]ון גזאגט (כל פינות שאתה פונה לא תהא אלא לימין) אלו דיינו וועגון ווי דוא גייסט זאלון נאר זיין רעכטס. ווען נושט קענסטו ארייון פלון אונ אנעץ פרעגו זייא אום ווידר



ד[.]רפין גאט צוא דאנקין אז מען לאזט אונז לעבון ; וויא שיין זיין גייסט איז גוועזן אונ תורה אונ אין חכמה אזו מואום איז גוועזן גזוכט דעם קייזרס טאכטר

